סט. מייזנער

# דער קעניג פון די שוועבעלעך

## (איוואר קרויגער)




פ אַ ר ל אַ ג „ ג ר אָ ש ן · ב י ב ל י אָ ט ע ק"

וואַרשע 1932

איוואַר קרויגער איז געווען די פאַרקערפּערונג פון מאָ־דערנעם קאַפּיטאַליזם און דעריבער איז זיין זעלבסטמאָרד אַזוי סימבאָליש פאַר אונזער צייט... דער דאָזיקער מענטש האָט געהערשט איבער רעגירונגען און מלוכות. „מיניסטאָרן פלעגן פאַר אים וויינען״, דערציילט דער רוסישער שרייבער ערענבורג. די רעגירונגען פון אייראָפּע, — און נישט בלויז פון אייראָפּע, — פלעגן אויסשטרעקן די הענט צו דעם בלאָנדן שוועד מיט די קאַלטע, אַביסל אומעטיקע אויגן און בעטן הילף. און קרויגער פלעגט העלפן, העלפן — פאַר אַ טייערן פּרייז.

און אַט איז קרויגער טויט. דער מעכטיקער, קאַפּיטאַ־ליסטישער ריז האָט זיך אַליין אָנגעטון אַ שטריק אויפן האַלז און געזאָגט: גענוג! אַ קנאַל פון אַ רעוואָלווער — און דער ריז ליגט אַ טויטער.

וואָס איז געווען די סבה פון זיין טויט? אין פלוג דוכט זיך, אַז דער דאָזיקער זעלבסטמאָרד איז אַ רעטעניש. אַ מענטש, וועלכער באָדט זיך אין מיליאָנען, וועלכער רעגירט איבער רע־גירונגען, וועלכער האָט די מעגלעכקייט צו געניסן פון לעבן מיט דער פולער האַנט, — ווי קומט אַזאַ מענטש צו זאָגן דעם לעבן אַ „זיי געזונט״?

ווען מען באַקענט זיך אָבער מיט די פּרטים פון דעם דאָ־זיקן מענטשנס לעבן ווערט קלאָר, פאַרוואָס קרויגער האָט גע־ענדיקט מיט זעלבסטמאָרד. קרויגערס לעבן איז ביז איצט גע־ווען אַרומגעהילט מיט אַ שלייער פון געהיימניספולקייט. וועגן קרויגערן זענען אַרומגעגאַנגען פאַרשידענע לעגענדעס ווי אַזוי

דער דאָזיקער שוועד איז אַרויפגעשטיגן אויף דער הויכער לייטער פון דער מאַכט — וועגן דעם האָבן געוואוסט בלויז יחידים, די גאָר נאָענטסטע פון קרויגערס סביבה, אויב קרויגער האָט בכלל געהאַט נאָענטע פריינט אין זיין לעבן. די עפנטלעכקייט האָט כמעט גאָרנישט געוואוסט וועגן דעם אינטימען און פריוואַטן לעבן פון איוואַר קרויגער, זייער ווייניק אַגוגג געהאַט וועגן דעם דעראָבערונגס־מאַרש פון דעם גרעסטן קאַפּיטאַליסטישן לויתן פון אונזער צייט.

ערשט איצט נאָך זיין אייגנוויליקן טויט, האָט זיך דער שלייער פון געהיימניספולקייט גענומען אויפדעקן. מיר האָבן איצט אַ מעגלעכקייט אַריינצוגליקן אין דעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן לעבן, וואָס האָט געהייסן איוואַר קרויגער.

## דער טויגעניכטס

דאָס קליינע, פאַרוואָרפענע שוועדישע שטעטל קאַלמאַר, האָט געלעבט פון שוועבעלעך. כמעט יעדער איינוואוינער האָט דאָרט מיט פופציק יאָר צוריק געהאַט אַ קליין פאַבריקל פון שוועבעלעך. די דאָזיקע קליינע שוועבעלעך־פאַבריקלעך זענען געווען צוזייט און צושפּרייט איבער גאַנץ שוועדן, ס'איז געווען, אַזוי צו זאָגן, די נאַציאָנאַלע אינדוסטריע פון לאַנד. אָבער דאָס שטעטל קאַלמאַר האָט מער פון אַלע קאָנצענטרירט ביי זיך די שוועבעלעך־פאַבריקאַציע, דאָס קליינע שטעטל איז געשטאַנען כמעט אויפן ערשטן אָרט פון אויסאַרבעטן שוועבעלעך.

די פאַמיליע קרויגער, וואָס האָט געוואוינט אין קאַלמאַר, האָט אויך געהאַט אַ שוועבעלעך־פאַבריק, אָבער זייער אַ קליינע, די קלענסטע אין קאַלמאַר. אין דעם דאָזיקן פאַבריקל זענען סך־הכל געווען באַשעפטיקט עטלעכע אַרבעטער.

ביי דער דאָזיקער נישט רייכער פאַמיליע איז אין יאָר

1880 געבוירן געוואָרן דער איצטיקער זעלבסטמערדער־מיל־יאָנער, איוואר קרויגער.

דאָס קינד האָט באַלד ביי זיין קומען אויף דער וועלט געהאַט צו טון מיט שוועבעלעך. אָבער די דאָזיקע שוועבעלעך זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין אָן אָרעם, קליין פאַבריקל. דער אייגנטימער פון דעם דאָזיקן פאַבריקל, איוואַרס פאָטער, האָט געמוזט לעבן זייער באַשיידן, כדי צו קאָנען דורכקומען מיט זיין פאַמיליע. די געשעפטן פלעגן אָפטמאָל גיין אַזוי שלעכט, אַז מ׳פלעגט אַ גאַנצע וואָך נישט עסן קיין פליש, נאָר בלויז זופּטיק. צוליב דער גרויסער צאָל קליינע פאַבריקלעך איז די קאָנקורענץ געווען זייער גרויס און דאָס שוועבעלעך־פאַבריקל פון די קרויגערס האָט קוים געזשיפּעט. ליקווידירן עס און נעמען זיך צו אָן אַנדער פרנסה האָט דער אַלטער קרויגער נישט געוואָלט. ער האָט ליב געהאַט דאָס פאַך און חוץ דעם האָט ער דאָך דאָס פאַבריקל געירשנט פון זיין פאָ־טער, איוואַרס זיידע.

נישט געקוקט אויף דעם שווערן לעבן, האָבן די קרויגערס זיך געלאָזט קאָסטן אַ סך געלט, כדי צו געבן בילדונג דעם קליינעם איוואַר. דאָס קינד איז געווען אַ שוואַכס און האָט גע־האַט אַ מאָדנע טבע: ס׳האָט געשוויגן. זעלטן ווען דאָס דאָ־זיקע קינד פלעגט אויסרעדן אַ וואָרט. אין שטוב ביי די עלטערן פלעגט איוואר אַ שווייגנדיקער זיך שפּילן מיט די ליידיקע שאַכטלען פון שוועבעלעך און אין שול פלעגט ער טון אַ זאַך, פאַר וועלכער אַלע שילער זענען אים שטענדיק דאַנקבאַר גע־ווען: ער פלעגט אונטערזאָגן יענעם, וואָס האָט נישט געקענט די לעקציעס. דער לערער פלעגט אים דערפאַר שטענדיק באַ־שטראָפן, אָבער ס׳האָט נישט געהאָלפן. איוואַר פלעגט ווײַ־טער טון דאָס זייניקע: אוועקגעזעצט זיך נעבן די שילער, וואָס האָבן שוואַך געקענט די לעקציעס און שטילערהייט אונטערגע־זאָגט.

כדי די לערער זאָלן אים נישט שטענדיק כאַפּן ביי דער האַנט, האָט איוואַר געשאַפּן אין דער שול אַן אָרגאַניזאַציע פון „אונטערזאָגער". דאָס איז געווען קרויגערס ערשטער „סינ־דיקאַט". אַן אַ סך רייד, אָן גערויש האָט דאָס שוואַכע יונגל מיט די קאַלטע אויגן איינגעפירט אין דער שול אַ מאָדערנע אַרבעטס־פאַרטיילונג. איין תלמיד האָט צוגעגרייט די לעקציע פון שוועדיש, אַ צווייטער האָט געמאַכט די אַריטמעטישע אויפ־גאַבן, אַ דריטער האָט אויסגעלערנט די לעקציע פון געשיכטע, דערנאָך האָט מען אינפאָרמירט וועגן דעם אַלע ווייניקער פעיקע תלמידים פון קלאַס.

אַ דאַנק קרויגערס אָרגאַניזאַציע פון „אונטערזאָגערס" האָבן אין קלאַס אַלע גוט געקענט די לעקציע. די לערער האָבן זיך געוואונדערט, געפרווט פאָרשן, אָבער די געהיימע אָרגאַ־ניזאַציע פון די „אונטערזאָגערס" איז שווער געווען צו אַנט־דעקן... מ'האָט געוואוסט, אַז דער שווייגנדיקער, שוואַכער קרויגער איז דער אָרגאַניזאַטאָר פון דעם „תלמידים־סינדי־קאַט". די לערער האָבן אים דערפאַר פיינט באַקומען און זיך אויסגעדריקט וועגן אים נישט אַנדערש, ווי „טויגעניכטס".

— ער טויג צו גאָרנישט, נאָר בלויז צום אונטערזאָגן, — פלעגן זיי זיך אויסדריקן, — פון אים וועט שוין קיין לייט נישט זיין. אַ פוילער, שטענדיק אַ פאַרשלאָפענער און שווייגנ־דיקער — וואָס קאָן אַרויסקומען פון אים? נישט מער ווי אַ טויגעניכטס, אַ שלימזל...

אויך צו קרויגערס עלטערן זענען דערגאַנגען די מיינונגען פון די לערער. איוואַרס פאָטער האָט איינמאָל געפרעגט אי־וואַרן:

— דו הערסט, מיין זון, וואָס די לערער זאָגן וועגן דיר? שיין נחת פאַרשאַפסטו מיר! קיין אַנדער נאָמען, ווי טויגע־ניכטס און שלימזל האָבן זיי נישט פאַר דיר. וואָס וועט זיין?

— פון וואַנען קאָן איך וויסן, וואָס עס וועט זיין? — האָט איוואַר בתמימות געענטפערט.

— דאָס קאָנסטו טאַקי נישט וויסן, אָבער דו דאַרפסט זיך באַמיען, אַז דו זאָלסט אַרויסוואַקסן אַ לייט. פון קיין טוי־געניכטסן און שלימזלען קאָנען קיין פעיקע מענטשן נישט אַרויסקומען.

— איך בין נישט קיין טויגעניכטס, די לערער זענען טוי־געניכטסן, — האָט איוואַר בייז אַ זאָג געטון און געבליבן זיצן אַ שווייגנדיקער, נישט ענטפערנדיק דעם פאָטער קיין וואָרט.

אַלס יונגל האָט איוואַר געהאַט אַ ליידנשאַפט צו זאַמלען פּאָסט־מאַרקעס. פלעגט ער פּאַקן אַ פּאָסט־מאַרקע פון אַ לאַנד, וועגן וועלכן ער האָט נאָך נישט געהערט, איז זיין שמחה געווען אויסערגעוויינלעך. אַפּטמאָל האָט זיך אים געדוכט, אַז ער זאַמלט צונויף אין זיין טאַש — לענדער... אַ דאַנק די פּאָסט־מאַרקעס האָט ער זיך אָנגעהויבן שטאַרק צו אינטערעסירן מיט די באַזונדערע לענדער פון דער וועלט. אַ פּאָסט־מאַרקע פון אַ לאַנד מיט אַ גרויסער באַפעלקערונג איז ביי אים געווען זייער חשוב, ווי ער וואָלט שוין דאַמאָלס געבויט פּלענער וועגן אַפּזאַץ־מערק פאַר זיינע שוועבעלעך.

באַקומענדיק איינמאָל אַ פּאָסט־מאַרקע פון יאַפּאַן, האָט ער זיך נישט אַזויפיל דערפרייט מיט דער מאַרקע, ווי מיט דער ידיעה, אַז יאַפּאַן ציילט אַכציק מיליאָן נפשות.

— זענען דאָרט פאַראַן אַזויפיל מענטשן? — האָט זיך איוואַר נישט געקאָנט אָפּוואונדערן.

לענדער מיט אַ סך מענטשן — אַט וועגן דעם האָט שוין געטראַכט דאָס יונגל קרויגער.

ווען קרויגער האָט צו זעכצן יאָר געענדיקט די שול אין קאַלמאַר, האָט ער שוין געהאַט אַ גרויסע קאָלעקציע פון פּאָסט־מאַרקעס פון אַלע לענדער. ער האָט די דאָזיקע אַלע לענדער פאַרנפּעלטיק געטראָגן אין טאַש. מיט יאָרן שפּעטער האָט

ער אויך געטראָגן אין טאַש די... אינטערעסן פון 40 מליגבות פון אייראָפּע און אַמעריקע...

דערווייל איז ער אָבער אָנגעגאַנגען פאַר אַ טויגעניכטס.

# אַ סטודענט, וואָס לערנט זיך צו ווערן מיליאָנער

אין 1896 איז איוואַר קרויגער אויסגעפאַלן קיין שטאָק־האָלם און אַריינגעטרעטן אין דער פּראַקטישער טעכנישער שול.

פאַר זיין אויסבילדונג האָבן די עלטערן געהאַט אַ לאַנגן ישוב־הדעת, צו וואָס פאַר אַ קאַריערע זיין זאָלן צוגרייטן זייער זון. מ׳האָט אויך געשמועסט מיט איוואַרן אַליין. דער פאָטער האָט געהאַלטן, אַז איוואַר וואָלט זיך אמבעסטן געטויגט פאַר אַ פּאַסטאָר.

— ער האָט נישט קיין איניציאַטיוו, קיין שום אונטערנע־מונגס־גייסט, — האָט דער פאָטער געטענהט, — אַלס דאָק־טאָר, אַדוואָקאַט, אָדער אינזשעניער וועט ער זיך אין לעבן קיין עצה נישט קאָנען געבן. דערצו איז ער נאָך אַ שוואַכער און שווייגנדיקער. אַלס פּאַסטאָר וואָלט ער זיך זייער גוט גע־פילט און סיי מיר און סיי ער וואָלטן צופרידן געווען.

די מוטער האָט אָבער דערפון נישט געוואָלט הערן. אַ פּאַסטאָר? דאָס וועט זיין איוואַרס קאַריערע? ניין, זי וויל, אַז איר זון זאָל זיין אַן אַדוואָקאַט, דאָס איז די בעסטע קאַריערע.

— אָבער ער איז דאָך אַ שווייגער, — האָט דער פאָטער געפּרוּווט איבערצייגן.

— ער וועט שוין רעדן, דאַמאָלס וועט ער שוין מוזן רעדן, — האָט די מוטער זיך געהאַלטן פעסט ביי איר מיי־נונג, — אונזער איוואַר מוז נאָך ווערן אַ באַרימטער אַדוואָ־קאַט.

איוואַר האָט אָבער אויך גענומען אַ וואָרט און דערקלערט זיינע עלטערן, אַז ער טראַכט שוין לאַנג וועגן דער קאַריערע פון אַן אינזשעניער. דער שטענדיק שווייגנדיקער איוואַר איז דאָס מאָל געוואָרן ריידעוודיק. אַפילו די עלטערן האָבן זיך געוואונדערט.

— איך האָב פיינט ווערטער, דעריבער וויל איך נישט זיין קיין אַדוואָקאַט, קיין דאָקטאָר וויל איך אויך נישט זיין, ווייל איך וויל נישט האָבן צו טון מיט מענטשלעכע אומגליקן. איך וויל עפעס שאַפן, אויפטון. איך האָב פּלענער. אַן אינזשעניער זעט שטענדיק זיין ווערק, ער האָט עס פאַר די אויגן, און דאָס פאַרשאַפט פרייד. איך וויל אין לעבן זיין שעפעריש.

אַזוי האָט גערעדט איוואַר. דאָס ערשטע מאָל האָבן די עלטערן געהערט פון אים אַזעלכע רייד. זיי האָבן דעריבער באַשלאָסן נישט אַנטקעגנצושטעלן זיך דעם ווילן פון זייער זון און האָבן אים אַוועקגעשיקט זיך לערנען אין דער שטאָקהאָלמער טעכנישער הויכשול.

קיין שטאָקהאָלם איז איוואַר אָנגעקומען מיט עטלעכע הונדערט קראָן אין טאַש. ער האָט געדונגען אַ צימערל ביי אַ באַן־באַאַמטן, מיט וועלכן ער האָט זיך זייער שטאַרק באַפריינדעט. דער דאָזיקער באַן־באַאַמטער, וועלכער האָט אַליין געענדיקט אַ טעכנישע הויכשול פלעגט איוואַרן געבן אַ סך אָנווייזונגען אין דער לערע און האָט בכלל געהאַט אַ שטאַרקע השפּעה אויף דעם יונגן סטודענט.

אין דער טעכנישער הויכשול האָט מען שוין איוואַרן נישט גערופן „טויגעניכטס". די פּראָפעסאָרן זענען געווען אַנטציקט פון זיינע פעיקייטן. די טעכנישע וויסנשאַפטן האָט ער שנעל תופס געווען. ער האָט זיך דאָ דערפילט, ווי ביי זיך אין דערהיים. ציפערן, מאַטעמאַטישע קאָמבינאַציעס, נייע טעכנישע קאָנסטרוקציעס, דערפינדונגען — דאָס אַלץ האָט פאַר אים געעפנט אַ וועלט, צו וועלכער עס האָט אים געצויגן פון קינד־

ווייז אָן. די פּראָפעסאָרן זענען געווען אַזוי אַנטציקט פון איי־וואָרס פעיקייטן, אַז זיי האָבן אים פאָרויסגעזאָגט די קאַריערע פון אַ פּראָפעסאָר. קיין גרעסערע השגות האָבן די דאָזיקע פּראָפעסאָרן, זעט אויס, נישט געהאַט...

אין דער סטודענטן־קיך פון שטאָקהאָלם האָט מען געקאָנט זען אַ שטילן, באַשיידענעם בחור מיט שמעוודיקע, מידע אויגן און אַ בלאַס געזיכט. דער בחור פלעגט אין קעגנזאַץ צו אַלע סטודענטן זיצן אַ שווייגנדיקער ביים סאַמע עק פון לאַנגן טיש און נישט אַנטיילנעמען אינם אַלגעמיינעם שמועס און גערויש.

— ס׳איז אַ פּריץ, אַ דאָרפישע לעמעשקע, — פלעגן די סטודענטן מאַכן באַמערקונגען אויף איוואַרס חשבון.

איוואַר האָט געהערט, וואָס מען רעדט וועגן אים, אָבער ער האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק. די אַלע שמועסן זענען אים ווייניק אָנגעגאַנגען. ער האָט געטראַכט וועגן די לעקציעס פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע, וואָס אַ פּראָפעסאָר האָט גע־לייענט. אַרבעטס־קראַפט, אַרבעטס־הענט, רווחים, קאַפּיטאַל, רוי־שטאָפן, גרויס־פּראָדוקציע — אָט דאָס אַלץ האָט שטאַרק פאַרכאַפּט זיין מח און ער האָט וועגן דעם אַ סך גענומען טראַכטן.

— וואָס זענט איר אַזוי פאַרטראַכט? — האָט ער פּלוצ־לינג דערהערט אַ שאַרף, דין קולכל איבער זיינע אַקסלען, — איר האָט דאָך דאָס לעפל פון זופּ אַריינגעשטעקט אין טיי.

ער האָט זיך אומגעדרייט און דערזען פאַר זיך דאָס שמייכלדיקע, שיינע פּנים פון דער קעלנערקע. ער איז רויט געוואָרן, ווי אַ יונג מיידל נאָכן ערשטן קוש און נישט גע־וואוסט וואָס צו ענטפערן. ד קעלנערקע האָט אויף אים גע־וואָרפן אַ שעלמישן בליק, געוואַרט, אַז דער צוטומלטער בחור זאָל עפּעס זאָגן, אָבער קרויגער האָט זיך מער אויף איר נישט אומגעקוקט און שטאַרק געוואָלט, אַז זי זאָל אַוועקגיין.

יעדעס מאָל ווען די קעלנערקע האָט געפּרוּווט מיט אים צו פֿלירטעווען, האָט ער פֿאַרביסן די ליפּן און געמאַכט אַזאַ מינע, ווי מ׳וואָלט אים געוואָלט שלאָגן.

אין אַ פֿרויען־געזעלשאַפֿט האָט ער זיך געפֿילט זייער נישט באַקוועם. ער פֿלעגט זיך רויטלען און נישט קאָנען פֿריי רעדן.

דעם באַן־באַאַמטנס פֿרוי, די בעל־הביתטע פֿון דער דירה, וואו איוואַר האָט געוואוינט, פֿלעגט אָפֿט שמועסן מיט איר לאָקאַטאָר. אָבער וואָס איז דאָס געווען פֿאַר אַ שמועס! זי פֿלעגן רעדן און רעדן און קרויגער איז געזעסן און געקוקט ערגיץ אויף אַ פּינטל אויף דער וואַנט. זעט אויס, אַז דער יונגער, בלאָנדער, צאַרטער בחור איז איר געפֿעלן געוואָרן, ווייל איינמאָל, ווען קיינער איז נישט געווען אין שטוב, האָט זי אים אַרומגענומען און געוואָלט געבן אַ קוש. קרויגער האָט זיך, ווי אַמאָל דער ביבלישער יוסף, אַרויסגעריסן פֿון אירע אָרעמס, אַריינגעלאָפֿן צו זיך אין צימער און זיך פֿאַרשלאָסן...

צומאָרגנס האָט ער גענומען זוכן אַ נייע דירה.

ער האָט מורא געהאַט פֿאַר פֿרויען און זיך באַמיט זיי אויסצומיידן. היות ער האָט אָבער געהאַט אַ צאַרט און שיין געזיכט, פֿלעגן אים די פֿרויען אַטאַקירן. קרויגער פֿלעגט זיך שטענדיק באַמיען די אַטאַקעס אָפּצוקלאַפּן.

צי וועט ער קאָנען דעראָבערן די וועלט, אַז אים וועט פֿאַנגען דער גאָט פֿון ליבע? פֿרויען וועלן אים שטערן אין זיין קאַפּיטאַליסטישן מאַרש. דאָס פֿילט ער און דערלאָזט נישט, אַז אין זיין נשמה זאָל פֿאַרפֿלאַנצט ווערן דער בוים פֿון ליבע. צי וועט ער גובר זיין די ליבע? צי וועט ער גובר זיין די פֿרוי? קרויגער ווייסט נישט, ווער עס וועט זיגן: ער, צי די פֿרוי. אָבער ער שטעלט אַ באַריקאַדע אַרום זיינע געפֿילן. ער באַוואָפֿנט זיך מיט טרוקענע ציפֿערן, מיט טעכנישע וויסנשאַפֿטן, מיט ידיעות פֿון פּאָליטישער עקאָנאָמיע. מיט דעם אַלעם וועט

ער פאַרטרייבן די נאַרישע געפילן, וואָס נעמען בלויז צו צייט און נישט מער.

ער לערנט זיך. אַנדערע סטודענטן גייען אין פריילעכע הייזלעך, אין רעסטאָראַנען, ער — שטודירט די איינגעשאַפטן פון בעטאָן, גראָבט זיך אין אַ בוך, וואָס באַהאַנדלט די גרויס פון דער אייזן־פּראָדוקציע אין דער וועלט. וואָס גייען אים אָן די פריילעכע הייזלעך? אייזן, קוילן, צינק, שוועבל — אָט דאָס זענען די פונדאַמענטן פון אונזער לעבן. מ'קאָן דערביי רייך ווערן, באַהערשן דעם וועלט־מאַרק, און פריילעכע הייזלעך, ביר, אַ טאַנצנדיק מיידל — דאָס איז גאָרנישט! יעדנפאַלס אים, איוואַן, אינטערעסירט עס נישט.

דריי יאָר גייען אַוועק אין זיין סטודענטיש לעבן: אָן אַ מיידל, אָן ביר, אָן אַ פריילעך הייזל. בלויז ציפערן, בעטאָן, אייזן, צינק, שטאָל — זענען די גייסטיקע צוציהונגס־קרעפטן פון דעם יונגן סטודענט, וועלכער מאַכט אויסערלעך דעם איינדרוק פון אַ בחור, וואָס שרייבט לידער ביים שיין פון דער לבנה. וואָס פאַר אַ צאַרטער און שטיל־שווייגנדיקער! קיינער וואָלט נישט געגלויבט, אַז בעטאָן און געהאַרטעוועט שטאָל פאַרנעמען זיין געדאַנק.

אין 1899 ענדיקט קרויגער די שטאָקהאָלמער טעכנישע הויכשול. ער קומט צוריק אַ היים קיין קאַלמאַר מיט דעם טיטל: בוי־אינזשעניער. אָבער אין קאַלמאַר דאַרף מען נישט בויען קיין גרויסע הייזער. וואָס זאָל איצט טון דער 19־יעריקער קרוינגער?

— אפשר וואָלסטו אונדז צוגעהאָלפן אין דער פאַבריק? — פרעגט דער פאָטער, — אַלס אינזשעניער וואָלסטו געקאָנט מאַכן געוויסע אויסבעסערונגען אין דער שוועבעלעך־פּראָדוקציע און מיר וואָלטן געקאָנט קאָנקורירן מיט אַנדערע פאַבריקאַנטן. אַזוי ווערן מיר פשוט איינגעשלונגען פון אַנדערע.

שוועבעלעך? דאָס וועט זיין זיין קאַריערע? וואָס קאָן מען דערפֿיי אויפֿטון? ניין! ער וועט זיך לאָזן אין דער וועלט אַריין. דאָ אין, קאַלמאַר, וועט ער טאַקי בלייבן אַ טויגעניכטס, אַזוי ווי די לערער האָבן אים גערופֿן. שוועדן איז פֿאַר אים צו קליין. ער מוז באַזוכן לענדער, אַרומקוקן זיך איבער דער ברייטער וועלט. אַ מענטש, וועלכער רייזט נישט, מוז בלייבן באַגרענעצט, האָט קיינמאָל נישט קיין איניציאַטיוו.

— וואָס, דו ווילסט אונז גאָר פֿאַרלאָזן? — וואונדערן זיך די עלטערן, אויסהערנדיק זיין דערקלערונג.

— פֿאַרלאָזן, נישט. איך וועל צוריקקומען. אָבער מיט אַ סך דערפֿאַרונג. איך האָב געענדיקט די טעכנישע היכשול טע־אָרעטיש. איך מוז גיין אין נאָך אַ הויכשול — באַקענען זיך מיט די דערגרייכונגען פֿון דער מאָדערנער טעכניק אויפֿן אָרט, איך מוז פּראַקטיצירן.

— אָבער דערצו דאַרף מען דאָך האָבן אַ סך געלט, — דערקלערט דער פֿאָטער, ביי וועמען די געשעפֿטן גייען זייער שלעכט.

— געלט? הם... יאָ... אָבער איך דאַרף נישט קיין סך. ניט מיר בלויז אויף הוצאות. קיין ניו־יאָרק. דאָרטן בויט מען זייער הויכע הייזער. איך וועל צונויף קומען. איך וועל נאָך ברענגען אַהיים אַ סך געלט.

די עלטערן האָבן לכתחילה זיך נישט געוואָלט שיידן מיט זייער זון. די שוועסטערן האָבן געוויינט. אָן איינפֿאַל אַ מענטש האָט: סתם פֿון דער העלער הויט פֿאָרן קיין אַמעריקע! צי קאָן ער נישט פֿאָרן קיין שטאָקהאָלם בויען הייזער? מ׳האָט זיך ביים אים געבעטן, אַז ער זאָל רעזיגנירן פֿון זיין פּלאַן, אָבער קרויגער האָט געענטפֿערט:

— כדי צו קאָנען בויען הייזער אין שטאָקהאָלם — מוז מען זיי לכתחילה בויען אין אַמעריקע. נאָר אין אַמעריקע קאָן מען זיך דערשלאָגן צו גרויסע פֿאַרמעגנס, מער ווי אין אַנדע־

רע לענדער. ס׳איז אַ לאַנד אָן סענטימענטן, אָן רחמנות, אָן אידעאַלן, איין אידעאַל איז דאָ: עשירות. איך האָב אַ סך געליינט וועגן דעם אַלעם און באַשלאָסן אהין צו פאָרן.

— ווילסט גאָר ווערן אַ מיליאָנער? — האָט דער פאָטער געלאַכט.

— און דו ווילסט עס נישט ווערן?

— יאָ, אָבער ס׳איז דאָך אוממעגלעך.

— זעסטו, אין אַמעריקע איז עס מעגלעך, נאָכדערצו, ווען מ׳איז אַן אינזשיניער.

די עלטערן האָבן מיט שווערער מי צונויפגעזאַמלט עטלעכע טויזנט קראָן און געגעבן זייער זון אויף רייזע־הוצאות. ביים געזעגענען זיך האָט די מוטער געזאָגט:

— מיר האָבן אַלץ געטון, כדי דו זאָלסט קאָנען מאַכן אַ גוטע קאַריערע. באַמי דיך, אַז דיין נסיעה קיין אַמעריקע זאָל ברענגען פרוכטן. אויב דו, איוואַר, וועסט צוריקקומען מיט דעמזעלבן, וואָס דו ביזט אַוועקגעפאָרן, וועל איך מוזן מסכים זיין מיט דיינע לערער, אַז דו ביזט אַ טויגעניכטס. איך האָף, אַז דו וועסט ווערן אַ לייט, אַנטויש מיך נישט אין מיינע האָ־פענונגען.

אין אָנהויב פון היינטיקן יאָרהונדערט, אין פעברואַר 1900, האָט זיך איוואַר קרויגער געלאָזט דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן אויף אַ ווייטער נסיעה. דער שפּעטערדיקער שטענדיק אַרומפאָרנדיקער שוועבעלעך־קעניג האָט איצט דאָס ערשטע מאָל זיך אַרויסגעריסן פון זיין היימלאַנד און זיך גע־לאָזט אויף אַן אויסשפּיר־רייזע אין דעם לאַנד פון מיליאָנערן.

דער צוקונפטיקער מיליאָנער איז געפאָרן זיך לערנען, ווי אַזוי צו ווערן אַ מיליאָנער...

# דער וואַנדערער

ס'איז לייכט צו ענדיקן אַ טעכנישע הויכשול, אָבער צו זיין אַ סטודענט אין דער הויכשול פון אַמעריקאַנער לעבן איז זייער שווער. טיילמאָל ענדיקט מען אַזאַ שטודיום מיט ווערן אַ בעטלער אויף די ניו־יאָרקער גאַסן, אָדער מען באַקומט דעם דיפּלאָם אויף דער עלעקטרישער שטול פון דער סינג־סינג־תפיסה.

דער ניו־יאָרקער קאָך־קעסל האָט קרויגערן אַריינגעשלעפּט און נעצוואונגען זיך אַרומצובלאָנקען איבער די גאַסן. אין די ערשטע צוויי וואָכן איז אים אָוועקגעגאַנגען דאָס געלט, וואָס ס'איז אים איבערגעבליבן פון דער נסיעה. ער האָט אפילו נישט געהאַט וואו איבערצונעכטיקן. איז ער אַוועק צום שוועדישן קאָנסול, דערציילט, אַז ער איז אַן אינזשעניער, אַז ער איז גע־קומען קיין אַמעריקע בויען הייזער.

— עס זענען דאָ פאַראַן גענוג אינזשעניערן, — האָט דער קאָנסול דערקלערט, — איר האָט געטון אַ פעלער, וואָס איר זענט אַהערגעקומען, פונדעסטוועגן וועל איך זיך באַמיען צו שאַפן פאַר אייך אַרבעט. דערווייל נאַט אייך צען דאָלאַר.

ווען נישט די הילף פון קאָנסול, וואָלט קרויגער זיך גע־דאַרפט אָוועקשטעלן אויף אַ ניו־יאָרקער גאַס און בעטן אַ נדבה. ער איז געווען שטאַרק הונגעריק און האָט שוין אַ גאַנצן מעת־לעת נישט געהאַט געגעסן.

אין עטלעכע טעג אַרום קומט קרויגער ווידער צום קאָנ־סול. דער קאָנסול פילט מיט דעם יונגן, היימלאָזן אינזשעניער. ער גיט אים אַ רעקאָמענדאַציע בריוו צו אַ שוועדיש־אַמעריקאַ־נישער בוי־פירמע. קרויגער ווערט אָנגענומען. מ'איז פון אים צופרידן. ער הויבט אָן צו פאַרדינען געלט. ס'גדויערט נישט לאַנג, ווי ער שיקט אַהיים הונדערט דאָלאַר. דערביי לייגט ער צו אַ פאָלגנדיק קורץ בריוול: —

„טייערע עלטערן! איך שיק אייך הונדערט דאָלאַר. קיין מיליאָנער בין איך נאָך נישט איך האָף עס צו ווערן. ווי לאַנג עס וועט געדויערן — ווייס איך נישט. דערווייל בין איך אָנגעשטעלט ביי אַ גרויסער פירמע. איך בין שטאַרק באַגרענעצט אין מיינע פּלענער. איך האָף איינגיכן אַליין צו ווערן בוי־אונטערנעמער. אויב דאָס וועט מיר געלונגען, איז דאָ אַ מעגלעכקייט צו ווערן אַ מיליאָנער.

אייער איוואַר".

קרויגער געלונגט צו ווערן אַ בוי־אונטערנעמער, אָבער קיין מיליאָנער — דערווייל נאָך נישט. אָנזאַמלענדיק זיך אַ געוויסע סומע געלט און שוין זייענדיק אַביסל באַקאַנט מיט די אַמעריקאַנער פּאַרהעלטענישן, רייכט קרויגער איבער מיט דער שוועדיש־אַמעריקאַנישער בוי־פירמע און נעמט אָן אויף איינענער האַנט צו בויען עטלעכע גרויסע הייזער אין טשיקאַגאָ.

ווען ער קומט קיין טשיקאַגאָ, איז ער אַלט צוויי און צוואַנציק יאָר. דער צוויי און צוואַנציק יעריקער שוועדישער בוי־אינזשעניער אין דער ראָל פון אַן אונטערנעמער רופט אַרויס גרויס אָנזען אַפילו ביי די אונטערנעמערישע ביזנעס־לייט פון אַמעריקע. „דאָס איז אַ געבוירענער ביזנעס־מאַן", רעדן וועגן אים די ליפעראַנטן פון בוי־מאַטעריאַלן.

במשך פון צוויי יאָר שטעלט ער אויף אין טשיקאַגאָ פיר גרויסע הייזער. ער אַרבעט אומדערמידלעך. יעדער פּרט איז אויף זיין קאָפּ, יעדע קלייניקייט האָט ער אין זינען. ער שלאָפט ווייניק, ווייל ער פּאַרלאָזט זיך נישט אויף די מייסטערס, געהילפן און שרייבער, וועלכע ער, דער צוויי און צוואַנציק יעריקער בחור, האָט שוין באַוויזן צו אָנגאַזשירן.

ער פּאַרלאָזט זיך אָבער נישט אויף זיי און קאָנטראָלירט פון אינדערפרי ביז שפּעט אין אָוונט יעדע אָפּגעטוענע אַרבעט.

דער אונטערנעמער־ישער גייסט וואקסט שנעל. „וואס מער דערלאנגען!" טראכט דער יונגער קרויגער און לייגט זיך און שטייט אויף פון שלאף מיט בוי־פלענער און ציפערן, מיט ציגל און צעמענט, מיט בעטאן און אייזן. א באקאנטער פארבעט אים צו פארברענגען א נאכט אין קאבארעט, ענטפערט קרויגער: „אויב ס'איז א באקוועם ארט פאר צייכענען און זיך אפצוהשבנען מיט די צושטעלער — גיי איך"... עס אינטערעסירט אים גאר נישט, הוין דער דראנג צו בויען וואס מער הייזער. דער דאזיקער דראנג גיט אים לעבנס־ענערגיע און ער קאן לייכט ארומנעמען זיין גאנצע אונטערנעמונג.

מיט דעם יונגן, פעיקן אינזשעניער פאראינטערעסירט זיך א פירמע, וואס האט געבויט בריקן אין מעקסיקע. זי ווענדט זיך צו קרויגערן, אז ער זאל איבערנעמען דאס בויען א בריק איבערן טייך קאלאראדא.

— אבער איך וויל זיין א שותף צו דער דאזיקער אונטערנעמונג, — דערקלערט קרויגער, — איך וויל נישט באקומען קיין באשטימטע סומע האנאראר, נאר זיין אן אנטיילנעמער אין די רוחים. איך באזיץ גענוג קאפיטאל דערצו.

— איר פארמאגט דען אזויפיל געלט? — וואונדערט זיך דער דירעקטאר פון דער פירמע. איבעריקנס, צו וואס טויג אייך אריינצולייגן אזויפיל געלט, ווען איר קאנט זיכער זיין מיט א גרויסן האנאראר. איר פארשפארט דאן א סך האפדרייעניש און מעגלעכע היזיקות. איר זענט א פעיקער אינזשעניער, אבער איך ווייס נישט, צי איר זענט אויך א פעיקער אינטערנעמער. אזא פרווו, אן דער געהעריקער דערפארונג, קאן אייך ברענגען דערצו, אז איר זאלט היזק האבן געלט. איך ראט אייך בלויז צו ארבעטן פאר א באשטימטן האנאראר.

— הער דירעקטאר, — האט קרויגער געענטפערט מיט א שמייכל, — איך ספעציאליזיר זיך צו זיין מער אונטערנעמער, ווי אינזשעניער... איך קאן צוטרעטן בויען די בריק נאר

מיטן באדינג, אז איך זאָל אויך אריינלייגן אין דער דאָזיקער אונטערנעמונג מיין קאַפּיטאַל.

— אויב איר פאַרלאַנגט עס דורכאויס — קאָנען מיר צוטרעטן צום געשעפט.

קרויגער האָט קיין אייגענע קאַפּיטאַלן דערווייל נאָך נישט פאַרמאָגט. וואָס טוט ער אָבער? ער באָרגט זיך געלט אויף גרויסע צינזן און לייגט דאָס געלט אריין אין דער אונטערנעמונג פון בויען די בריק איבערן טייך קאָלאָראַדאָ. ער פאָרט אוועק קיין מעקסיקע מיט א שטאָב באַאַמטע. מיט אַלעם פירט ער אַליין אָן. איבער אַלעם האָט ער די אויפזיכט.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז ווען ער וואָלט באַקומען א באַשטימטן האָנאָראַר פאַר דער אַרבעט, וואָלט ער א סך מער פאַרדינט. צוליב די שווערע קלימאַטישע באַדינגונגען קומט אָן זייער שווער די אַרבעט ביי דער בריק. עס ווערט קאַליע א סך בוי־מאַטעריאַל. די פאַרדינסטן זענען קליינע. קרויגער דאַרף צאָלן די הובות און די צינזן. ער האָט אָבער נישט קיין געלט. מיט דעם בויען די בריק גייט עס צו שלימזלדיק. איז דאָך דער דירעקטאָר געדעכט געוועזן. וואָס האָט קרויגער דערפון? אַזוי וואָלט אים די פירמע באַצאָלט דעם האָנאָראַר פאַר דער אַרבעט, איצט מוז ער דעקן דעם היזק און פאַרלירן דאָס געלט, וואָס ער האָט זיך געבאָרגט אויף גרויסע צינזן.

קרויגער איז געוואָרן פאַרצווייפלט, אָבער ווענן זעלבסטמאָרד האָט ער דאַמאָלס נישט געטראַכט. ער איז זייער ווייט געווען פון דעם דאָזיקן געדאַנק. ער האָט געטראַכט וועגן אַן אַנדער מין „זעלבסטמאָרד“, וועגן צומיקציען זיך פון דער אונטערנעמונג, ליקווידירן אַלע זיינע ענינים אין אַמעריקע, צוריקפאָרן אַהיים און ווערן דער פירער פון פאָטערס שוועבעלעך־פאַבריקל אין קאַלמאַר.

זיין עקשנות און גלייכגילטיקייט האָבן אים געראַטעוועט פון דעם דאָזיקן „זעלבסטמאָרד“. ער האָט באַשלאָסן דאָס בויען

פון דער בריק צו דערפירן ביז צום סוף און, כדי צו דעקן די חובות, האָט ער זיך ווידער געבאָרגט געלט, דאַמאָל — בײַ א רײַכן ניו־יאָרקער באַנקיר, און געצאָלט אַלע וועקסלען. קיין בעל־חוב האָט ער נישט געוואָלט בלײַבן. דאָס וואָלט געקאָנט שאַדן ברענגען זײַן פּרעסטיזש, א סוף מאַכן צו זײַן קאַריערע פון א גרויסן אונטערנעמער. קרויגער האָט איצט געמאַכט דעם אָנהויב, דער דאָזיקער נאַפּאָלעאָן פון קאַפּיטאַליזם האָט געוואוסט, אז יעדער אָנהויב דעצידירט וועגן דעם ווײַטערדיקן אַרויפשטײַגן אויף דער לייטער פון מאַכט. מוז מען דערײַבער זײַן פאָרזיכטיק, מוז מען דערײַבער אַפילו גרייט זײַן אויף א מפּלה, אָבער זיך לאָזן רײַטן אויף א פּאַפּירענער בריק טאָר מען נישט. דאַמאָלס איז פאַרשפּילט די גאַנצע צוקונפט.

און איצטער קרויגער חלומט דאָך צו באַהערשן די וועלט...

נאָכן פאַרענדיקן בויען די בריק קומט קרויגער צוריק קיין טשיקאַגאָ. ער נעמט ווידער איבער אויף אייגענער האַנט צו בויען דאָרט נאָך עטלעכע הײַזער. מיטן פאַרדינסט בײַ דער דאָזיקער אונטערנעמונג וויל ער דעקן די חובות, וואָס ער האָט געהאַט בײַם בויען די בריק אין מעקסיקע, ער וויל אָפּצאָלן דעם חוב, וואָס עס קומט דעם רײַכן ניו־יאָרקער באַנקיר. זײַן נאָמען אַלס ערלעכער אונטערנעמער טאָר נישט קאָמפּראָמיטירט ווערן.

געענדיקט האָט זיך דערמיט, אז נאָכן פאַרענדיקן בויען די נײַע הײַזער אין טשיקאַגאָ, איז קרויגער צוריק געוואָרן אן אָרעמאַן. דאָס גאַנצע פאַרדינסט בײַ דער דאָזיקער נײַער אונטערנעמונג האָט ער אָפּגעצאָלט דעם ניו־יאָרקער באַנקיר. ער האָט אָפּגעצאָלט אַלע חובות ביז צום לעצטן גראָשן.

די לאַגע זײַנע איז געוואָרן אַזוי שלעכט, אז ער האָט זיך געמוזט אַרויסציִען פון דער שיינער און לוקסוס־אײַנגעאָרדנטער דירה אויף פיפט עוועניו. קרויגער האָט געהאַט א שוואַכקייט צו קאָמפּאָרטאַבלע וואוינונגען. ער פלעגט דאָרטן אויפ־

נעמען זיינע געהילפן, באַאַמטע, פאַרשידענע קליענטן און הנאה געהאַט, ווען זיי פלעגן זיך אַנטציקן מיט דער שיין־איינגעאָרדנטער דירה.

ער איז שוין אַלט געווען 25 יאָר. באַקאַנטע האָבן אים פאַרגעלייגט התונה צו האָבן. דאַמען פון דער רייכער געזעלשאַפט פלעגן אים באַזוכן מכלומרשט ווען געשעפטלעכע ענינים, אָבער גלייכצייטיק זיך באַמיט צו פאַנגען דאָס האַרץ פון יינגן, שוועדישן אינזשעניער. אָבער ער האָט די חתונה־פאַרשלאַגן אַזוי אויסגעלאַכט, אַז די פאַרשלאַג־געבער האָבן זיך געפילט באַליידיקט און די דאַמען, וואָס האָבן געפרווט פאַנגען זיין האַרץ, האָט ער קאַלט געענטפערט:

— אַנטשולדיקט מיר, מיסיס, איך בין שטאַרק באַשעפטיקט... איר וועט אַזוי גוט זיין און דערליידיקן דעם ענין ביי מיין באַאַמטן...

איז געקומען אַ דאַמע און האָט דורכאויס געוואָלט אי־בערעדן מיטן „הער אינזשעניער" ווענן געשעפטלעכע ענינים, האָט שוין קרויגערס געהילף געוואָיסט צו ענטפערן:

— דער הער אינזשעניער איז שטאַרק באַשעפטיקט... איר קאָנט רעדן מיט מיר...

איצט האָט קרויגער אַלץ געמוזט ליקווידירן. די שיינע וואוינונג, דאָס שילדל מיט די גאָלדענע אותיות: „איוואַר קרויגער, בוי־אונטערנעמער", אָפזאָגן די באַאַמטע, אַרויסציען זיך פון זיין בירא. ער האָט איבערגעציילט זיין געלט: הונדערט און זעכציק דאָלאַר. וואָס קאָן מען אויפטון מיט דעם דאָזיקן געלט? גאָרנישט. ווייטער האַרגז? נישטאָ קיין אויסוועג.

ער איז אַריין אין אַ קאַפע־הויז, באַשטעלט אָונט־ברויט און גענומען לייענען די נאָכמיטאָג־צייטונגען. קיין נייעס האָט אים נישט אינטערעסירט. אין רוסלאַנד איז אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע, פאָרט־אַרטור איז געפאַלן — וואָס אינטערעסירט אים דאָס אַלץ? ער טראַכט ווענן געשעפט, ווענן געלט, ביז־

נעס. די אנאָנסן אינטערעסירן אים, די האַנדלס־ און אינ־
דוסטרי־אַנאָנסן. אַט לייענט ער: „ס'ווערט געזוכט אַ פעיקער
בוי־אינזשיניער פאַר אַ פירמע, וואָס האָט אַ פיליע אין לאָנ־
דאָן".

אין אַ האַלבער שעה אַרום זיצט שוין קרויגער אין קאַ־
בינעט פון דער פירמע. דער שעף פרעגט אים אויס: „אַזוי?
איר האָט פריקן אויך געבויט? און הייזער אין טשיקאַגאָ?
גו, גוט. מיר אַנגאַזשירן אייך אין אונזער פיליע, וואָס געפינט
זיך אין לאָנדאָן. איר וועט דאָרט פאַרנעמען דעם אַמט פון
וויצע־דירעקטאָר".

ס'ווערט געשלאָסן אַ קאָנטראַקט. קרויגער באַקומט אַן
אַוואַנס. אין אויגוסט 1905 שווימט ער אָפּ מיט דער שיף
„ברעמען" קיין לאָנדאָן.

דעם אַמט פון וויצע־דירעקטאָר אין דער לאָנדאָנער פי־
ליע פון דער ניו־יאָרקער בוי־פירמע האָט קרויגער לאַנג נישט
פאַרנומען. ער האָט זיך דאָרט געפילט, ווי געפּענטעט. זיין
אונטערנעמונגס־חשק איז געווען באַגרענעצט, זיינע פּלענער
האָט מען נישט אָנגענומען. ער האָט געמוזט האַנדלען לויט
די אָנווייזונגען פון דער ניו־יאָרקער צענטראַלע. אין אַזעלכע
באַדינגונגען האָט זיך קרויגער געפילט שלעכט. ער האָט פיינט
געהאַט, אַז עמיצער זאָל אים דיקטירן, ער אַליין האָט געוואָלט
רעגירן און האָבן די מעגלעכקייט אויסצופירן זיינע פּלענער.

נאָך אַ האַלב יאָר „באַגרענעצטער אַרבעט", ווי ער אַליין
האָט זיך געהאַט אויסגעדריקט, האָט ער איבערגעריסן דעם
קאָנטראַקט מיט דער פירמע און פאַרלאָזט דעם אַמט פון ווי־
צע־דירעקטאָר. אָנזאַמלענדיק זיך אַ געוויסע סומע געלט, איז
ער ווידער צוגעטרעטן צו ווערן אַליין אונטערנעמער, אַליין
רעגירער און באַפעלער. ווי אַזוי האָט ער זיך במשך פון אַ האַלב
יאָר אָנגעזאַמלט אַ סומע אויף צו קאָנען צוטרעטן צו אַן איי־
גענער בוי־אונטערנעמונג? ער האָט אין לאָנדאָן געלעבט זייער

קאַרג, געוואוינט אין אַ קליינער צווייצימערדיקער דירה און אוועקגעלייגט יעדן חודש אין באַנק אַכציק פּראָצענט פון זיין פּענסיע. חוץ דעם האָט ער זיך ווידער געבאָרגט געלט אין אַ באַנק, דאָסמאָל שוין אַ קליינע סומע, און איז צוגעטרעטן צו דער אונטערנעמונג.

צו די עלטערן האָט ער דאַמאָלס אַזוי געשריבן:

„...איר זאָרגט זיך שטאַרק וועגן מיר און בעט מיך, אַז איך זאָל קומען אַ היים. מיין „שטודיום" איז אָבער נאָך נישט געענדיקט. איך האָב נאָך ווייניק דערפאַרונג, איך מוז נאָך לערנען... היינט מאַך איך נאָך אַ פּרוּוו — איך האָב אונטערגענומען צו בויען זעקס הייזער מיט אַמאָל. אויב די דאָזיקע טראַנזאַקציע זאָל געלונגען — וועל איך פאַרדינען אַכט טויזנט פונט".

אָבער די דאָזיקע טראַנזאַקציע איז נישט געלונגען, יעדנ־פאַלס נישט אין דער מאָס, ווי קרויגער האָט זיך פאָרגע־שטעלט. אַנשטאָט אַכט טויזנט פונט — האָט ער פאַרדינט נישט מער, ווי פינף הונדערט... אָבער ער איז ביי זיך נישט אַראָפּגעפאַלן.

ווייטער וואוינען אין לאָנדאָן האָט ער נישט געוואָלט. צי ער האָט זיך געהאַלטן ביים פּרינציפּ פון „משנה מקום משנה מזל" אפשר יאָ. יעדנפאַלס אייינזיצן לאַנג אויף איין אָרט האָט ער נישט געקאָנט. אויב עס געלונגט אים נישט ואויף איין אָרט, האָט ער זיך געוואָלט וואַרפן אויפן צווייטן אָרט.

פון די צייטונגען דערוואוסט זיך קרויגער, אַז אין יאָהאַ־ניסבורג, דרום־אַפריקע, קומט פאָר אַ שטאַרקע בוי־באַוועגונג.

„אַהאַ, דאָרט וועט מען קאָנען אָנקלייבן געלט!" טראַכט ער. ער באַראַט זיך נישט מיט קיינעם, איבעריקנס האָט ער זייער ווייניק באַקאַנטע און נאָך ווייניקער פריינט. אין זיינע פּלענער נעמט קיינער נישט קיין אָנטייל. ער אַליין איז איבער זיי הערשער. ער דערציילט קיינמאָל נישט קיינעם, וואָס פאַר אַ

פּלענער ס'זענען ביי אים אַנטשטאַנען. ער האָט באַשלאָסן צו
פאַרן קיין דרום־אַפריקע — פאַרט ער. עס באַגלייט אים
אַפילו קיינער נישט צו דער שיף. די דאָזיקע סענטימענטן האָט
ער פיינט. ער נעמט אויף דאָס לעבן ניכטער און טרוקן. אין
זיין קאָפּ טאָליעט שוין דער־אַבערונגס־מאַרש, וועגן וועלכן ער
חלומט, קאָנען אים סענטימענטן אַ סך שטערן. ער קאָן זיך
אָן זיי באַגיין — ער גרייט זיך דאָך צו ווערן אַ גרויסער אונ־
טערנעמער...

אין יאָהאַניסבורג איז אַ שטאַרקע בוי־באַוועגונג. די
שטאָט וואַקסט. קרוינער האָט פאַר זיך אַ ברייט פעלד צו פאַר־
ווירקלעכן זיינע פּלענער וועגן עשירות. מען מוז אָבער האָבן
אַ סך קאַפּיטאַל. וואו נעמט מען זשע געלט? קרן־הכל האָט ער
ביי זיך צוויי הונדערט פונט. דאָס איז אַ לעכערלעכע סומע
פאַר קרוינערס פּלענער.

באַקענט זיך קרוינער מיט אַ רייכן גאָלד־גרובן־אייגנטי־
מער און לייגט יענעם פאָר אַזאַ מין געשעפט:

— מיר וועלן צוזאַמען גרינדן אַ בוי־אונטערנעמונג. ווי
איר ווייסט, איז עס דאָך אין יאָהאַניסבורג אַ גלענצנד גע־
שעפט, מ'קאָן דערביי נתעשר ווערן. איך וועל אַריינלייגן מיי־
נע קענטעניש, מיין דערפאַרונג אויף דעם דאָזיקן געביט, און
איר — געלט. די רווחים וועלן זיין גלייכע.

דאָס שותפותדיקע געשעפט איז געשלאָסן געוואָרן. דער
רייכער גאָלד־גרובן־אייגנטימער האָט אַריינגעלייגט אַ היפּשע
סומע געלט אין דער אונטערנעמונג און צו דער אַרבעט האָט
זיך גענומען קרוינער. ער איז געוואָרן פאַקטישער רעגירער
און באַפעלער איבער דער גאַנצער בוי־אונטערנעמונג. דער
גאָלד־גרובן־אייגנטימער האָט קיין שום דעה נישט געהאַט. ער
האָט נאָר גענומען זיין חלק פאַרדינסט און געשוויגן. טאָמער
האָט ער עפּעס גערעדט, האָט קרוינער אין אַ גוטמוטיקן טאָן
דערקלערט:

— לײדער, קאָן איך נישט האָרכן אײער עצה. אַלס פֿאַכ־מאַן און דערפֿאַרענער אונטערנעמער װײס איך, אַז אײערע אָנװײזונגען קאָנען שאָדן ברענגען אונזער געשעפֿט.

דער גאָלד־גרובן־אײגנטימער איז נישט געװען קײן פֿאַכ־מאַן און נישט קײן דערפֿאַרענער אין בױ־ענינים — האָט ער געשװיגן. דאָס געשעפֿט איז דערװײל געגאַנגען גוט, ער האָט באַקומען זײנע רוחים. װאָס דאַרף אַ גאָלד־גרובן־אײגנטימער מער? אַזעלכע גרויסע אַמביציעס, װי קרױגער, האָט ער נישט געהאַט. װעגן דערװאַרבן דעם װעלט־מאַרק — האָט ער נישט געטראַכט.

אָבער װען אין אַ יאָר אַרום האָט די אונטערנעמונג אָנגעהויבן אַרויסצוװײזן אַ דעפֿיציט און דער גאָלד־גרובן־אײגנטימער האָט מער קײן דיװידענדן נישט באַקומען, האָט ער אָנגעהויבן הויך צו רעדן און צו זאָגן אַ דעה אין די געשעפֿטן.

— אײער פֿאַכמענישקײט און דערפֿאַרונג איז זײער אַ שלימזלדיקע, — האָט דער גאָלד־גרובן - אײגנטימער גע־טענהט, — צו דעם לעצטן הויז האָבן מיר צוגעלײגט טויזנט פֿונט.

צוליב דעם, װאָס בױ־מאַטעריאַל איז טײערער געװאָרן און די כסדרדיקע רעגנס האָבן געשטערט די אַרבעט — האָט מען צו דער אונטערנעמונג געמוזט צולײגן אַ סך געלט. די לאַגע איז געװאָרן זײער אַ שװערע. קרױגער האָט דערזען, אַז זײן אונטערנעמונג שטײט פֿאַר אַן אָפּגרונט. דער גאָלד־גרובן־אײגנטימער האָט נאָך געפֿאָדערט, אַז קרױגער זאָל אים אַרויסצאָלן אַ טײל פֿון דעם געלט, װאָס ער, דער גאָלד־גרובן־מאַגנאַט, האָט אַרײנגעלײגט אין געשעפֿט. קרױגער האָט זיך אָפּגעזאָגט דאָס צו טאָן פּשוט דערפֿאַר, װײל ער האָט קײן געלט נישט געהאַט.

סוף־כל־סוף האָט די אונטערנעמונג באַנקראָטירט. פֿאַר קרױגערן איז דאָס געװען אַ שװערער קלאַפּ. צי האָט ער נאָך

ווייטער רעכט צו חלומען וועגן דער קאריערע פון א מיליאָנער? ניין, ער וועט שוין די וועלט נישט דעראָבערן. פון זיינע גרויסע פּלענער וועט גאָרנישט ווערן.

א מאָמענט האָט אים באהערשט א געדאַנק: זעלבסטמאָרד. אָבער ער האָט דעם דאָזיקן געדאַנק פאַרטריבן, ווי מען פאַרטרייבט א מויז. ער האָט אפילו געלאַכט פון זיך, ווען ער האָט זיך דערמאַנט, אז אים איז איינגעפאַלן אזא יונגעלשער געדאַנק. זעלבסטמאָרד? וואָס פאַר א נאַרישקייט, וואָס פאַר אן אומזין!

ניין, ער רעזיגנירט נאָך נישט. ער וועט פאָרן א היים. מען מוז ווייטער ענדערן דאָס אָרט. אין דער היים וועט אים לייכטער זיין צו געפינען א בוי־פירמע. דאָרטן, אין שוועדן, ווענען די מענטשן סאָלידערע, מיט קאַלטערע נערוון. אין 1908 שרייבט ער א היים בריוו:

„איך קום צו פאָרן, אָבער... נישט קיין מיליאָנער. איך קום אָבער צו פאָרן מיט א סך דערפאַרונג. איך גלויב נאָך אין דערפאָלג. מ׳טאָר קיינמאָל נישט רעזיגנירן. אויך איך רעזיגניר נישט פון מיינע אמביציעס. פאַרקערט — זיי ווענען ביי מיר נאָך שטאַרקער״.

אין יוני 1908 איז קרויגער צוריק אין זיין היימלאַנד, אין זיין געבורטס־שטעטל קאַלמאַר.

## פירמע „קרויגער און טאָל“

די עלטערן האָבן זיך זייער דערפרייט מיט זייער זון. ער האָט דערציילט וועגן זיינע מפּלות און נצחונות, דערציילט קורץ און שאַרף וועגן זיין אַכט יאָר וואַנדערן איבער דער וועלט. ווי מיר ווייסן, האָט קרויגער נישט ליב געהאַט קיין סך צו רעדן. צום סוף האָט ער געזאָגט:

— איך באַדויער נישט מיין וואַנדערן איבער דער וועלט. דאָס האָט מיר געגעבן מוט צו פאַרווירקלעכן מיינע פּלענער.
— וואָס פאַר אַ פּלענער? — האָט דער פּאָטער געפרעגט.
— צו קאָנצענטרירן אין דער דאָזיקער פויסט אַלץ! — האָט קרויגער אויסגערופן, פאַרמאַכנדיק די פויסט פון זיין האַנט.
— וואָס אַזעלכעס?
— די צעפּיצלטע רייכטימער, די בענק, די פאַבריקן, די גוטעס — מיט איין וואָרט — אַלץ. מען מוז דאָס אַלץ קאָנצענטרירן, כדי צו שאַפן אַ וועלט־מאַכט פון קאַפּיטאַל, אין קעגנבאַל וועט ער צעפּרעסן ווערן פון די קליינע אונטערנעמער.
— דאָס איז אַן אידעע־פיקס, מיין זון.
— און איך וועל דיר באַווייזן, אַז דאָס איז אַן אידעע, וועלכע קאָן פאַרווירקלעכט ווערן. קודם־כל — עקשנות. איך האָב מיך אין מיינע אַכט יאָר וואַנדערן איבערצייגט, אַז מען טאָר קיינמאָל נישט רעזיגנירן, אפילו ווען מען פאַרשפּילט צען מאָל. נאָר פּחדנים און פוילע קענען די קונסט פון רעזיגנאַציע. איך — נישט! — האָט ער אויסגערופן מיט שטאָלץ.
דער פּאָטער האָט זיך געוואונדערט: וואָס פאַר אַ רייד רעדט עס זיין זון? אַ מענטש וויל נאָר ווערן בגוואַלד אַ מיליאָנער? אָט האָרעוועט ער שוין יאָרן אין זיין שוועבעלעך־פאַבריקל און אַלץ איז אַזוי, ווי ס'איז געווען. ער איז קיין מיליאָנער נישט געוואָרן. אדרבא, לאָמיר זען, וואָס איוואַר וועט אויפטון. זענען דאָס נישט בלויז ווערטער?
ניין, דאָס זענען נישט קיין ווערטער. איוואַר קרויגער איז אַ מענטש פון מעשים. דערפאַר רעדט ער אַזוי ווייניק. ער איז סך־הכל אַ חודש אין דער היים, ער האָט זיך נאָך נישט באַוויזן אָפּצורוען פון זיין וואַנדער־וועג און ער אַרבעט שוין

אוים פלענער וועגן א נייער אונטערנעמונג. וואס פאר אן אונ־טערנעמונג?

צו זיין שוועסטער בריטא קומט אריין דער 26־יעריקער בוי־אינזשיניער טאל. קרויגער קען אים נאך פון שמאקהאלם, זיי האבן ביידע זיך צוזאמען געלערנט אין דער הו כשוה, אבער נישט געווען דאמאלס קיין חברים. זיי האבן זיך בלויז געקענט. טאל איז רייך. ער האט געלט און ער וואלט געקאנט מיט זיין קאפיטאל עפעס אויפטון. חוץ דעם איז ער דאך אן אינ־זשיניער.

טאל און קרויגער צעשמועסן זיך. קרויגער דערציילט וועגן דעם אופן, ווי מען בויט אין אמעריקע הייזער.

— דא, ביי אונז, — זאגט קרויגער, — בויט מען נאך הייזער זייער פרימיטיוו, ווי מיט הונדערט יאר צוריק. דארט בויט מען אבער הייזער פון בעטאן. אין טויזנט יאר ארום קאנען זיי זיין פריש, ווי איצט.

— מען וואלט אויך דא גענדארפט זיך נעמען צו בויען בעטאן־געביידעס, — איז טאל מסכים.

— איך האב נאך דערצו דערפונדן א נייעם מין בעטאן, וועלכער איז פראקטישער, לייכטער און דויערהאפטער, ווי דער בעטאן, וואס די אמעריקאנער באנוצן.

ביידע אינזשיניערן שמועסן לאנג וועגן די נייע דערגריי־כונגען אין דער טעכניק פון בויען געביידעס. עס ווייזט זיך אויס אז סיי קרויגער, סיי טאל האבן דערפונדן באשיידענע אויסבעסערונגען, וועלכע זיי האבן נישט דערוויל וואו אנצו־ווענדן. ביי קרויגערן בליצט אויף א געדאנק: טאל וואלט גע־ווען א גוטער שותף צו א בוי־אונטערנעמונג. טאל האט געלט, ער האט אן אונטערנעמערישן חוש, ער איז נאך יונג. ביידע וועלן באקומען קרעדיטן, מ׳וועט בויען די בעטאן־געביידעס לויטן נייעם סיסטעם, וואס ער, קרויגער, האט דערפונדן. יא, ס׳איז א נעשעפט.

— צי וואָלט איר מסכים געווען צו מאַכן אַ שותפות־געשעפט פון אַ בוי־אונטערנעמונג? — פרעגט קרויגער.

— איך האָט פשוט אַרויסגעגעבעט מיין פאָרשלאָג פון מח, — שמייכלט טאָל, — איך האָב אייך דאָס זעלבע געוואָלט פאָרלייגן. איך אַרבעט ביי אַ פירמע אין שטאָקהאָלם, אָבער איך וואָלט געקאָנט אַ סך מער פאַרדינען. אַ געוויסן קאַפּיטאַל האָב איך, קרעדיטן וואָלט איך אויך באַקומען — ס'וואָלט געווען אַ גלענצנדע אונטערנעמונג. אַזעלכע צוויי מענטשן, ווי מיר, וואָלטן געקאָנט אַ סך אויפטון. וואָס דאַרפן מיר זיין אָנגעשטעלט ביי פרעמדע?

— זאָלן די פרעמדע זיין אָנגעשטעלט ביי אונז... — האָט קרויגער געלאַכט.

אין דעצעמבער 1908 האָט מען אויף איינער פון די שטאָקהאָלמער גאַסן אויפגעהאָנגען אַ גרויסע, לאַנגע שילד מיט פאָלגנדיקער אויפשריפט:

„קרויגער און טאָל. בוי־אינזשעניערן. פירן אויס אַלערליי בוי־אַרבעט לויט די נייעסטע סיסטעמען".

דאָ איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דער שפּעטערדיקער וועלט־אונטערנעמונג, וואָס איז באַקאַנט געוואָרן אונטער דער פירמע: „ק ר ו י ג ע ר א ו ן ט אָ ל".

די געשעפטן פון דער נייער אונטערנעמונג זענען אַוועק גלענצנד. די טראַנזאַקציס אויף ריזן־סומעס זענען געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. דער נייער סיסטעם פון בויען בעטאָן־געביידעס האָט פאַרקאָנקורירט אַנדערע בוי־פירמעס. די פירמע „קרויגער און טאָל" איז געוואַקסן און זיך בליצשנעל אַנטוויקלט. במשך פון דריי יאָר האָט די פירמע געמאַכט אַן אומזאַץ פון מיליאָנען שוועדישע קראָנען. ס'האָבן זיך געעפנט פאַר איר קרעדיטן, אַלע בענק האָבן זיך פשוט געבעטן ביי קרויגערן, אַז ער זאָל ביי זיי באָרגן געלט. די גרויסע רווחים פון דער פירמע, דער שנעלער וואוקס, דער אָנזען אין דער

הויפּט־שטאָט האָבּן געגעבּן די בּעסטע גאַראַנטיעס און זי־
כערקייט, אַז די הובות וועלן פּינקטלעך געצאָלט ווערן.

קרויגער האָט שוין געהאַט דערפאַרונג און דעריבּער האָט
ער געהאַנדלט פּאָרזיכטיק. ער איז איצט אַלט געווען 30 יאָר.
אַן אַנדערער אויף זיין אָרט וואָלט זיך געקאָנט פאַרשיכורן
מיט דעם גרויסן דערפאָלג פון זיין אונטערנעמונג, אָבּער ער
האָט אַלין בּאַהאַנדלט ניכטער, רואיק, אויסגערעכנט, דורכ־
געפירט יעדע טראַנזאַקציע מיט דער גרעסטער פּאָרזיכטיקייט,
זיך בּאַמיט, אַז קליענטן זאָלן זיין הונדערט פּראָצענט צופרידן,
אַז אויף דער פירמע זאָל נישט פאַלן דער מינדסטער פלעק.

אין 1913 איז ער ווידער געפאָרן קיין אַמעריקע, אָבּער
דאָס מאָל האָט ער געמאַכט די נסיעה, נישט כדי זיך צו לער־
נען, ווי אַזוי צו ווערן אַ מיליאָנער, נאָר כדי צו בּאַקומען קרע־
דיטן אין אַמעריקאַנער בּענק. איצט איז ער שוין געפאָרן אי־
בּער די ניו־יאָרקער גאַסן און איבּערן וואָל־סטריט אין אַן איי־
גענעם אויטאָמאָבּיל און נישט געזוכט קיין הילף בּיים שוועד־
דישן קאָנסול, נאָר בּאַקומען גרויסע הלוואות בּיי אַמעריקאַנער
בּאַנקירן.

ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט די פירמע „קרויגער און
טאָל“ אין שטאָקהאָלם זיך איינגעאָרדנט אין אַן אייגן הויז
מיט פאַרשידענע בּיוראָען, דירעקטאָרן און אַ גרויסן שטאַבּ
בּאַאַמטע. דער רום פון דער דאָזיקער בּוי־פירמע איז אַזוי גע־
וואַקסן, אַז זי האָט געשלאָסן טראַנזאַקציעס וועגן בּויען היי־
זער נישט בּלויז אין שוועדן, נאָר אויך אין דייטשלאַנד, פראַנק־
רייך, אַמעריקע און אַנדערע לענדער.

קרויגערס אונטערנעמונג האָט גענומען שטייגן אויף דער
הויך־קאַפּיטאַליסטישער לייטער מיט אַ שווינדלענדיקער שנעל־
קייט. קרויגער אַליין האָט זיך נישט געריכט אויף דעם גוואַל־
דיקן דערפאָלג פון זיין אונטערנעמונג. דער דאָזיקער דערפאָלג
האָט געשטאַרקט זיינע אַפּעטיטן. זיין דעוויז איז געוואָרן:

„אטאקירן דעם קאָנקורענט, איינשלינגען אים און אַלץ פּאַר־איינינקן אונטער די אייגענע פליגל". אַלע קלענערע גוייפירמעס האָבן זיך געמוזט פאַראייניקן מיט דער פירמע „קרויגער און טאָל", כדי נישט אומצוקומען. דער מעכטיקער לויתן האָט גענומען איינשלינגען אַלע קלענערע פיש. די פירמע „קרויגער און טאָל" איז שנעל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ריזיקן טרעסט מיט אַ שטאַב פון הונדערטער באַאַמטע, צענדליקער דירעקטאָרן און אַ ריזיקע מחנה פון אַרבעטער־שקלאַפן.

ווען די וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט זיך קרויגערן לכתחילה געדוכט, אַז זיין ריזיקע אונטערנעמונג וועט זיך צוזאַמענברעכן. עטלעכע טעג איז ער אַרומגעגאַנגען אַ שטאַרק דענערווירטער. דער פיר און דרייסיק־יעריקער קאַפּיטאַל סטישער ריז האָט דאַמאָלס געשריבן אַ בריוו צו זיינע עלטערן קיין קאַלמאַר. ער האָט קיינמאָל נישט פאַרגעסן אָן זיין היים, אָן דעם קליינעם שוועבעלעך־פאַבריקל אין קאַלמאַר, וואָס האָט זיך אַלץ געפונען אין דעמזעלבן צושטאַנד, וואָס מיט צוואַנציק יאָר צוריק. קרויגער האָט געשריבן צו זיין פאַמיליע אַזעלכע ווערטער:

„ס'וואָלט געווען שרעקלעך, ווען דאָס דאָזיקע אומגליק (די מלחמה) זאָל אונטערגראָבן אונזער אונטערנעמונג. מיר צעוואַקסן זיך שנעל. מיין קאַפּיטאַל וואַקסט, איך האָב נייע פּלענער. איך טראַכט וועגן מיין היימיש פאַך, וועגן שוועבעלעך. צו וואָס אַזויפיל קליינע פאַבריקלעך? מען דאַרף דאָס אַלץ צונויפגיסן אין איין גרויסער אונטערנעמונג. דער רוס לאַפּשין*) וויל פאַרכאַפּן דעם וועלט־מאַרק און נאָר אַ פאַראייניקונג פון אַלע שוועדישע פאַבריקן פון שוועבעלעך וועט דערצו נישט דערלאָזן. איך האָב מורא, אַז די מלחמה וועט צושטערן אַלע מיינע פּלענער".

*) אַן איינגעזעסענער פון אַ שוועבעלעך־פאַבריק פאַר דער וועלט־מלחמה.

די מלחמה האָט זיינע פּלענער נישט צעשטערט. פאַר־קערט, אַ דאַנק דער מלחמה איז די פירמע „קרויגער און טאָל״ געוואָרן אַ מעכטיקער טרעסט מיט אַ קאַפּיטאַל פון 68 מיליאָן שוועדישע קראָן. גראָד איצט, ווען אַלע בוי־פירמעס אין אייראָפּע האָבן צוליבן מאַראַטאָריום אויפן דירה־געלט און דעם שווערן עקאָנאָמישן קריזיס אויפגעהערט די בוי־אַרבעט, ווען שטאָקהאָלם איז בעת דער וועלט־מלחמה געוואָרן דער נייטראַלער באָדן פאַרן אייראָפּעאישן קאַפּיטאַל, — גראָד איצט האָט קרויגער געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרווירקלעכן זיינע קאַפּיטאַליסטישע דעראָבערונגס־פּלענער.

באַלד אין די ערשטע עטלעכע חדשים נאָכן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה האָט קרויגער דערזען, אַז די אייראָפּעאישע שיטה גיט אים די בעסטע מעגלעכקייט אויסצונוצן זיין אונטערנעמונג. דאַמאָלס, ווען אַנדערע האָבן געבויט האַרמאַטן און טאַנקען, ווען די גאַנצע אייראָפּעאישע אינדוסטריע האָט זיך געשטעלט אין דינסט פון דעם שרעקלעכן קריג, האָט קרויגער שטילערהייט באַהערשט אַלע ווינקעלעך פון דער וועלט. די שטאָקהאָלמער בוי־פירמע האָט אָנגעהויבן צו בויען הייזער אין דרום־אַפריקע, דרום־אַמעריקע, אַלזשיר, קאַנאַדע און מעקסיקע. דער מעכטיקער בוי־טרעסט האָט בהצי־חנם אָפּגעקויפט אין אַ סך אייראָפּעאישע שטעט הייזער און גיטער, איז געוואָרן דער איינגנטימער פון גאַנצע הייזער־בלאָקן און פּאַלאַצן אין בערלין, האַמבורג, ווין, פּאַריז און אַנדערע שטעט.

קרויגער האָט זיין דעראָבערונגס־מאַרש נישט געוואָלט אָפּשטעלן. פאַר אים איז אייראָפּע געווען ווייניק. בעת דער מלחמה האָבן די אַמעריקאַנער דאָלאַרן געקאָנט אַ סך מער אויפטאָן, ווי די דייטשע מאַרקן און ענגלישע פונטן. קרויגער האָט זיך ווידער געלאָזט קיין אַמעריקע און דאָרטן פאַרלייגט אַ בוי־טרעסט אונטער דעמזעלבן נאָמען, וואָס אין שטאָקהאָלם. די מאַכט פון דער שטאָקהאָלמער „קרויגער־ און טאָל״־

פירמע האָט זיך אויך איבערגעטראָגן קיין נ״ו־יאָרק. מיט דער הילף פון די אַמעריקאַנער דאָלאַרן האָט קרויגער געוואָלט באַהערשן אייראָפּע. ער האָט זיך ווידער געשטעלט אין קאָנטאַקט מיט די אַמעריקאַנער מיליאָנערן, באַזונדערס מיט ראָקפעלער און דילאָן, און באַקומען ביי זיי גרויסע קרעדיטן.

אין די פּרעכטיק איינגעאָרדנטע קאַבינעטן פון די אַמעריקאַנער מיליאָנערן האָט קרויגער שוין גערעדט מיט אַ טאָן פון אַ גלייכבאַ־רעכטיקטן מיטגליד אין דער מיליאָנערן־משפּחה. ער האָט זיך אַפילו געפילט שטאָלצער פון זיי און געטראַכט: „איר זענט געוואָרן מיליאָנערן אין דעם לאַנד פון אַוואַנטורי־סטישע קאַריערעס, איך גרייט זיך אָבער צו דעראָבערן די מאַכט אין דעם אָרעמען אייראָפּע. און טאַקע ווייל אייראָפּע איז אָרעם, וועל איך זי באַהערשן”.

אַזוי טראַכט קרויגער אין די ריזיקע אונטערנעמונגען פון שטאָקהאָלם און נ״ו־יאָרק, וואו ער איז דער הויפּט־דעה־זאָגער, דער צענטראַלער נערוו פון דעם מעכטיקן טרעסט, מאַכן דערווייל גלענצנדיקע געשעפטן. די רווחים וואַקסן כסדר, דער גאָלד־שטראָם הערט נישט אויף צו פליסן אין די קעשענעס פון די אַקציאָנערן פון דעם „קרויגער און טאָל”־קאָנצערן.

איבער אַלץ וואַכט דער יונגער שוועדישער אינזשיניער, דער גאַנצער קנופּ פון דער ריזיקער אונטערנעמונג איז אין זיינע הענט, ער איז דער פאַקטישער קאַפּיטאַליסטישער דיקטאַטאָר.

אָבער, צי זאָל ער זיך בלויז צופרידנשטעלן מיט בויען הייזער, האָטעלן, שאָסייען און בריקן? אָט איז ער געווען אין קאַלמאַר. די פאַבריקן פון שוועבעלעך אַרבעטן, ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק. מ׳דאַרף זיי אַלע פאַראייניקן, בילדן פון זיי אַן אַקציע־געזעלשאַפט און בראש פון דער אַקציע־געזעלשאַפט וועט זיך שטעלן ער, קרויגער.

אָט דאָס קליינע שוועבעלע האָט אַ צוקונפט. אַפילו דער

ווילדער אין אפריקע באַנוצט זיך שוין דערמיט. מ׳דאַרף זיך דערצו נעמען. באַהערשן די גאַנצע וועלט־פּראָדוקציע פון שוועבעלעך. מיט דרייסיק יאָר צוריק האָט דער קליינער איוואַר זיך געשפּילט מיט שאַכטעלען פון שוועבעלעך אין דעם קליינעם פאַבריקל פון זיין פאָטער. איצט וועט ער, דער זון, צונויפנעמען אַלע שאַכטעלעך מיט שוועבעלעך פון דער וועלט און זיי פאַרקויפן. דערפון קאָנען דאָך זיין אַזעלכע ריזיקע רווחים, אַז דער קאָפּ פאַרדרייט זיך אַזש.

ביי איוואַר קרויגער פאַרדרייט זיך אָבער נישט דער קאָפּ. ער גייט צו צו דעם ענין רואיק און אַרבעט אויס אַ פּלאַן, ווי אַ מלחמה־פירער פאַר דער שלאַכט. צי וועט אים נישט אויסקומען צו פירן קיין שלאַכט מיט די אַלע קאַפּיטאַליסטישע קאָנקורענטן, צי וועלן זיי זיך אַזוי לייכט לאָזן איינשלינגען?

„אָבער איצט איז מלחמה, — טראַכט קרויגער, — די קאָנקורענטן זענען אַלע פאַרנומען מיט אייכאַרבעטן פולווער. איך וועל זיי שטעלן פאַר אַ געשעענעם פאַקט. זאָלן זיי אַרבעטן פולווער, איך וועל אָפּקויפן ווילדער, וועל אויסהאַקן האַלץ, צושניידן עס אויף דינע, לענגלעכע פענעצלעך, איינטונקען זיי אין שוועבל און די דאָזיקע שוועבעלעך לאָזן אין דער וועלט אַריין”...

# די וועלט ווערט פאַרפלייצט מיט שוועבעלעך

— הער קרויגער, אויף ווען באַשטימען מיר די ערשטע פאַרזאַמלונג פון דער נייער אַקציע־געזעלשאַפט?

קרויגער זיצט אין אַ טיפן פאָטעל ביי זיין מאַסיוון מאַהאָן־שרייב־טיש. אויפן שרייב־טיש ליגן אָן אַ שיעור פּאַפּירן, בריוו, חשבונות. נעבן אים זיצט זיין סעקרעטאַר. איינגיכן דאַרף

פארקומען די ערשטע פארזאמלונג פון דער נייער אקציע־געזעלשאפט, וואס קרויגער האט געשאפן, די „אקציע־געזעלשאפט פון דער שוועבעלעך־אינדוסטרי אין שוועדן".

דער פונדאמענט פאר א נייער מאכט איז געלייגט. קרויגער קרוינט זיך אין א נייער מלוכה, אין דער מלוכה פון די שוועבעלעך. דער פונדאמענט פאר דער דאזיקער שוועבעלעך־מלוכה ווערט געלייגט אין יאר 1917, אין דעם יאר, ווען אייראפע נייט אפ אין בלוט.

— שרייבט אויס די איינלאדונגען אויפן 7־טן נאוועמבער, — ענטפערט קרויגער.

אין דער זעלבער צייט, ווען עס ווערט געלייגט דער גרונט־שטיין פאר קרויגערס וועלט־מלוכה פון די שוועבעלעך, ווען עס קומען זיך צונויף אין א גרויסן שטאקהאלמער זאל די אקציאנערן פון דער נייער אקציע־געזעלשאפט, כדי זיך צו טיילן מיט די ערשטע רוחים, — אין דער זעלבער צייט ברעכט אויס אין פעטראגראד די באלשעוויסטישע רעוואלוציע...

אוועקגייענדיק פון דער פארזאמלונג טראכט קרויגער: „מיט די דאזיקע שוועבעלעך וועט מען קאנען איינעמען די וועלט. איך וועל קודם־כל באהערשן שוועדן. אלע שוועדישע שוועבעלעך־פאבריקן וועלן זיך צונויפגיסן אין איין מעכטיקן טרעסט. ווען איך וועל שוין זיין הערשער אין מיין אייגן לאנד, וועל איך זיך נעמען דעראבערן נייע לענדער. זיי וועלן זיך נישט וועלן אונטערגעבן? זיי וועלן זיין צו שוואך דערצו. די מלחמה וועט זיי אזוי אויסמאטערן, אז זיי וועלן מוזן אנקומען צו מיינע קאפיטאלן. און מיינע קאפיטאלן וואקסן. נאך דער מלחמה וועלן די אייראפעאישע מלוכות בלייבן רעקאנוואלעסצענטן, אפגעשוואכטע, און א טראפן בלוט. זיי וועלן מיר זיך מוזן אונטערגעבן. איין ברירה וועלן זיי האבן — אנצוקומען צו מיינע קאפיטאלן, אדער אונטערצוגיין".

זיין סוחריש־קאפיטאליסטישע פאנטאזיע האט געארבעט. אָבער ער איז נישט געווען קיין טרוימער, וואָס קוקט בלויז אין הימל אריין. ער איז געשטאנען מיט ביידע פיס פעסט אויף דער ערד. זיינע פאנטאזיעס האָבן געהאט א רעאלן גרונט. ער האָט אָפערירט מיט ציפערן, מיט בילאנסן, מיט א גענויער בוכהאלטעריע.

אין דעם יאָר, ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָט זיך די גאנצע שוועבלעך־אינדוסטרי פון שוועדן שוין געפונען אין קרויגערס הענט. ס איז אויפגעשטאנען א צווייטער ריזיקער טרעסט — די פאריייניקונג פון אלע שוועבלעך־אינדוסטריעלער אין שוועדן אונטער דער אָנפירונג פון דעם 38־יעריקן איוואר קרויגער.

א סך לענדער זענען געווען חרוב, די קאסעס פון די רעגירונגען — ליידיק. ס זענען אנטשטאנען נייע מלוכות, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין הלוואות. די אמעריקאנער מיליאָנערן האָבן דעם אָרעמען אייראָפּע נישט געטרויט, זיי האָבן מורא געהאט צו באָרגן.

איוואר קרויגער האָט מיט זיין סוחרישן בליק באלד ארומגעכאפט די געשאפענע לאגע אין דעם נאָך־מלחמהדיקן אייראָפּע. אין זיין שטאָקהאָלמער קאבינעט איז ער עטלעכע טעג געגאנגען הין און צוריק איבערן צימער, גערויכערט איין פאפּיראָס נאָכן אנדערן, נישט אויפגענומען קיין אינטערעסאנטן, נישט צוגעלאָזט צו זיך קיינעם און אויסגעארבעט אזא פּראָיעקט:

„די אמעריקאנער מיליאָנערן האָבן מורא צו אינוועסטירן זייערע קאפיטאלן אין אייראָפּע. די רעגירונגען ווידער פון אייראָפּע דארפן געלט, כדי צוריק אויפצובויען די חרוב געוואָרענע לענדער, כדי צוריק צו שטעלן זיך אויף די פיס. איך וועל סומען צו מיינע באקאנטע מיליאָנערן און וועל ביי זיי באָרגן געלט פאר די אייראָפּעאישע רעגירונגען. זיי וועלן מיר באָרגן,

ווייל איך וועל זיי גאַראַנטירן מיט דעם שוועבעלעך־מאָנאָפּאָל, וואָס די רעגירונגען וועלן מיר מוזן געבן אַלס באַלוינונג פֿאַר די הלוואות. אַזוי אַרום וועלן אַלע צדדים זיין צופֿרידן און איך וועל דערביי קאָנען מאַכן גלענצנדיקע געשעפֿטן. אַ קליינע־קייט — שוועבעלעך־מאָנאָפּאָלן אין יעדן לאַנד! חוץ מיינע שוועבעלעך וועט מען קיין אַנדערע נישט טאָרן פֿאַרקויפֿן. די רעגירונגען וועלן דאָך זיכער איינגיין דערויף, ווען איך וועל זיי באָרגן קאַפּיטאַלן, וועלן, אָן שום ספק, זיין צופֿרידן פֿון אַזאַ געשעפֿט. איך וועל זיי אפילו מאַכן שותּפֿים צו דער שוועבעלעך־פּראָדוקציע. זיי וועלן דאַמאָלס זיין זיכער מיטן געלט, אָבער דער הויפּט־דעה־זאָגער וועל איך זיין — ס'איז דאָך מיין היימישע בראַנזשע"...

דער פּלאַן פֿון דער שוועבעלעך־אָפּענס־ווע אויף איראָפּע איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דורך קרויגערן מיט אַלע פּרטים. שטילערהייט, אין דער איינזאַמקייט פֿון זיין קאַבינעט, אָן אַ באַראַטונג מיט זיינע דירעקטאָרן, שותּפֿים, סעקרעטאַרן, איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער דאָזיקער דעראָבערונגס־מאַרש אויף איראָפּע. דער פֿינאַנציעלער לייב האָט אַלע זיינע פּלענער אויסגעאַרבעט אין פֿולשטענדיקער איינזאַמקייט. ער האָט פֿיינט געהאַט צו הערן אַן עצה פֿון אַ צווייטן. צוטרעטנדיק צו פֿאַרווירקלעכן אַ געוויסן פּלאַן ,האָט דער מאַן, וואָס האָט נישט פֿאַרמאָגט קיין פֿרוי און קיין קינדער, קיין נאָענטע און קיין פֿריינט, מיט קיינעם זיך נישט באַראַטן, נאָר אַליין אויס־געאַרבעט דעם פּראָיעקט און אַרויסגעגעבן די געהעריקע באַ־פֿעלן צו זיין שטאַב באַאַמטע.

קרויגער איז געפֿאָרן קיין אַמעריקע און גענומען איינ־טענהן מיט די אַמעריקאַנער מיליאָנערן:

— אייערע מיליאָנען פֿוילן דאָך אין די שטאָלענע פּאַנ־צער־קאַסעס. לאָזט זיי אויף דער וועלט, וועט איר פֿאַרדינען און די וועלט וועט געראַטעוועט ווערן פֿון דעם חורבן, וואָס די

מלחמה האָט אָנגעמאַכט. וועט איר עס נישט טאָן — וועט דער באָלשעוויסטישער געשפּענסט פון מזרח דערשלאָגן דעם קאַפּיטאַליזם. איראָפּע מוז געראַטעוועט ווערן, געדענקט וועגן דעם!

— נו, גוט, אָבער ווער קאָן אונז גאַראַנטירן, אַז אונזערע קאַפּיטאַלן וועלן נישט פאַרפאַלן ווערן אין איראָפּע, אַז די פאַראַרעמטע רעגירונגען פון די איראָפּעאישע לענדער וועלן נישט באַנקראָטירן און אונז נישט צוריקצאָלן קיין גראָשן? — האָבן געענטפערט די אַמעריקאַנער געלט־מאַגנאַטן.

— איך, איוואַר קרויגער. גיט מיר דאָס געלט און ווערט שותפים צו די שוועבעלעך־מאָנאָפּאָלן, וואָס איך פאָדער פון יעדער רעגירונג פאַר אַ הלוואה. איר וועט נאָך פאַרדינען און וועט זיין זיכער מיט אייערע קאַפּיטאַלן. איר וועט האָבן אַ דאָפּלטן ריווח: איר וועט באַקומען צינזן פון די הלוואות און פאַרדינסט פון דער שוועבעלעך־פּראָדוקציע.

די אַמעריקאַנער געלט־זעק כאַפּן זיך אָן אָן דעם דאָזיקן פאָרשלאַג און שטייען צו אַלס שותפים צו קרויגערס שוועבעלעך־קאָנצערן. קרויגער גרינדעט דאַן די „שוועדיש־אַמעריקאַנישע אינוועסטיציע־געזעלשאַפט" מיט אַן אַקציע־קאַפּיטאַל פון פינף און פירציק מיליאָן דאָלאַר. גלייכצייטיק האָט קרויגער אָפּגעקויפט ניינציק פּראָצענט אַקציעס פון דער „אינטערנאַציאָנאַלער שוועבעלעך־געזעלשאַפט" און אַזוי אַרום געוואָרן איר פאַקטישער אייגנטימער. האָבנדיק אין זיין רשות די דאָזיקע שוועבעלעך־געזעלשאַפט האָט קרויגער באַהערשט דעם אַמעריקאַנער שוועבעלעך־מאַרק, ווייל די „אינטערנאַציאָנאַלע שוועבעלעך־געזעלשאַפט" איז געווען אַן אַמעריקאַנישע אונטערנעמונג.

פון דעם דאָזיקן מאָמענט אָן האָט קרויגערס שוועדישע שוועבעלעך־געזעלשאַפט געהאַט אַן אַקציע־קאַפּיטאַל פון 300 מיליאָן שוועדישע קראָנען און די אַמעריקאַנישע — 350 מיל־

יאָן שוועדישע קראָן. צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע געזעלשאַפטן האָבן קרויגערס אונטערנעמונגען, וועלכע זענען דורך אים פאַר־אייניקט געוואָרן אין איין קאָנצערן, פאַרמאָגט אַ קאַפּיטאַל פון 800 מיליאָן שוועדישע קראָנען.

הערשנדיק איבער אַזאַ שוועבעלעך־מלוכה, האָט קרויגער זיך גענומען פאַרווירקלעכן זיין פּלאַן, וואָס ער האָט אויסגע־אַרבעט אין דער שטילקייט פון זיין שטאָקהאָלמער קאַבינעט. ער האָט געוואָלט באַהערשן די שוועבעלעך־פּראָדוקציע פון דער גאַנצער וועלט. דערגרייכן דערצו האָט ער געקאָנט נאָר דורכן איבערנעמען דעם מאָנאָפּאָל פון שוועבעלעך אין אַלע לענדער. ער האָט עס פאָרמולירט אין אַ קורצן זאַץ: „פאַר אַ הלוואה — אַ שוועבעלעך־מאָנאָפּאָל”. פאַר זיין נאָענטסטן מיטאַרבעטער, רידבעק, דער הויפּט־דירעקטאָר פון קרויגערס קאָנצערן, האָט קרויגער אַמאָל זיך אויסגעדריקט אַזוי:

— די הויפּט־זאַך זענען די הלוואות. מיט אַ הלוואה קאָן מען באַהערשן אַ לאַנד מער, ווי מיט מיליטער. פאַר מיינע מיליאָנען וועט זיך מוזן אונטערגעבן יעדער מיניסטער. די מלוכות זענען אַזוי פאַראָרעמט, אַז זיי בעטן זיך פשוט, מען זאָל זיי עקספּלואַטירן...

און קרויגער נעמט זיך צו זיין עקספּלואַטאַציע־אַרבעט מיט דעם געהעריקן פלייס און עקשנות. ער נעמט איין לענדער אָן דער מינדסטער בלוט־פאַרגיסונג, בלויז מיטן שוועיס פון צענדליקער טויזנטער אַרבעטער און... מיליאָנען דאָלאַרן.

„נאָך די דאָזיקע אָפּעראַציעס (דאָס שאַפן שוועבעלעך־געזעלשאַפטן), — דריקט זיך אויס וואַלטער זיס, אַ באַקאַנטער דייטשער זשורנאַליסט, — הויבט קרויגער אָן אַ דעראָבערונגס־מאַרש, וועלכער פאַרשטופט אין אַ ווינקל די דעראָבערונגס־מאַרשן פון אַלעקסאַנדער דעם גרויסן, דזשינגיס־כאַן, צעזאַר און נאַפּאָלעאָן”.

דער ערשטער מאַרש איז אויף פראַנקרייך. דאָס דאָזיקע

לאַנד האָט זיך נאָך דער מלחמה געפֿונען אין אַ שווערער לאַגע. מ׳האָט געדאַרפֿט צוריק אויפֿבויען גאַנצע שטעט, וואָס זענען חרוב געוואָרן בעת דער מלחמה. דער פֿראַנצויזישער פֿראַנק האָט אָנגעהויבן צו פֿאַלן. מ׳האָט אים געמוזט ראַטעווען. צו וועמען ווענדעט מען זיך? די אַמעריקאַנער מיליאָנערן זענען קאַרגע הינט, ווילן קיין גראָשן נישט באָרגן און אויב זיי באָרגן שוין — שינדן זיי די הויט מיט גרויסע צינזן.

צו דער פֿראַנצויזישער רעגירונג קומען קרויגערס אַגענטן. ער צושיקט זיי אין אַלע לענדער און הייסט זיי איבערחזרן בלויז איין זאַץ: „פֿאַרן פּרייז פֿון אַ שוועבעלעך־מאָנאָפּאָל באַקומט מען אַ הלוואה”.

די פֿראַנצויזישע רעגירונג איז מסכּים. ס׳איז איר אפֿילו אַ שאָד. אין לאַנד געפֿינען זיך זעקס ריזיקע פֿאַבריקן פֿון שוועבעלעך, זאָל דאָס אַלץ אַריבערגיין צו קרויגערן אין די הענט? אָבער זי האָט דאָך נישט קיין ברירה, דער פֿראַנק פֿאַלט קאַטאַסטראָפֿאַל, מען מוז אים פֿאַר יעדן פּרייז ראַטעווען. דער נסיון איז אַ שווערער.

קרויגער זיצט אין קאַבינעט פֿון פֿראַנצויזישן פֿינאַנץ־מיניסטער. ביים טיש זיצט אויך בריאַן. די פֿראַנצויזן פּרוּוון עפּעס אָפּצוזאָגן. אפֿשר אַ טיילווייזן מאָנאָפּאָל, אפֿשר איבערלאָזן דריי פֿאַבריקן אַרבעטן אויף פּריוואַטע יסודות?

קרויגער ענטפֿערט רואיק, כמעט קאַלט:

— אַ טיילווייזער מאָנאָפּאָל? ניין, אויסגעשלאָסן. איך באָרג אייך פֿינף און זיבעציק מיליאָן דאָלאַר. דאָס איז אַ היפּשע סומע, דערפֿאַר וויל איך דעם שוועבעלעך־מאָנאָפּאָל אין גאַנץ פֿראַנקרייך.

פֿינף און זיבעציק מיליאָן דאָלאַר! די פֿראַנצויזן זענען אַזש צעטומלט. מיט דער דאָזיקער סומע וועט מען ראַטעווען דעם פֿראַנק, וועט מען קאָנען בויען, אויפֿטון. ס׳איז נישטאָ

קיין ברירה. דער דאָזיקער שוועד איז אַ שרעקלעכער עקשן, אָבער מען קאָן זיך גאָרנישט העלפֿן.

די טראַנזאַקציע ווערט געשלאָסן. די טעלעגראַמען צעפּויקן באַלד אויף דער גאַנצער וועלט די ידיעה, אַז דער קרויגער־קאָנצערן האָט געבאָרגט דער פֿראַנצויזישער רעגירונג פֿינף און זיבעציק מיליאָן דאָלאַר. וועגן דעם, אַז קרויגער איז געוואָרן דער בעל־הבית פֿון פֿראַנצויזישן שוועבעלעך־מאָנאָפּאָל, אַז פֿון איצט אָן וועט יעדעס שוועבעלע, וואָס מען וועט אָנרייבן אין פֿראַנקרייך, געהערן צו איוואַר קרויגער, — וועגן דעם מאַכט די רעגירונג אַ שווייג. ערשט אין פּאַרלאַמענט וועט מען זיך וועגן דעם אַרומקריגן. אָבער דעמאָלט וועט שוין קרויגער האָבן זיינע פּרעכטיקע אַפּאַרטאַמענטן אויף דער וויקטאָר־עמאַנועל־אַוועניו נומער 111 אין פּאַריז, וואוהין ער וועט קומען פֿון צייט צו צייט קאָנטראָלירן זיין שוועבעלעך־מאָנאָפּאָל אין פֿראַנקרייך.

אין קיין האָטעל שטייט ער קיינמאָל נישט איין. ער איז אין ערגעץ נישט קיין גאַסט, קיין פֿרעמדער. ער איז אומעטום בעל־הבית. אין יעדער הויפּט־שטאָט פֿון אייראָפּע, וווּ קרויגער האָט באַהערשט דעם שוועבעלעך־מאָנאָפּאָל, דינגט ער זיך אַ פּרעכטיקע וווינונג, וועלכע שטייט וואָכן און חדשים ליידיק. ער קומט בלויז אויף עטלעכע טעג, אָדער העכסטנס אויף עטלעכע וואָכן, כדי אַכטונג צו געבן אויף זיין מאָנאָפּאָל־אונטערנעמונג. ער גיט אַרויס די געהעריקע אָנווייזונגען, באַפֿעלן, קאָנטראָלירט די ווירטשאַפֿט, פֿירט איין געוויסע נייעסן און פֿאָרט אַוועק אין אַן אַנדער לאַנד.

פֿון איצט אָן איז קרויגער נישט בלויז דער איינוואוינער פֿון שטאָקהאָלם. אמת, זיין פּאַלאַץ אין שטאָקהאָלם, מיט די טעראַסן און פּרעכטיקן גאָרטן, איז געווען זיין רעזידענץ, אָבער ער איז דאָ זעלטן געקומען, מ'האָט אים דאָ געזען זעלטענער,

ווי אין פּאַריז, אָדער ניו־יאָרק, ווייל פּאַריז און ניו־יאָרק זע־נען געווען די צענטרען פון דעם פינאַנס־קאַפּיטאַל.

אין פּאַריז, וואַרשע ,בוקאַרעשט, ווין, בערלין, ריגע, ניו־יאָרק, בוענאָס־איירעס און נאָך אַנדערע הויפּט־שטעט האָט קרויגער געהאַט פּרעכטיקע אַפּאַרטאַמענטן. זיין דירה אין וואַרשע, אויף קרולעווסקע 3, וועלכע איז באַשטאַנען פון זיבן צימערן, איז געווען פּרעכטיק און קאָמפּאָרט־מעסיק איינגע־אָרדנט. אַלע צימערן האָבן זיך געבאָדן אין בלומען. דער טרוי־קענער ביזנעס־מאַן האָט געוואַלדיק ליב געהאַט בלומען.

איבער די דאָזיקע צימערן פלעגט קרויגער אַליין אַרומגיין און טראַכטן וועגן זיינע פינאַנציעלע קאָמבינאַציעס, אַנטוויי־קלען פּלענער פאַר זיין ווייטערדיקן קאַפּיטאַליסטישן דער־אָבערונגס־מאַרש איבער די לענדער פון דער וועלט. אָבער ער איז דאָ געווען אַליין, קיין שום פרויען־בליק האָט צו אים נישט געשמייכלט, קיין שום פרויען־לייב האָט נישט געוואַרט אויף זיינע אומאַרמונגען...

צו וואָס האָבן דעם פינף און פערציק יעריקן בחור גע־טויגט אַזוי פיל לוקסוס־איינגעאָרדנטע וואוינונגען אין די באַרימטע הויפּט־שטעט? די דאָזיקע פּרעכטיקע אַפּאַרטאַ־מענטן פלעגן דאָך גאַנצע חדשים שטיין ליידיק און, ווי גע־זאָגט, פלעגט זיך קרויגער מיט זיי באַנוצן סך־הכל עטלעכע וואָכן אין יאָר. ער האָט אָבער געוואָלט ווייזן, אַז ער איז בעל־הבית אין יעדן לאַנד, אַז ער האָט אומעטום אַ דעה צו זאָגן, אַז זיין מאַכט גרייכט איבעראַל, אַז ער איז ערן־בירגער פון יעדן לאַנד.

נאָך דער טראַנזאַקציע מיט פראַנקרייך האָט קרויגער גע־נומען דעם דייטשן מאַרק. ער האָט געגעבן דער דייטשער רע־גירונג אַ הלוואה פון 125 מיליאָן דאָלאַר. דערביי האָט ער אפילו נישט געפאָדערט, אַז דער גאַנצער שוועבעלעך־מאָנאָפּאָל זאָל איבערגיין אין זיינע הענט. ער האָט זיך צופרידנגעשטעלט מיט

א געזיכערטן אַנטייל אין די פּאַרדינסטן, וועלכע זענען געווען קאָלאָסאַלע. צו וואָס האָט אים געטויגט דער גאַנצער מאָנאָפּאָל פון די שוועבעלעך אין דייטשלאַנד, ווען בלויז אַלס שותּף האָט ער געהאַט די זעלבע רווחים, וואָס פון פראַנצויזישן מאָנאָפּאָל.

נאָכדעם איז געקומען די ריי אויף יוגאָסלאַוויע. ער האָט אַריינגענומען אין זיינע הענט דעם שוועבעלעך־מאָנאָפּאָל פון דעם דאָזיקן לאַנד און געגעבן דערפאַר א הלוואה פון צוויי און צוואנציק מיליאָן דאָלאַר. אויך דער רומעניש׳ער שוועבעלעך־מאָנאָפּאָל איז איבערגעגאַנגען צו קרויגערן, ווייל רומעניע האָט נויטיק געדאַרפט א הלוואה און קיינער האָט איר נישט גע־וואָלט באָרגן. איז געקומען קרויגער קיין בוקאַרעשט, אונטער־געהאַנדלט, נישט געוואָלט אָפּטרעטן אויף א האָר פון זיינע פאָדערונגען און באַקומען דעם מאָנאָפּאָל. דערפאַר האָט די רומענישע רעגירונג באַקומען פון אים א הלוואה פון 30 מיליאָן דאָלאַר.

אויך פּוילן האָט צוגענומען קרויגערן פאַר א שותּף צום שוועבעלעך־מאָנאָפּאָל און באַקומען דערפאַר א הלוואה פון זעקס מיליאָן דאָלאַר. דאָס זעלבע האָט געטון לעטלאַנד, וואו דער שוועבעלעך־מאָנאָפּאָל ליגט כמעט אינגאַנצן אין קרויגערס הענט. דערפאַר האָט קרויגער געגעבן דער דאָזיקער קליינער מלוכה א הלוואה פון זעקס מיליאָן דאָלאַר.

קרויגער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אין זיין דעראָבע־רונגס־מאַרש. ער האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע אַריינצו־כאַפּן אין זיינע הענט די גאַנצע וועלט־פּראָדוקציע פון שווע־בעלעך. א פאַנטאַסטיש׳ער פּלאַנעם! אָבער קרויגער האָט גע־זיגט מיט... הלוואות און דאָס דאָזיקע זעלטענע געווער האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט איינצונעמען א האַלבע וועלט.

די שוועבעלעך־פּראָדוקציע אין שוועדן, נאָרוועגיע, פּוילן, לעטלאַנד, רומעניע, עסטרייך, דייטשלאַנד, גריכנלאַנד, פראַנק־רייך, פּאָרטוגאַל, גאַנץ דרום־אַמעריקע, ווי אַרגענטינע, בראַ־

זיליע, אורוגוויי, טשילי, עטלעכע לענדער אין אזיע, ווי יאפאן, טיילווייז כינע, צפון־אַמעריקע, — אַט דאָס אַלץ האָט זיך געפונען אין רשות פון קרויגערס קאָנצערן.

איין לאַנד, וואָס פאַרנעמט אַ זעקסטל טייל פון דער ערד, האָט קרויגער נישט געקאָנט בייקומען. דאָס איז געווען ראַטן־פאַרבאַנד. ער האָט אָנגעווענדעט כלערליי מיטלען, כדי צו באַהערשן דעם דאָזיקן ריזיקן מאַרק, ער האָט פאָרגעלייגט די לייכטסטע באַדינגונגען, אָבער די ראַטן־רעגירונג האָט דער־קלערט, אַז זי קאָן נישט דערלויבן, אַז קרויגער זאָל אַרבעטן אויף קאַפּיטאַליסטישע יסודות אין דער סאָציאַליסטישער מלו־כה. קרויגער האָט געמוזט רעזיגנירן.

חוץ ראַטן־פאַרבאַנד האָט קרויגער באַהערשט כמעט די גאַנצע שוועבעלעך־פּראָדוקציע פון דער וועלט. ער האָט גע־קיניגט איבער 35 לענדער! „אין 150 פאַבריקן, — שרייבט דער שוין דערמאָנטער דייטשער זשורנאַליסט וואַלטער זים, — האָבן געדווישט קרויגערס מאַשינען, פופציק טויזנט מענטשן זענען געווען באַשעפטיקט אין קרויגערס שוועבעלעך־קאָנצערן און מיליאָנען מענטשן האָבן אים, קרויגערן, געצאָלט ביים פאַררויכערן יעדן פּאַפּיראָס, ביים אָנצינדן יעדעס ליכטל, יעדע לאָמפּ".

אָבער דאָס אַלץ איז פאַר אים געווען נאָך ווייניק. אין זיין געיעג נאָך נייע רווחים, נאָך נייע פאַרדינסט־קוועלן האָט ער דערמאָנט אַ שטורעמדיקן טייך, וואָס גיסט זיך אויס פון די ברעגעס. ער האָט זיך געוואָלט אויסשפּרייטן איבער דער גאַנ־צער עשירות פון דער וועלט, אַלץ אַריינגעמען אין זיינע הענט, אַלץ פאַרכאַפּן אונטער זיין השגחה.

מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן, אַז אין דער צייט, ווען ער האָט געמאַכט זיין נצחון־מאַרש איבער דער שוועבעלעך־פּראָ־דוקציע, האָט ווייטער גלייכצייטיק עקזיסטירט די בוי־פירמע „קרויגער און טאָל" און געמאַכט ריזיקע טראַנזאַקציעס. ערשט

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט זיך קרויגער צעטיילט מיט זיין ערשטן שותף, טאָל, און אַליין אָנגעפירט מיט דעם ריזיקן בוי־טרעסט, אַליין געשלאָסן טראַנזאַקציעס און פּינקטלעך אויס־געפירט אַלע באַשטעלונגען.

דאָס איז נאָך אַלץ געווען ווייניק. קרויגער האָט כסדר זיך געוואָרפן אויף נייע הכנסה־קוואַלן. זיין בלויז דער שוועבעלעך־קעניג? ניין, דאָס שטעלט אים נישט צופרידן. ער וויל ווערן דער נאַפּאָלעאָן פון קאַפּיטאַליזם, ער וויל דעראָבערן די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע. ער איז דאָך נאָך גענוג יונג, סך־הכל פופציק יאָר אַלט. ווי לאַנג האָט נעדויערט, ווי ער האָט אַריינגענומען אין זיינע הענט אַריין די גאַנצע פּראָדוק־ציע פון שוועבעלעך? צען יאָר. ווייטער וועט עס געדויערן ווי־ניקער.

אין 1930 איז קרויגער געוואָרן דער איינגנטימער פון עט־לעכע גרויסע אייזן־הוטעס, ער איז געוואָרן אַ שותף צו דער שוועדישער פילם־אינדוסטרי, אַ גרויסע טייל אַקציעס פון דער טעלעפאָן־געזעלשאַפט „עריקסאָן" האָט ער אָפּגעקויפט און געוואָרן דער דעה־זאָגער אין דער דאָזיקער אונטערנעמונג, ער האָט געעפנט עטלעכע פאַבריקן פון פּאַפּיר און צוויי צייטונגען אין שטאָקהאָלם זענען געווען זיין אייגנטום. אין 1931 האָט ער געקויפט פאַר אַכציק מיליאָן שוועדישע קראָנען אַ גאָלד־גרוב, פון וועלכן מ'האָט עקספּלואַטירט איין און זעכציק פונט גאָלד אַ חודש, ער האָט פאַרמאָגט אין דייטשלאַנד צוויי הונ־דערט הייזער און האָט צו דעם צוועק געשאַפן דאָרט אַן איי־גענע היפּאָטעק־באַנק.

און מיט דעם אַלעם האָט אָנגעפירט דער שוועד מיט די מידע אויגן, דער פופציק יעריקער איינזאַמער בחור, איוואַר קרויגער.

# דער קריזיס

האָט איין מענטש געקאָנט אויסטראָגן אָט דעם דאָזיקן ריזיקן קאַפּיטאַליסטישן בנין? נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט געהאַט אַ ריזיקן שטאַב באַאַמטע און דירעקטאָרן, איז ער דאָך, ווי מיר ווייסן, שטענדיק געווען אויף דער וואַך און אַכטגעגעבן אויף דעם קלענסטן שרייפּעלע פֿון דער ריזיקער מאַשין. זיין סעקרעטאַר דערציילט, אַז קרויגער פֿלעגט טיילמאָל אויפֿשטיין אין מיטן דער נאַכט פֿון בעט, אָנטאָן זיין שלאָפֿראָק און זיך אַוועקזעצן ביים טיש אויסאַרבעטן עפּעס אַ נייעם פּלאַן. קרויגער האָט שטענדיק ליב געהאַט שטילקייט און איינזאַמקייט.

דער וויצע־פּרעזידענט פֿון שוועדישן שוועבעלעך־קאָנצערן קריסטאַר ליטאָרין, האָט אין אָנהויב יאָר 1931 געהאַט מיט קרויגערן אַ שמועס וועגן זיינע, קרויגערס, נייע פּלענער.

— מיר שטייען פֿאַר ערנסטע פֿינאַנסיעלע שוועריקייטן, — האָט ליטאָרין באַמערקט, — די וועלט־בערזע וואַקלט זיך, ווי אַזוי וועט מען איצט דאַרפֿן האַנדלען? וואָס פֿאַר אַ פּלענער האָט איר?

— פּלענער? איך טראַכט טאַקי וועגן דעם, — האָט קרויגער געענטפֿערט מיט אַ לייכטן, קאַלטן שמייכל, — אָבער די וועלט־ווירטשאַפֿט בלייבט שטיין אין אַ טעמפּן ווינקל, מיר אַלע בלייבן שטיין אין אַ טעמפּן ווינקל... איך שרעק מיך פֿאַר איין זאַך, אַז איך זאָל נישט מיד ווערן. דאָס וועט זיין דאָס ערגסטע. איך פֿיל נאָך דערווייל אין זיך גענוג כּוחות, אָבער איך זע פֿאָרויס, אַז דער פֿינאַנץ־קאַפּיטאַל וועט ווערן טויט. דאַן איז — אַלץ אויס!

— האָט איר נישט דערווייל קיין שום פּלענער?

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, איך טראַכט, אָבער

קיין קאָנקרעטע פּלענער זענען ביי מיר דערווייל נישט געבוירן געוואָרן.

שוין דאַמאָלס, מיט אַ יאָר צוריק, האָבן זיך ביי קרויגערן באַוויזן סמנים פון מידיקייט. ער פּלעגט זיך זעלטענער באַווייזן אין דער עפנטלעכקייט, זיצן גאַנצע טעג אין זיין קאַבינעט און קיינעם נישט אויפנעמען.

אין יולי 1931 איז ער געפאָרן קיין שטאָקהאָלם, וואו ער האָט פאַרבערענגט עטלעכע חדשים אין זיין פּרעכטיקן פּאַלאַץ. דער וועלט־קריזיס האָט שרעקלעך געווירקט אויף זיין שטימונג. דער קאַפּיטאַליסטישער ריז האָט געזען, אַז דער פונדאַמענט אונטער דעם גיגאַנטישן בנין וואָס ער האָט געבויט מיט אַזאַ שווינדלענדיקער שנעלקייט, הויבט אָן צו פוילן. צי קאָן נישט דער דאָזיקער בנין אין איין העלן פרימאָרגן איינפאַלן? דער ווירטשאַפטלעכער קריזיס לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער וועלט, ווי אַ שווערע כמאַרע. עס קראַכן גרויסע פירמעס, בענק, טרעסטן. ניין, אַזעלכעס איז נאָך נישט געווען! קרויגערן כאַפּט אַזש אַרום אַ שרעק.

ער האָט געגלויבט, אַז מ'קאָן אַלץ באַהערשן, דעראָבערן, אַז מען קאָן פאַרשקלאָפן אַלע לענדער, ער האָט געבויט ריזיקע אונטערנעמונגען, געשאַפן קאָלאָסאַלע הכנסה־קוואַלן און האָט דערזעט ער פּלוצלונג, אַז ער בויגט זיך אונטער דער משא פון זיין איינגן ווערק, אַז דאָס דאָזיקע ווערקט דראָט אים אַליין אומצוברענגען.

די אַמעריקאַנער מיליאָנערן הויבן אָן איינצוציען זייערע קאַפּיטאַלן. אויך איבער דער מעטראָפּאָליע פון קאַפּיטאַליזם, איבער אַמעריקע, לאָזט זיך אַראָפּ אַ שוואַרצער וואָלקן פון קריזיס. קרויגער גייט אַרום אַ נערוועזער איבער זיין קאַבינעט און טראַכט, אַז אויב דער ווירטשאַפטלעכער קריזיס זאָל ווייטער שפּרייזן מיט די דאָזיקע ריזן־שריט, וואָס איצט, וועט דער גאַנצער קאַפּיטאַליזם געשטעלט ווערן אין סכנה, דאַמאָלס

אין דער קרוינגער־קאָנצערן פֿאַרמשפּט אויף אַ שנעלן אונטער־גאַנג.

טאָ צו וואָס איז געווען זיין לאַנגיעריקע מי? וואָס איז געווען דער ציל פֿון זיין אַרבעט? אויב דאָס אַלץ, וואָס ער האָט געבויט, קאָן אַזוי שנעל אומקומען — איז דאָך געווען אַן אומזין דער גאַנצער דעראָבערונגס־מאַרש אויף די לענדער.

אפשר וועלן נאָך ראַטעווען די לאַגע די אַמעריקאַנער מי־ליאָנערן. מ׳דאַרף פֿאָרן קיין אַמעריקע. קרויגער האָט זיך אויסגעלערנט נישט צו פֿאַרלירן מוט אַפֿילו אין דער שווער־סטער סיטואַציע. ער טרייבט פֿון זיך אַוועק די צווייפֿל־גע־דאַנקען. „דער ווירטשאַפֿטלעכער קריזיס, — טראַכט ער, — איז אַ פֿאַריבערגייענדיקע דערשיינונג, דער קאַפּיטאַליזם וועט זיך נאָך ראַטעווען. זאָלן נאָר די אַמעריקאַנער מיליאָנערן לע־בעדיק מאַכן זייערע קאַפּיטאַלן. ער, קרויגער, וועט געבן נייע קרעדיטן. די ווירטשאַפֿט וועט צוריק אָננעמען געזונטע פֿאָר־מען”.

אַזוי טראַכט קרויגער, זיצנדיק אין זיין סאַלאָן־קאַבינעט אין שטאָקהאָלם, אַזוי טראַכט דער מאָדערנער ראָטשילד. אין אויגוסט, 1931 גלויבט נאָך קרויגער צו ראַטעווען זיינע אונ־טערנעמונגען פֿון דעם שטורעם, וואָס דערנענטערט זיך. ער זעט פֿאָרויס, אַז דער ווינטער וועט זיין אַ קאַטאַסטראָפֿאַלער פֿאַר דער וועלט־ווירטשאַפֿט און, אַז די דאָזיקע קאַטאַסטראָפֿע קאָן אויך פֿאַרכאַפּן זיינע קאָנצערנען און אונטערנעמונגען. אָבער ער האָפֿט. דער דאָזיקער קאַלטער, ניכטערנער שוועד לאָזט נישט צו צו זיך קיין פּעסימיסטישע געדאַנקען. קומען די דאָזיקע געדאַנקען — באַמיט ער זיך זיי צו פֿאַרטרייבן.

אין סעפּטעמבער פֿאָרט ער קיין פּאַריז. דער פֿראַנצוי־זישער מאָנאָפּאָל מאַכט גוטע געשעפֿטן. אין פֿראַנקרייך איז נאָך די לאַגע נישט שלעכט. דאַקעגן אין אַנדערע לענדער ווערן די הכנסות קלענער. מ׳מוז אַפֿילו אין אַ סך מאָנאָפּאָל־אונ־

טערנעמונגען פארקלענערן דאָס פערסאָנאַל. קרויגערן באַפאַלן ווידער טרויעריקע געדאנקען. מ'מוז וואָס שנעלער פאָרן קיין אַמעריקע. די סיטואַציע מוז געראַטעוועט ווערן פאַרן יעדן פרייז.

אין אָקטאָבער 1931 פאָרט ער קיין אַמעריקע. דאָס איז זיין לעצטע רייזע אהין. צי פילט ער עס? צי טראַכט ער שוין, אַז קיין אַנדער אויסוועג, ווי אַ קויל אין האַרץ, איז נישטאָ?

די גאַנצע צייט פון דער נסיעה זיצט ער אַ שווייגנדיקער אין זיין פּרעכטיק איינגעאָרדנטער קאַיוטע. ער באַווייזט זיך זעלטן אין דער געזעלשאַפט. אין זיין מח קומט פאָר אַ שטאַר־קער געראַנגל. האָפענונג און צווייפל פירן צווישן זיך אַ קאַמף.

## „דער רייכסטער בחור אין דער וועלט‟

ס'איז אינטערעסאַנט זיך צו באַקענען מיט קרויגערס פּריוואַטן לעבן און זיין כאַראַקטער, ווי עס שילדערט אים אַ מענטש, וועלכער איז געשטאַנען נאָענט צו קרויגערן, וועלכער האָט נאָכגעפאָלגט נאָך דעם לעבן פון דעם „שוועבעלען־קעניג‟ זעקס יאָר צייט, פון יאָר 1925 ביז צום טאָג פון זעלבסטמאָרד.

„דער באַנקיר פון דער וועלט‟ (קרויגער) איז געווען אַ מענטש, וואָס פלעגט זיך האַלטן זייער באַשיידן. ס'איז שווער געווען צו דערקענען אין דער ערשטער מינוט, אַז מ'האָט פאַר זיך איינעם פון די רייכסטע מענטשן אין דער וועלט. אויפן ערשטן בליק — אַן עלעגאַנטער קאַוואַליר, אַ בעסער סיטו־אירטער באַאַמטער. באַלד האָט מען אָבער געקאָנט באַמערקן, אַז דער דאָזיקער מענטש איז אַ שטילשווייגנדיקער, פאַרמאַכ־טער אין זיך און איינזאַמער.

„קרויגער איז געווען זייער אַן איינזאַמער. שטעלט אייך פאָר: אַ מענטש אָן אַ פרוי, אָן אַ קינד, אָן אַ נאָענטן, אינטי־

מען פּריינט. די איינציקע אינטימע פריינט זיינע זענען גע־ווען — די גרויסע פינאַנסיעלע אָפּעראַציעס. מיט דעם האָט ער געלעבט אַכצן שעה אין מעת־לעת. ער פלעגט זייער ווייניק שלאָפן.

„זייענדיק אָפט אויפן וועג צווישן אייראָפּע און אַמע־ריקע, ווערנדיק שטענדיק פאַרפאָלגט פון דעפּעשן, וואָס פלעגן אָנקומען פון פאַרשידענע לענדער, איז ער געצוואונגען געווען צו גנבענען מינוטן פון אָפּרו. די דאָזיקע מינוטן פון אָפּרו פלעגט ער פאַרברענגען אין געהיים, ער פלעגט זיך דאַמאָלס אויסבאַהאַלטן פון אַ זייטיק אויג, כדי זיך צו קאָנען אַ ביסל אָפּרוען אין זיין פּאַרק, וואָס רינגלט אַרום זיין שטאָקהאָל־מער פּאַלאַץ, אָדער מאַכן אַ שפּאַציר אין אַ מאָטאָר־שיפל.

„מיט פיר יאָר צוריק פלעגט ער נאָך צייט האָבן אריינ־צוכאַפּן זיך אויף אַן אָוונט אין טעאַטער. לעצטנס איז דאָס פאַר אים געווען אוממעגלעך. יעדן אָוונט פלעגט ער האָבן אַנדערע קאָנפערענצן אין דעם אָוונט, ווען ער פלעגט פריי זיין פון קאָנפערענצן, פלעגט ער פאָרן אויף דער באַן, אָדער אויף דער שיף.

„נישט קוקנדיק דערויף, איז דאָס טעאַטער געווען פאַר אים אַן אמתער אָפּרו־מאָמענט. ער פלעגט אויך פון צייט צו צייט זיך אָפּרוען אין קרייז פון זיין משפּחה — דעם נישט פאַרהייראַטן מאַן האָט געצויגן צו דער פאַמיליע, צו זיין פאָטער, מוטער און שוועסטער.

„אויף אַלע פראַגן, פאַרוואָס ער האָט נישט חתונה, האָט ער געענטפערט מיט אַ קוים־באַמערקבאַרן שמייכל: „איך האָב נישט קיין צייט דערצו. איבעריקנס, ווייל איך נישט, אַז מיין פרוי זאָל שטענדיק זיין פאַרמשפּט צו זיין איינזאַם, ווייל איך בין דאָך זעלטן דאָ אין דער היים". דערנאָך פלעגט ער צוגעבן: „איך האָב גאָר פאַרגעסן — איך האָב דאָך אינ־גאַנצן קיין היים נישט"...

„די וואוינונג זיינע אין שטאָקהאָלם פלעגט קיינער נישט איבערטרעטן און אן איינלאדונג. אפילו זיינע קרובים פלעגן נישט קומען אין זיינע שטאָקהאָלמער אפּאַרטאמענטן, אויב קרויגער פלעגט זיי ספּעציעל נישט איינלאַדן. סתם מיט א באזוך, ווי עס פירט זיך געוויינלעך, פלעגט מען צו קרויגערן נישט קומען. דאקעגן פלעגן אָפט קומען אין זיינע סאַלאָנען אויסלענדישע פינאנסיסטן פון דער גאנצער וועלט. זיי פלעגן קומען נישט איינגעלאַדערנערהייט. זיי האָבן געהאט א ציל. מיט די דאָזיקע לייט פלעגט קרויגער אָפּזיצן שעהן גאנצע און אויסשעפּנדיק ארומרעדן די ענינים פון זיין קאָנצערן. דער יאפּאַנער, ווי דער פּאָליאַק, דער פראַנצויז, ווי דער רומענער, פלעגן אין די דאָזיקע סאַלאָנען פון קרויגערס שטאָקהאָלמער פּאַלאַץ באוואונדערן „דעם רייכסטן בחור אויף דער וועלט"...

„קרויגערס סאַלאָנען זענען פול געווען מיט ווערטפולע קונסט־חפצים און טייערע ביכער. אָט דער טרוקענער ביזנעס־מאַן האָט געהאט א חוש פאר קונסט־ווערק און פלעגט אין א פרייער מינוט אריינקוקן אין א קינסטלערישן ראָמאַן. אין זיין ארבעטס־קאַבינעט איז שטענדיק פול געווען מיט בלומען און טייערע קונסט־בילדער.

„דער שוועבעלעך־קעניג קרויגער, דער סוחר מיט א קע־ניגלעכן פארנעם, האָט אויך געהאט א פארשטענדניש פאר נעשיכטע און מאטעמאטיק. דער דאָזיקער מענטש האָט אין קעגנזאַץ צו אנדערע רייכע לייט געלעבט אן איינגעהאלטן לעבן, נישט געטרונקען, כמעט אינגאַנצן נישט פארברענגט מיט פרויען און באשיידן געגעסן. דאָס האָט געברענגט דערצו, אז קרויגער האָט צו פופציק יאָר אויסגעזען, ווי א יונגערמאַן פון דרייסיק יאָר. אויף זיין לעצטער פאָטאָגראפיע אין יאָר 1931 מאכט ער דעם איינדרוק פון א גאַלאַנטן קאַוואליר פון א יאָר פינף און צוואָנציק אין דער צייט, ווען ער איז דאָ שוין אַלט איין און פופציק יאָר.

„אין זיינע ניטער הינטער שטאָקהאָלם פלעגט קרוינגער איינלאַדן באַרימטע געסט פון דער טעאַטער־און קינאָ־וועלט. מיט פילם־קינסטלער פלעגט ער זייער ליב האָבן צו שמועסן.

„פרויען פלעגן אים פשוט פאַרפאָלגן. צי זיי איז געגאַנגען אין דעם, צו האָבן פאַר א מאַן דעם רייכסטן בחור אויף דער וועלט, אָדער ער איז זיי סתם געפעלן געוואָרן מיט זיין סובטעל, איידל געזיכט — וועגן דעם איז שווער צו וויסן. יעדנפאַלס פלעגט ער שטאַרק האָבן דערפאָלג ביים שיינעם מין. אָבער דערפאַר איז ער געווען אומבאַרמהערציק קאַלט צו דער פרויען־וועלט. ער האָט אַלע ליבעס־פאַרשלאָגן אָפּגעוואָרפן מיט א גלייכגילטיקער האַנט־באַוועגונג. איינמאָל איז אים אויף א באַל ביים שוועדישן באָטשאַפטער אין פאַריז אויסגעקומען צו טאַנצן מיט א יונגער, שיינער גרעפין. באַמערקנדיק, אז זי טוליעט זיך צו אים שטאַרקער, האָט ער זיך תיכף אַנטשולדיקט און אויפגעהערט טאַנצן... די גרעפין האָט לאַנג די דאָזיקע באַליידיקונג נישט געקאָנט פאַרגעסן. אָבער וואָס איז שולדיק געווען קרוינגער, ווען די נאַטור האָט אים געגעבן אַזוי ווייניק טעמפּעראַמענט? און אפשר האָט ער דעם דאָזיקן טעמפּעראַמענט פאַרווענדט אויף זיינע ריזיקע פינאַנסיעלע אָפּעראַציעס...

„איינמאָל האָט אים א דאַמע געפרעגט: „הער אינזשיניער, צי זענט איר טאַקי אימשטאַנד צו דערגרייכן אַלץ מיט אייער שכל?" דערויף האָט קרוינגער קאַלט געענטפערט: „איך שטרעב דערצו". יאָ, ער האָט אַלץ געוואָלט דערגרייכן. האָסט שטענדיק געהאַט דעם איינדרוק, אז דער דאָזיקער מענטש וויל אַריינגעמען אין זיינע הענט אַלע אוצרות פון דער וועלט. זיינע אַפּעטיטן זענען געווען ממש פאַנטאַסטישע.

„ווי אַזוי האָט אויסגעזען זיין אַרבעטס־טאָג? שוין פון אַכט אינדערפרי אָן פלעגט ער אויפנעמען אינטערעסאַנטן, ניין א זייגער פלעגט ער זיך באַווייזן אין זיין פּאַלאַץ, אין

שטאָקהאָלם, אָדער אין איינע פון זיינע דירות אין פּאַריז, ניו־יאָרק, בערלין, אָדער לאָנדאָן און פירן קאָנפערענצן. אָנ־קומען צו אים איז געווען שווער. מ׳האָט מיט עטלעכע וואָכן צוריק געמוזט אָנשרייבן וועגן דעם אַ ספּעציעלע בקשה. דאַ־מאָלס פלעגט קרויגער דעם אינטערעסאַנט אָנגעבן די דאַטע און שעה פון דער אוידיענץ. צו דעם פּרעזידענט פון דער פראַנ־צויזישער רעפּובליק האָט מען לייכטער געקאָנט אָנקומען, ווי צו קרויגערן. דאָס איז אַלץ געווען דערפאַר, ווייל קרויגער האָט געהאַט זייער ווייניק צייט. די אינטערעסאַנטן פלעגט ער אויספרעגן קורץ און שאַרף. אַן אוידיענץ ביי דעם שוועבעלעך־קעניג האָט געוויינלעך געדויערט פון 3 ביז 5 מינוט.

„זיינע קופערס און וואַליזעס זענען שטענדיק געווען גע־פּאַקט און גרייט צו גרעסערע, אָדער קלענערע נסיעות. מ׳קאָן אָן גוזמא זאָגן, אַז אַ העלפט פון זיין לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין אַ פּרעכטיקער קאַיוטע פון אַ שיף ערשטע קלאַס, אָדער אין אַ ספּעציעל רעזערווירטן, לוקסוס־איינגעאָרדנטן שלאָף־וואַגאָן.

„אָט דאָס איז געווען דער מענטש איוואַר קרויגער, אַזוי האָט געלעבט „דער רייכסטער בחור פון אונזער צייט"...

# דער לעצטער חשבון

זעקס חדשים צייט האָט קרויגער דאָס לעצטע מאָל אין זיין לעבן פאַרבראַכט אין ניו־יאָרק. פון אָקטאָבער 1931 ביזן 1־טן מערץ 1932. ער האָט לאַנג אונטערגעהאַנדלט מיט די אַמעריקאַנער מיליאָנערן. ער האָט אויפגעוויזן, אַז צוליבן פאַלן פון פונט, האָט זיין קאָנצערן גרויסע היזיקות און צוליב דעם מוז מען באַקומען נייע הלואות. די אַמעריקאַנער מיליאָנערן זענען געווען איינגעשפּאַרט. זיי האָבן מורא געהאַט אַרויס־צונעמען די ריזיקע סומען געלט פון די שטאָלערנע געפּאַנ־

צערטע קאָסעס, זיי האָבן קיין הלוואות מער נישט געוואָלט געבן.

די לאַגע פון קרויגערס ריזיקע אונטערנעמונגען איז געוואָרן א קריטישע. קיינער האָט דערפון נישט געוואוסט, אָבער קרויגער, וועלכער איז געווען באַקאַנט מיט יעדן מינדסטן שרייפעלע פון זיין גיגאַנטישן פינאַנסיעלן אַפּאַראַט, — ער האָט באַמערקט, אז דער גאַנצער בנין קאָן אין א שיינעם העלן פרימאָרגן איינפאַלן, ווי א קאַרטן־שטיבל.

ער איז שוין אַלט 52 יאָר. נאָכאַמאָל אויפשטעלן אַזא בנין וועט ער שוין נישט. ער איז מיט מיליאָנען פעדעם פאַרקניפּט מיט די גרעסטע פינאַנסיעל־ווירטשאַפטלעכע צענטרען אין דער וועלט. פאַלט זיין קאָנצערן — רייסט ער מיט א סך אַנדערע אונטערנעמונגען, ווערט א פּאַניק אויף די בערזעס פון אייראָפּע און אַמעריקע.

דעם 1־טן מערץ האָט זיך קרויגער אויפגעזעצט אויף דער שיף, וואָס האָט אים צוריקגעפירט קיין אייראָפּע, דאָס לעצטע מאָל קיין אייראָפּע. ער איז פון זיין קאַיוטע די גאַנצע צייט נישט אַרויסגעגאַנגען, געקוקט דורכן פענסטער אויף די כוואַליעס פון אָקעאַן און צום צווייטן מאָל אין זיין לעבן האָט אין זיין מוח א בליץ געטון א געדאַנק: ענדיקן מיט זיך! אויב מיט יאָרן צוריק האָט קרויגער דעם דאָזיקן געדאַנק באַלד פון זיך פאַרטריבן, איז עס אים איצט שווער געווען. דער געדאַנק האָט זיך פעסט פאַראַנקערט אין מוח און ס'איז אים שווער געווען פון דאָרטן אַרויסצושלעפּן.

ער איז צוגעגאַנגען צום פענסטער, באַטראַכט די כוואַליעס, וואָס האָבן זיך הויך געשוימט און זיך געוואָרפן איינע אויף די אַנדערע. ער האָט זיך א טאָפּ געטון דעם שטערן. דער שטערן איז געווען הייס, גלוואַלדיק הייס. „צי האָב איך היץ?״ האָט ער געטראַכט און געוואָלט הייסן אַריינרופן דעם שיף־

דאָקטאָר. אָבער באַלד האָט ער גענעבן צו זיך א שמייכל: צו וואָס דאַרף ער א דאָקטאָר? ער דאַרף נישט געזונט ווערן. זאָל דער סוף קומען וואָס שנעלער. „און אפשר זיך אראָפּלאָזן אין די טיפעניש פון די כוואַליעס?" — איז אים א דורך א געדאַנק, — דאָס וואָלט געווען זייער לייכט און שנעל". ער האָט זיך גענומען וואַקלען, פאַר די אויגן האָט גענומען שווינדלען. „וואָס טוט זיך עס מיט מיר? — האָט ער געטראַכט. — איז דאָס ים־קראַנקייט, איך פאָר דאָך שוין אזוי פיל מאָל אויפן ים, ווי איז דאָס מעגלעך?"

„ניין, דאָס איז נישט קיין ים־קראַנקייט, — האָבן ווייטער גענומען לויפן אין זיין קאָפּ די געדאַנקען, — דאָס איז שרעק און פאַרצווייפלונג. איך האָב דעם איינדרוק, ווי א ריזיקער שטיין וואָלט געפלויגן איבער מיין קאָפּ און יעדע סעקונדע לאָזט ער זיך אַראָפּ אויף מיר מיט א שרעקלעכן קלאַפּ... ניין, איך האָב אַזעלכעס נישט דערוואַרט. דאָס איז פשוט שוידערלעך. אויב א קליינער בנין מיינער פלעגט איינפאַלן, האָב איך געקאָנט האָפן אויפצובויען א גרעסערן. איצט פאַלט א האַלבע וועלט. איך בין שולדיק ריזיקע סומעס געלט, איך האָב קאָלאָסאַלע געלט פאַרפליכטונגען. די גאַנצע וועלט געטרויט מיר, די גאַנצע וועלט האַלט מיך פאַר איר באַנק, פאַר איר געלט־פּאָמפּע. און אָט וועט זיך אַרויסווייזן, אז קרויגער איז באַנקראָט, אז אין דער באַנק פון דער וועלט איז פוסט. דער שוועבעלעך־קעניג — א באַנקראָטניק, דאָס קלינגט אזוי נישט וואַרשיינלעך, אָבער דאָך וועט דערצו קומען, די לאַנגע קאָן מען שוין נישט ראַטעווען!"

ער איז נערוועז אַרומגעגאַנגען איבער דער קאַיוטע פון דער פראַנצויזישער שיף „איל דע פראַנס". אלע ווייל האָט ער א בליק געטון אויף די כוואַליעס און געטראַכט: „אפשר שוין מאַכן דעם לעצטן חשבון?!! אָבער באַלד האָט ער זיך דערמאָנט, אז ער דאַרף אָנשרייבן עטלעכע בריוו, געזעגענונגס־

בריוו. ער וועט שרייבן צו דער שוועסטער בריטא, צו רידבעקן און ליטאַרינען. דעם „לעצטן חשבון" וועט ער שוין מאַכן אין פּאַריז. ער וויל נאָך זען זיינע מיטאַרבעטער, ער וויל נאָך דערציילן וועגן דער שווערער לאַגע, וואָס ס'האָט זיך געשאַפן. גראָד האָט ער נישט קיין רעוואָלווער. ווי נאָר ער וועט קומען קיין פּאַריז וועט ער קויפן א רעוואָלווער. „א שאָד, איך וועל נישט האָבן ווען אויסצופּרוּוון — טראַכט ער, אָבער איך וועל אים דאָך קענען אויספּרוּוון אין געשעפט, וואו איך וועל אים קויפן".

ער זעצט זיך שרייבן די בריוו. די האַנט ציטערט נישט. ער שרייבט רואיק: „ער איז מיד פון לעבן. צו וואָס האָט ער אייגנטלעך מקריב געווען אזוי פיל צייט און ענערגיע? אויף וואָס? איצט זעט ער, אז דאָס לעבן האָט אים נישט געגעבן קיין ביסל פרייד אפילו. דער ערעמסטער אַרבעטער פון זיינע אינטערנעמונגען האָט מער געהאַט וואַרעמקייט און פרייד, ווי ער, דער „באַנקיר פון דער וועלט". ער האָט עקספּלואַטירט טויזנטער מענטשן, וואָס האָט ער, דער מ ע נ ט ש, געהאַט דערפון? ער האָט געהאַט אזויפיל פּרעכטיקע וואוינונגען אין א סך הויפּט־שטעט פון אייראָפּע און ער האָט זיך געפילט אזוי היימלאָז, ווי דער ערגסטער בראָדיאַגע. ער האָט געהאַט ריזיקע פּלענער, געוואָלט דעראָבערן די וועלט. ער האָט שוין געהאַט אין זיין רשות א האַלבע וועלט, וואָס האָט אָבער ער געהאַט דערפון? ערשט איצט זעט ער, אז זיין לעבן האָט נישט געהאַט קיין זין. דאָס כסדרדיקע יאָגן זיך נאָך געלט־מאַכט איז א מיראַזש. לכתחילה האָט זיך אים געדוכט, אז ער ברענגט נוצן דער מענטשהייט. איצט זעט ער, אז ער איז געווען אן אומנוצלעך ווען. אָט קרעכצט די מענטשהייט אונטער די קלעפּ פון שווערן ווירטשאַפטלעכן קריזיס, עס ברעכט זיך דער זייל פון קאַפּיטאַליזם — און ער? וואָס קאָן ער העלפן? גאָר־נישט. ער ווערט מיטגעריסן מיט דעם שטראָם, וואָס פאַר־

פלייצט די קאַפּיטאַליסטישע וועלט. דער מעכטיקער „שוועבע־לעך־קעניג" בויגט זיך אונטער די קלעפּ פון די ווירטשאַפט־לעך־סאָציאַלע געזעצן, ער איז איצט אַזוי שוואַך, אַז ביים מינדסטן בלאָז פון ווינט פאַלט ער אום. דרייסיק יאָר האָט ער געאַרבעט און אויפגעשטעלט אַזאַ בנין, וועלכער שפּרייט זיך אויס איבער ביידע האַלב־קוגלען פון דער ערד. איצט זעט ער, אַז דער דאָזיקער בנין שטייט אויף הינערשע פיסלעך, זיין גאַנצע דרייסיק־יעריקע מי און אַרבעט איז געווען אַרויסגע־וואָרפן. איצט איז ער עלנד, איינזאַם. ווער וועט אים ירשענען? ווער וועט נאָך אים טרויערן? ווען ער וואָלט געהאַט אַ פרוי און קינדער, וואָלט ער נישט געפילט אַזאַ האָפנונגסלאָזיקייט און פוסטקייט. זיין פאַרמעגן — וואָלטן געווען די קינדער, זייער שמייכל, זייער טוליען זיך צו אים, זייער גוט וואָרט וואָלט אויפגעהעלט זיין לעבן. איצט האָט ער גאָרנישט, איצט איז — פוסטקייט, זינלאָזיקייט. ער פילט זיך, ווי ער וואָלט געווען איבעריק אויף דער וועלט, ווי זיין גאַנצע ביזאַיצטיקע אַרבעט וואָלט געווען אַ פרוכטלאָזע, אַ פּאַראַזיטישע. ניין, עס האָט נישט קיין זין מער אָפּצונאַרן זיך און די וועלט. ער קאָן שוין מער נישט טראָגן די דאָזיקע לאַסט, וואָס הייסט „שוועבעלעך־קעניג". ער וועט מאַכן דעם לעצטן חשבון. ביז איצט פלעגט ער שרייבן די חשבונות מיט טינט, דעם לעצטן חשבון וועט ער אָנשרייבן מיט ב ל ו ט... דאָס וועט זיין דער קירצסטער חשבון אין זיין לעבן, דער לעצטער חשבון"...

די בריוו זענען אָנגעשריבן. ער לייגט זיי אַריין אין טאַש. אין מח ברענט. ער טרינקט לימאָנאַד, איין גלאָז נאָכן אַנ־דערן. ביינאַכט קאָן ער נישט שלאָפן. ער וויל שוין זיין אין פּאַריז, וואָס שנעלער איז פּאַריז. ער האָט דאָך טעלעגראַפיש אַרויסגערופן קיין פּאַריז אַלע דירעקטאָרן און די וויכטיקסטע אַקציאָנערן פון זיין קאָנצערן. ער וויל זיי אַלץ דערציילן, זאָלן זיי וויסן, אַז דער בנין האַלט ביים איינפאַלן. ער גלויבט נישט,

אַז זיי וועלן געפינען אַ מיטל צו ראַטעווען די לאַגע. זאָלן זיי אָבער הערן דעם אמת, דעם נאַקעטן אמת.

פרייטיק דעם 11 מערץ אינדערפרי איז קרויגער אָנגעקומען קיין פּאַריז. ער איז באַלד פון וואָקזאַל אָפּגעפאָרן אין זיין דירה אויף אַוועני וויקטאָר־עמאַנועל נומ. 111. ער האָט גענומען אַ הייסע וואַנע און זיך געלייגט אָפּרוען. צוויי ביי־טאָג איז ער אַראָפּ אין גאַס און געקויפט אַ רעוואָלווער. צוריקקומענדיק, האָט ער שוין געטראָפן ביי זיך דעם וויצע־פּאָרזיצער פון שוועבעלעך־קאָנצערן, ליטאָרין, וועלכער איז אויף קרויגערס איינלאַדונג ספּעציעל געקומען צו פאָרן דעם טאָג קיין פּאַריז. ליטאָרין האָט זיך וואַרעם באַגריסט מיט דעם אָנגעקומענעם, אָבער קרויגער האָט קאַלט געענטפערט:

— כ׳דאַנק אייך, אָבער... צו וואָס די צערעמאָניעס?

„וואָס איז מיט אים? — האָט ליטאָרין אַ טראַכט געטון, — איך האָב אים דאָך קיינמאָל נישט געזען אין אַזאַ שטימונג. צי האָט ער געבראַכט עפּעס שלעכטע נייעס פון אַמעריקע. פאַרוואָס באַגעגנט ער מיך אַזוי קאַלט? איז דען עפּעס פאָרגעקומען צווישן אונז?״

דער שמועס מיט ליטאָרינען האָט געדויערט קורץ. קרויגער האָט אין אַ נערוועזן טאָן דערקלערט, אַז אויף מאָרגן שבת, דעם 12־טן מערץ, רופט ער צונויף אַ קאָנפערענץ פון די דירעקטאָרן און אַקציאָנערן פון קאָנצערן. ער בעט, אַז ליטאָרין זאָל קומען פּינקטלעך.

— איבעריקנס, — גיט קרויגער אַ נערוועזן מאַך מיט דער האַנט, — קומט אַריין צו מיר מאָרגן צען אינדערפרי, וועלן מיר צוזאַמען פאָרן אויף דער קאָנפערענץ.

— גוט, אָבער, הער קרויגער, פאַרוואָס זענט איר אַזוי אויפגערעגט, — האָט ליטאָרין זיך נישט געקאָנט באַהערשן, זעענדיק קרויגערס נערוועזע האַלטונג.

— איך בין אויפגערעגט? — האָט קרויגער לייכט אַ

שמייכל געטון און זיך באמיט צו ענדערן דעם טאן פון זיין שטים, — עס דוכט זיך אייך, הער ליטארין. אלזא, קומט אריין צו מיר מארגן אינדערפרי, וועלן מיר צוזאמען אין מיין אויטא פארן אין האטעל „ריין״ צו דער קאנפערענץ. איך האב אייך איבערצוגעבן זייער וויכטיקע ידיעות.

צומארגנס, דעם 12־טן מערץ 10 א זייגער אינדערפרי, איז ליטארין געקומען צו קרויגער. קרויגער איז נאך געלעגן אין בעט און האט געליינט א בוך. ער איז געווען רואיק, זיין שטים האט דאס מאל געקלונגען מארנע טעמפ, ווי ער וואלט נערעדט מעכאניש און איינטאניק.

— גייט אויף דער קאנפערענץ, איך קום באלד צוגיין,— האט ער געזאגט צו ליטארינען, — איך וויל נאך נעמען א וואנע, כדי זיך צו פילן פרישער. מ׳וועט דארפן היינט לאנג קאנפערירן.

— ווארטן מיר אויף אייך, הער קרויגער, — האט לי־טארין געזאגט, אוועקגייענדיק, — מיר וועלן דאך די קאנ־פערענץ נישט עפענען אן אייך.

ווען ליטארין איז אוועק, האט זיך קרויגער שנעל אנגע־טון. ער האט געבעטן דאס איינציקע דינסט־מיידל, וואס האט אים באדינט, אז זי זאל אים אראפגיין קויפן א צייטונג. ווען זי איז ארויפגעקומען האט זי די טיר געטראפן פארשלאסן. זי האט שטארק געקלאפט, אבער קיינער האט נישט געענט־פערט. „הער קרויגער, הער קרויגער!״ האט זי געשריגן, אבער פון אינעווייניק האט אפגעענטפערט א טויטע שטילקייט.

דערווייל האט מען אין האטעל „ריין״ געווארט אויף קרויגערן. ס׳זענען שוין פארביי צוויי שעה. די פארזאמלטע האבן זיך שטארק דערנערווירט און אנגעהויבן ארויסצווייזן א שטארקע אומצופרידנקייט מיט קרויגערס האנדלונג. „דאס איז גרינגשעצונג״, האבן זיך געהערט שטימען, — די קאנ־פערענץ איז דאך באשטימט געווארן אויף עלף א זייגער״.

— איך בין זייער אומרואיק, — האָט ליטאָרין זיך שטי־לערהייט געווענדט צו קרויגערס סעקרעטאַרין, וועלכע איז אויך געקומען אויף דער קאָנפערענץ, — דער הער קרויגער איז נעכטן געווען אין אַ שרעקלעכער שטימונג. איך האָב אים נאָך קיינמאָל אַזעלכן נישט געזען. עפּעס האָב איך אַ שרעק־לעך פאַרגעפיל.

— לאָמיר־זשע ביידע אהינפאָרן צו אים, — האָט די סעקרעטאַרין פאַרגעלייגט, — אפשר איז ער קראַנק געוואָרן. קומט, לאָמיר תיכף פאָרן.

זיי זענען שנעל אַוועק אין קרויגערס וואוינונג. צוקומענ־דיק צו דער טיר אַן, זעענדיק ווי קרויגערס דינסט־מיידל שטייט אַן אומרואיקע און בלאַסע, האָט ליטאָרין אַ ציטער געטאָן און אויסגערופן:

— איז עפּעס געשען?

— איך ווייס נישט, — האָט דאָס דינסט־מיידל דער־שראָקן געענטפערט, — איך בין אַראָפּגעגאַנגען קויפן פאַרן הער קרויגער אַ צייטונג. איך קום צריק — די טיר איז גע־שלאָסן. איך קלאַפּ — קיינער עפנט נישט. איך קלאַפּ שוין אַזוי מער ווי אַ האַלבע שעה. ווער ווייסט וואָס מיטן הער איז געשען!

— לויפט שנעל נאָך אַ שלאָסער! — האָט ליטאָרין אַ געשריי געטאָן צום דינסט־מיידל, — איך האָב מורא, אַז דאָ איז געשען עפּעס אַן אומגליק. איילט אייך שנעלער!

— רופט אויך פּאָליציי, — האָט די סעקרעטאַרין, צי־טערנדיק אינגאַנצן אַ זאָג געטאָן, — אפשר אַ באַנדיטן־אָנפאַל... אַ מאָרד... גאָט מיינער!

דער אָנגעקומענער שלאָסער האָט אויפגעבראָכן די טיר. ווען די אָנוועזנדיקע זענען אַריין אין קרויגערס שלאָפצימער האָט זיך פאַר זייערע אויגן פאַרגעשטעלט פאָלגנדיק בילד: קרויגער איז געלעגן אין בעט אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ

אנצוג. די אויגן זענען געווען אָפן און פארגליווערט אין א קאלטן, שוידערלעכן בליק. די מארינארקע און דאָס וועסטל זענען געווען אויפגעקנעפלט. איבערן האלז און העמד האָט געריגען א דינער שטראָם בלוט. נעבן קרויגערן איז געלעגן א רעוואָלווער, און וועלכן ס'האָט זיך אָנגעשפארט זיין רעכטע האנט.

— לויפט שנעל נאָך א דאָקטאָר, נאָך א דאָקטאָר! — האָט ליטארין באפוילן.

דער דאָקטאָר האָט שוין נישט געהאט וואָס צו טאָן. ער האָט נאָר בלויז פעסטגעשטעלט: א קויל אין הארץ אריין, אין מיטן הארץ, דער טויט איז געקומען מאָמענטאַל.

— ער האָט גוט געצילט, דער הער קרויגער!... — האָט דער דאָקטאָר באמערקט.

קרויגער האָט דאָסמאָל גוט געצילט. זיין לעצטע טראנזאקציע מיטן לעבן איז אים געלונגען. דער לעצטער חשבון האָט געשטימט.

# ביז איצט דערשינענע ביכלעך פון דער „גראָשן־ביבליאָטעק“

1. ראבערט סמיט: מאטא־הארי — טענצערין־שפיאן.
2. א. קעלמאן: אמעריקאנער מיליאנערן.
3. מ. הארטמאן: צווישן טראן און ליבע. (טראגעדיע פון דע־ האבס־בורגער דינאסטיע).
4. ס. האפקינס: גענויאלע סיפיליטיקער.
5. פ. וועטשעלי: מאגאלעסקו, דער קעניג פון די גנבים.
6. ג. סלאנימסקי: ג. גאפאן, גלח־פראוואקאטאר.
7. מ. גרענאדיוס: לוקרעציא באָרדזשיא.
8. י. סאנאן: גראף פאטאצקי, דער גר־צדק.
9. ראבערט סמיט: אלפרעד רעדל, דער עסטרייכישער אזעף.
10. פריטאף לארסאן: אין די נעגל פון ווייסן טויט. (נאבילעס עקספע־דיציע צום צפון־פאל).
11. ק. מאשקאוויטש: דאנטאן. דער גאון פון דער פראנצ. רעוואלוציע.
12. מ. הארטמאן: לעדי האמילטאן.
13. ב. גבריאלי: שאול וואהל, דער ייד. קעניג פון פוילן.
14. ש. בערנמאן: לעוו טראצקי, די טראגעדיע פון א רעוואלוציאנער
15. ח. פריידבערג: דער טרוימער פון ארעאגען (קריסטאף קאלומבוס).
16. קאנאן: אסתר־ריז. די פוילישע אסתר־המלכה.
17. מ. קארלין: דער קייזער פון א רעפובליק (יוליוס צעזאר).
18. ב. סערלין: די העטערע אויפן טראן (יעקאטערינע II).
19. פ. זילבערמאן: שבתי צבי, דער פאלשער משיח.
20. אלעקסאנדער סיעראוו: ווי אזוי האט מען דערהרגעט אלעקסאנ־דער דעם צווייטן?
21. ס. מ. מיזנער: דער כישוף־מאכער פון אונזער ציים (טאמאס עדיסאן)
22. ג. סלאנימסקי: דער בונט אויף דער באנצער־שיף „פאטיאמקין“
23. ק. מאשקאוויטש: דער נביא פון מעקא (מאכמעד).
24. י. קאנאן: יעקב פראנק.
25. מ. הארטמאן: פון טראן אויף דער תליה (מאריא סטיוארט).
26. מ. קאנטאר: סערגיי מיאסאיעדאוו (פאררעטער צי קרבן?)
27. ש. בערנמאן: יעוונא אזעף — דער רעוואלוציאנער.
28. ש. בערנמאן: אזעף ראסקין — דער פראוואקאטאר.
29. מ. הארטמאן: מאגאן לעסקא.
30. קארלין: נאפאלעאן באנאפארט.
31. א. סיעראוו: איוואן דער גרויזאמער.
32. י. קנאן: דוד הראובני (דער יידישער פירשט).
33. ק. מישקאוויטש: ווי אזוי מ׳האט אויסגעגנבעט די 10 ארעס. פון פאריזאק.
34. י. ק. סימכאוויטש: די טראגעדיע דרייפוס.
35. י. ק. סימכאוויטש: דער מערטירער פון טייוולס־אינזל.
36. ש. בערנמאן: אטענטאט אויף סטאליפינען.
37. ד. קאפעלמאן: אלבערט איינשטיין.
38. א. קעלסאן: דער אטענטאט אין סאראיעווא.
39. ג. סלאנימסקי: פיאטר קראפאטקין (פירשט־רעוואלוציאנער).

# א. ב. פרײדקין

# דער גאון פון װײמאַר
## (ג ע ט ע)

(מיט א בילד)



פאַרלאַג „גראָשן-ביבליאָטעק“

װאַרשע 1932

די גאַנצע וועלט פייערט היי־יאָר דעם הונדערטסטן יאָר־צייט פון איינעם פון די גרעסטע ריזן פון מענטשלעכן דענקען און שאַפן. הונדערט יאָר זענען פאַרביי, זינט עס איז געשטאָרבן אין ווייִמאַר דער לייב פון דער דייטשער ליטעראַטור — יאָהאַן וואָלפגאַנג פאָן־געטע.

ווי האָט אויסגעזען דאָס לעבן פון דעם דאָזיקן גייסטיקן ריז? צום באַדויערן פאַרמאָגן מיר נישט אין יידיש קיין איין געטע־ביאָגראַפיע, דער יידישער לעזער ווייסט דעריבער זייער ווייניק, אָדער כמעט גאָרנישט וועגן דעם לעבן פון דעם דאָזיקן פילגעשטאַלטיקן גאון. אין צוזאַמענהאַנג מיט די איצטיקע געטע־פייערונגען אויף דער גאַנצער וועלט, ווען ס'איז נישטאָ קיין איין לאַנד, קיין איין פאָלק, וואָס זאָל נישט אָנטיילנעמען אין דער דאָזיקער פייערונג, איז נויטיק צו וויסן, ווי אזוי ס'האָט געלעבט דער מחבר פון „פאַוסט", דער „קעניג צווישן די דיכטער".

געטעס לעבן איז אַ וואונדערבאַרער ראָמאַן. אזוי איבערלעבן, אזוי ליידן און זיך פרייען קאָנען נאָר גאונים, אויסדערוויילטע יחידים. דאָס לעבן פון דעם דאָזיקן גייסטיקן הערקולעס דערמאָנט אָן אַ גריכישן עפּאָס, אָן אַ מיטאָלאָגישער לעגענדע. דעם שטערבלעכן געטע איז באַשערט געווען צו לעבן, ווי די אומשטערבלעכע געטער אויפן אָלימפּ. נישט אומזיסט פלעגן אים זיינע צייט־מענטשן רופן „דער גאָט". דער שטערבלעכער געטע האָט דעריבער גערירשנט די אומשטערבלעכקייט פון די געטער...

ער איז געוואָרן אומשטערבלעך...

אין צוויי הונדערט, אין דריי הונדערט און אפילו אין טויזנט יאָר ארום וועט דער נאָמען געטע בלייבן דער שטאָלץ פון דער מענטשהייט, וועט מען פונקט ווי איצט פייערן דעם אָנדענק פון דעם דאָזיקן גייסטיקן ריז.

# די ערשטע טריט

— די פרוי איז גייט צו קינד! דאָס אכצניעריקע יונגע ווייבל קרעכצט כסדר.

אזוי האָבן זיך דערציילט די פרויען, וואָס האָבן געוואוינט אין שכנות מיט דער פאַמיליע געטע. געווען איז עס דעם 28־טן אויגוסט, אין יאָר 1749, אין דער שטאָט פראַנקפורט ביים מיין.

דער טאָג איז געווען א שיינער, א ליכטיקער. די פענסטער אויפן ערשטן שטאָק פון דער צוויי־שטאָקיקער געבוידע, וואו ס׳האָט געוואוינט דער 38־יעריקער אַדוואָקאַט יאָהאַן קאַספּאַר געטע מיט זיין ווייב קאַטערינע עליזאַבעט, זענען געווען אויפ־געפּראַלט און פון דאָרטן האָט זיך געהערט דאָס קרעכצן פון דער יונגער פרוי, וועלכע האָט זיך דאָס ערשטע מאָל געגרייט צו ווערן א מוטער.

פונקט צוועלף א זייגער ביי טאָג, ווען די זון איז הויך געשטאַנען אויפן הימל און ליכטיק אָראָפּגעשמייכלט צו דער וועלט, איז געבוירן געוואָרן דאָס קינד, דאָס ערשטע קינד פון דעם פראַנקפורטער אַדוואָקאַט געטע. אָבער וואָס איז דאָס? נייגעבוירענע קינדער שרייען דאָך געוויינלעך און דאָס דאָ־זיקע נפשל, וואָס איז נאָר וואָס געקומען אויף דער וועלט. — אָט דאָס נפשל שווייגט. די אקושערקע איז דערשראָקן: זי באַמערקט, אַז דאָס קינד איז האַלב־טויט, עס ווייזט נישט אַרויס קיין סימנים פון לעבן. זי נעמט זיך ראַטעווען דאָס פאַר־חלשטע נפשל און נאָך א האַלבער שעה פון אָנגעשטרענגטער־

מי געלונגט איר אַרויסצוּבּרענגען בּיים נייגעבּוירענעם — אַ געשריי, דאָס ערשטע געשריי פון דעם צוקונפטיקן גאון.

— אייער קינד, פרוי איא, איז געראַטעוועט! — טראָגט די אַקושעריקע צו צו דער געווינערין דאָס שרייענדיקע עופעלע, — איך האָב געמיינט, אַז עס איז שוין טויט, אָבער איצט קאָנט איר זיך שוין פרייען מיט אייער ערשטן זון. איך גיי אָנזאָגן די בּשׂורה אייער מאַן, וועלכער זיצט אָן אומגעדולדיקער אין זיין צימער.

דער אַדוואָקאַט יאָהאַן קאַספּאַר געטע האָט נישט געהאַט קיין טבע שטאַרק זיך איבּערצונעמען מיט זאַכן. ער האָט די גוטע בּשׂורה אויפגענומען מיט גרויס צופרידנקייט, אָבער נישט אַרויסגעוויזן דערבּיי קיין באַגייסטערונג. ער האָט נישט אויפגעצאַפּלט פון פרייד. דער פראַנקפורטער אַדוואָקאַט געטע איז געווען אַ מענטש מיט אַ געוואַלדיקער גלייכגעוויכט, האָט זיך געהאַלטן שטייף און קאַלט און האָט זיך בּאַמיט אין די בּאַציונגען צו מענשן אַרויסצווייזן אַ געוויסן בּטול און גאוה. ער איז געווען אַן אויפגעקומענער אַריסטאָקראַט און דעריבּער האָט ער זיך בּאַמיט אומעטום אַרויסצווייזן אַריסטאָקראַטישע מאַניערן.

זיין זיידע, — דעם דיכטערס עלטער־זיידע, — איז געווען אַ קאָוואַל, דער פאָטער איז אויך געווען אַ בּעל־מלאכה— אַ שניידער. אין יענער צייט האָט מען אויף אַ בּעל־מלאכה געקוקט מיט בּטול, דאָס איז געווען דער נידעריקסטער קלאַס אין דער געזעלשאַפט. דער שניידער געטע האָט דעריבּער שוין געזוכט עפּעס אַ „העכערן" תּכלית פאַר זיינע קינדער. ער האָט זיי גענומען לערנען. איינער פון זיי, יאָהאַן קאַספּאַר, — דער פאָטער פון צוקונפטיקן גאון, — איז געוואָרן אַן אַדוואָקאַט און האָט זיך גענומען אָפּגרענעצן פון זיין פאָטערס סביבה. ער האָט געוואָלט פאַרגעסן, אַז זיין פאָטער איז אַ שניידער. באַקומענדיק דעם אַדוואָקאַטן־טיטל, האָט ער גענומען פאַר־

קערן אין די אריסטאָקראַטישע הייזער פון פראַנקפורט, איבער־גענומען די מאַניערן און מנהגים פון דער אָרטיקער אַריסטאָקראַטיע און זיך שטאַרק אָפּגעגרענעצט פון יענער סביבה, פון וועלכער ער האָט געשטאַמט.

37 יאָר איז יאָהאַן קאַספּאַר אַלט געווען, ווען ער האָט חתונה געהאַט מיט דער 17־יעריקער עליזאַבעטע טעקסטאָר, די טאָכטער פון אַ זייער רייכן און אָנגעזעענעם בירגער פון פראַנקפורט. דאָס דאָזיקע יונגע, צאַרטע, שמייכלענדיקע מיידל, וועלכע אַלע פלעגן רופן מיטן נאָמען „אַיאַ", האָט לכתחילה זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם ווילן פון אירע עלטערן. זי האָט נישט געוואָלט חתונה האָבן מיט אַ מענטש, וועלכער האָט מער אויסגעזען צו זיין איר טאַטע, ווי איר מאַן. אָבער אין יענע צייטן האָט אַזאַ אַנטקעגנשטעלן זיך ווייניק וואָס געהאָלפן. אַ באַפעל פון עלטערן האָט געמוזט זיין הייליק. אין יולי 1748 איז פאָרגעקומען די חתונה צווישן דעם 37־יעריקן אַדוואָקאַט גוטע מיט דעם 17־יעריקן מיידל עליזאַבעטע טעקסטאָר. און שוין אין אַ יאָר אַרום, דעם 28־טן אויגוסט, האָט די יונגע פרוי געבוירן אַ זון.

דעם קינד האָט מען אַ נאָמען געגעבן יאָהאַן וואָלפגאַנג.

די קינדהייט פון צוקונפטיקן גאון איז געווען אַ ליכטיקע און גליקלעכע. דער אַדוואָקאַט איז געווען גענוג רייך, אַז ער זאָל זיין איינציקן און ערשטן זון קאָנען געבן אַ גוטע דערציאונג. דער גורל האָט צו דעם יונגן וואָלפגאַנג געשמייכלט און אים געשענקט די שענסטע גייסטיקע מתנות. דעם קינד האָט גאָרנישט געפעלט. ער האָט געלעבט אין אַ וואַרעמער, צערטלעכער סביבה. מיט זיין דערציאונג האָבן זיך פאַרנומען סיי דער פאָטער, סיי די מוטער. ביידע האָבן שטאַרק ליב געהאַט דאָס קינד מיט דעם שוואַרצן קאָפּ לאָקן און גרויסע, ליכטיקע אויגן, און ביידע האָבן זייער פרייע צייט געווידמעט אויסשליסלעך דעם קליינעם וואָלפגאַנג. מיט דער קליינער

קאַרנעליע, וועלכע איז געבוירן געוואָרן אין אַ יאָר אַרום נאָך וואָלפגאַנגן, האָבן זיך די עלטערן אַ סך וויניקער פאַרנומען, ווי מיט זייער זון.

— דאָס איז מיין שטאָלץ! — פלעגט די יונגע מוטער שמענדיק רעדן, דריקנדיק צו איר ברוסט דעם קליינעם וואָלפגאַנג, — צווישן אַלע קינדער, מיט וועלכע ער שפּילט זיך, שיינט ער אַרויס ווי אַ בריליאַנט.

דאָס דאָזיקע קינד האָט טאַקע אַרויסגעוויזן נישט קיין געוויינלעכע פעיקייטן און זיך אויסגעצייכנט מיט אַזעלכע אייגנשאַפטן, וועלכע די עלטערן האָבן ביי קיין אַנדערע קינדער נישט געזען.

די מוטער האָט געקאָנט שיין דערציילן קינדער־מעשה־לעך. דער קליינער וואָלפגאַנג פלעגט זי נישט אָפּלאָזן, יעדע נאַכט, פאַרן שלאָפן גיין, האָט זי אים געמוזט דערציילן עט־לעכע מעשהלעך. דאָס פיר־יעריקע קינד פלעגט ליגן מיט אָפע־נע אויגן, מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און זיך איינהערן צו יעדן וואָרט, וואָס פלעגט אַרויסגיין פון דער מוטערס מויל און אויפצאַפּלען, אָדער שווער אָפּזיפצן, ווען מיטן העלד פון דעם מעשהלע איז געשען עפּעס שלעכטס. צוזאַמען פלעגט ער די אַלע מעשהלעך איבערדערציילן דער שוועסטער קאַרנעליאַ. ווען די מוטער האָט זיך איינמאָל איינגעהערט, ווי דער קליי־נער וואָלפגאַנג האָט דערציילט פאַר קאַרנעליאַ אַ מעשהלע, האָט זי געזאָגט צום מאַן:

— איך האָב עס מיר פּשוט נישט געקאָנט צוגלויבן, ער האָט דערציילט מיט אַזאַ ברען און אַזוי פיין געשילדערט די העלדן פון דעם מעשהלע, אַז איך אַליין האָב זיך נישט גע־קאָנט אָפּרייסן און בין כסדר געשטאַנען הינטער דער טיר פון קינדער־צימער און זיך איינגעהערט, ווי וואָלפגאַנג דער־ציילט.

די נאַטור פלעגט אים אַנטציקן. ווען די מוטער איז מיט

אים געגאַנגען שפּאַצירן ביי די מאַלערישע ברעגעס פון טייך מיין, האָט דער קליינער וואָלפגאַנג ניִשט אויפגעהערט צו טאַנצן פאַר פרייד, צו רופן די פייגל ביי פאַרש־דענע נעמען און ארומהילן זיך אין קראַנצן פון בלעטער און בלומען. יעדעס מאָל, ווען די מוטער פלעגט מיט אים גיין שפּאַצירן הינטער דער שטאָט, איז עס פאַרן קליינעם וואָלפגאַנג געווען אַ יום־טוב. שעהן גאַנצע פלעגט ער דערנאָך דערציילן דעם פאָטער וועגן דעם געזאַנג פון די פייגל, וועגן די „נימפעס, וואָס באַהאַלטן זיך אוים אינם מיין", וועגן דעם גערויש פון וואַלד, וואָס וואַרפט אָן אַזאַ אומהיימלעכע מורא.

די קינדער־געזעלשאַפט פלעגט אים קנאַפּ אינטערעסירן. אָדער ער פלעגט גיין מיט דער מוטער שפּאַצירן הינטער דער שטאָט, אָדער זיך לערנען ביים פאָטער. דער ערשטער לערער זיינער איז געווען זיין פאָטער. דער קאַלטער, רואיקער אַדוואָקאַט איז פשוט נשתומם געוואָרן פון די אויפנאַמס־פעיקייטן פון זיין זון. ער האָט דערציילט וועגן דעם זיינע באַקאַנטע און יענע האָבן געהאַט איין ענטפער: „ אייער וואָלפגאַנג, הער געטע, איז אַ פענאָמענאַל קינד, עס וואַקסט אַ גאון".

דער פאָטער האָט מיטן קליינעם וואָלפגאַנג אָנגעהויבן צו לערנען שפּראַכן. ער האָט באַמערקט, אַז דאָס קינד שטעלט אויף מויל און אויערן, ווען ער הערט אַמאָל אין שטוב רעדן אויף אַ פרעמדער שפּראַך. דער קליינער וואָלפגאַנג, וועלכער איז דאַמאָלס אַלט געווען סך־הכל זעקס יאָר, פלעגט פשוט פאַרמאַטערן דעם פאָטער מיט דער טענה, אַז ער וויל אויך קענען אַזוי רעדן פראַנצויזיש, ווי דער טאַטע.

דאָס זעקס־יעריקע קינד האָט אָנגעהויבן צו לערנען שפּראַכן. האָבנדיק אַן אויסערגעוויינלעך גוטן זכרון, זייענדיק געוואַלדיק פלייסיק, האָט דער צוקונפטיקער גאון במשך פון צוויי יאָר זיך אויסגעלערנט פראַנצויזיש, איטאַליעניש, לאַטיין און גריכיש. צו אַכט יאָר האָט געטע שוין געלייענט די גרי־

כישע און רוימישע קלאַסיקער אין אָריגינאַל. מענטשן, וועלכע פלעגן אַריינקומען אין דעם אַדוואָקאַטס וואוינונג און זיך צו־הערן, ווי דאָס אַכט־יעריקע יונגל לייענט הויך אויפן קול האָ־מערן, דעקלאַמירט פון אויסנווייניק סאָנעטן פון פעטראַרקאַ, רעדט מיטן פאָטער אַ קלינגנדיקן לאַטיין, פלעגן זיך פשוט נישט צוגלויבן די אייגענע אויערן.

אין שול האָט ער איבערגעשטיגן אַלע שילער, הויפּט־זעכלעך אין שפּראַכן־קענטעניש. דאָס לערנען שפּראַכן איז ביי אים געוואָרן אַ ליידנשאַפט. אויסלערנען זיך אַ נייע שפּראַך איז אים אָנגעקומען זייער גרינג און ער פלעגט זיך דערפילן שטאָלץ, ווען ער האָט געקאָנט מעלדן דעם פאָטער, אַז ער פאַרשטייט שוין גוט גריכיש און לאַטיין.

צו צוועלף יאָר האָט שוין געטע באַהערשט זעקס שפּראַכן. נאָך אַ שפּראַך האָט אים איצט פאַראינטערעסירט: י י ד י ש, אונזער יידיש. ער האָט באַשלאָסן זיך אויסצולערנען די שפּראַך פון די יידישע איינוואוינער אין פראַנקפורט, די שפּראַך, וואָס ווערט גערעדט אויף דער „יודען־גאַסע“ און, וועלכע ער פאַר־שטייט נישט, הגם זי איז ענלעך צו דייטש.

דער נייגעריקער וואָלפגאַנג פלעגט ליב האָבן צו וואַנדערן איבער אַלע קוואַרטאַלן פון דער שטאָט. ער האָט ליב געהאַט זיך צוצוקוקן צו דעם לעבן פון די בעלי־מלאכות, וועלכע האָבן געוואוינט אין אַ באַזונדערן קוואַרטאַל. דעם גרעסטן אינטע־רעס האָט אָבער ביי אים אַרויסגערופן דער יידישער געטאָ, די „יודען־גאַסע“ אין פראַנקפורט. דאָס דאָזיקע לעבן, וואָס איז געווען אַזוי אַנדערש, ווי דאָס לעבן פון די רעשט איינוואוי־נער פון דער שטאָט, האָט שטאַרק געריצט די פאַנטאַזיע פון דעם נייגעריקן יונגל. ער אַליין דערציילט אין זיין אויטאָ־ביאָגראַפיש ווערק „דיכטונג און אמת“, אַז ער „איז געווען אויסערגעוויינלעך נייגעריק זיך צו באַקענען מיט די יידישע צערעמאָניעס און מנהגים“. „איך האָב אָפט באַזוכט די יידישע

שול, — דערציילט גענומען, — איך בין געווען אנוועזנד אויף א יידישן ברית און א יידישער התונה און זיך געטראפן א פארשטעלונג ווען יום־טוב סוכות. מען האט מיך אומעטום גוט אויפגענומען, פיין באהאנדלט און איינגעלאדן ווידער צו קומען.״

ער פלעגט אפט קומען אין יידישן קווארטאל און נישט איינמאל זאגן קאמפלימענטן די יידישע מיידלעך פון דער ,,יודען־גאסע״. ער האט אבער געהערט, ווי זיי רעדן צווישן זיך אויף א שפראך, וואס איז אזוי ענלעך צו דייטש און דאך פארשטייט ער זי נישט.

— איך וויל קענען אייער ,,יידיש־טייטש״, — האט ער דערקלערט זיינע באקאנטע יידישע יונגלעך און מיידלעך, — איך וויל פארשטיין, וואס איר רעדט צווישן זיך.

און זיי האבן אים אין א קורצער צייט אויסגעלערנט דעם ,,יידיש־טייטש״, ווי די יידן פלעגן דאמאלס אנרופן יידיש. געטע האט זיך פון איצט אן פריי געקאנט פארשטענדיקן אויף יידיש. ער פלעגט אבער זייער שלעכט ארויסרעדן די העברע־אישע ווערטער פון דער יידישער שפראך. די יידישע מיידלעך פון פראנקפורט פלעגן שטארק לאכן, ווען דאס צוועלפיעריקע יונגל פלעגט ארויסזאגן דאס ווארט ,,כלה״. דאס דאזיקע ווארט פלעגט ער אפט באנוצן. ער האט כסדר געטענהט צו די יידישע יונגלעך, אז נאר א יידיש מיידל וועט ווערן זיין כלה. די חנודיקע יידישע מיידלעך זענען זייער שטארק גע־פעלן געווארן דעם צוקונפטיקן געניאלן דיכטער. אבער ווי קאמיש ער זאגט ארויס דאס דאזיקע ווארט: ,,כלה״ און ווי נאך קאמישער קלינגט ביי אים דאס ווארט ,,חתונה״, — אלץ אויסדריקן, וועלכע דער יונגער געטע באנוצט אין זיינע שמו־עסן מיט די יידישע מיידלעך פון דער ,,יודען־גאסע״.

— לערן זיך אוים אויך העברעאיש, — גיבן אים אן עצה זיינע יידישע באקאנטע.

דער צוועלפיעריקער גאָטע טראַכט נישט לאַנג און לערנט זיך אויס במשך פון אַ קורצער צייט העברעאיש. אין איין שיי־נעם פרימאָרגן קומט ער צוגיין צו זיינע ייד־ישע פריינט מיט אַ חומש אונטערן אָרעם און ווייזט זיי, צו זייער גרוואַלדיקער פאַרוואונדערונג, ווי פליסיק ער לייענט די שפּראַך פון די נביאים און, ווי ער פאַרשטייט כמעט יעדעס וואָרט.

— אונזערע יידן וואָלטן זיך געוואונטשן אזוי שנעל זיך אויסצולערנען לייענען און פאַרשטיין די הייליקע שפּראַך, — האָבן די יידישע הברים מקנא געווען דעם „יונגן דייטש", וואָס פאַרמאָגט אַזעלכע גלענצנדע פעיקייטן.

שטענדיק, ווען ער פלעגט קומען אין יידישן קוואַרטאַל, פלעגט אַ יונג יידיש מיידל, מיט צוויי גערדיכטע, לאַנגע, שוואַרצע צעפּ און גרויסע, טרוימערישע אויגן, נישט אָראָפּ־לאָזן דעם בליק פון דעם „יונגן דייטש". דאָס איז געווען די 13־יעריקע יוטע שאַפּער, וועלכע האָט זיך שטאַרק אינטע־ציקט מיט דעם שיינעם, גראַציעזן געשטאַלט פון דעם יונגן גאָטע. ער האָט באַמערקט אירע בליקן זין אירע טרוימערישע, מילדע אויגן האָבן אים געוואַרעמט און געצערטלט. ווען יוטע שאַפער פלעגט אויפהויבן אירע וויעס און וואַרפן אַ בליק אויף דעם „יונגן דייטש", האָט ביי גאָטען שטאַרקער אָנגעהויבן צו צאַפּלען דאָס האַרץ, אַ מאָדנע זיס געפיל האָט זיך צעגאָסן איבער אַלע זיינע גלידער, אַ געפיל, וואָס ער האָט דאָס ערשטע מאָל איבערגעלעבט אין זיין לעבן און, וואָס האָט שפּעטער גע־דאַרפט ווערן דער צענטער פון זיין טראַכטן און פילן. און דעם ערשטן פלאַם פון ליבע אין גאָטעס נשמה האָט אָנגעצונדן דאָס יידישע מיידל יוטע שאַפער.

אַ לענגערע צייט איז גאָטע געקומען אין יידישן קוואַר־טאַל, כדי צו זען זיך און צו רעדן מיט דעם יידישן מיידל, וואָס האָט געפאַנגען זיין האַרץ. אָבער יוטע שאַפער האָט זיך אליין דערשראָקן פאַר דעם געפיל, וואָס האָט אָנגעהויבן צו באַ־

הערשן איר נשמה, זי האָט מורא געהאַט פאַר דער ראָזיקער ליבע און זי האָט דעם יונגן געטע געגעבן אויסמיידן. אין עטלעכע יאָר אַרום האָט יונגע שאַפער חתונה געהאַט מיט מאיר אַנשל ראָטשילד, דעם גרינדער פון באַרימטן באַנקהויז ראָטשילד.

אומזיסט פלעגט דער יונגער געטע אַרומוואַנדערן איבער דער „יודען־גאַסע", זיך אויספרעגן וועגן יונגע שאַפער, געשיקט צו איר בריוועלעך געשריבן מיט יידישע אותיות. דאָס יידישע מיידל האָט זיך נישט געוויזן. דער צוקונפטיקער מחבר פון „די ליידן פון יונגן ווערטער", האָט באַקומען די ערשטע וואונד, אָבער די ראָזיקע וואונד האָט זיך שנעל אויסגעהיילט, ווי אַלע שפּעטערדיקע ליבעס־וואונדן ביי דעם געניאַלן דיכטער.

ער האָט זיך ווייטער באַנומען מיט לערנען שפּראַכן. דאָס האָט אים געמאַכט פאַרגעניגן אין דעם ווייטאָק, וואָס עס האָט אים פאַרשאַפט דאָס פראַנקפורטער יידישע מיידל. כדי ער זאָל זיך גוט איינאיבן אין די שפּראַכן, וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט, איז דער יונגער געטע געפאַלן אויף אַזאַ פּלאַן: ער האָט אָנגעשריבן אַ ראָמאַן אין בריוו. שוועסטער און ברידער האָבן צווישן זיך געפירט אַ קאָרעספּאָנדענץ און דערציילט זייערע איבערלעבונגען. דעם עלטסטן ברודער האָט דער ראָזיקער אָריגינעלער ראָמאַנען־שרייבער געהייסן שרייבן די בריוו אין דייטש, דער צווייטער ברודער, זייער אַ פרומער, האָט די בריוו געשריבן אויף לאַטיין און די פּאָסטסקריפּטומס אויף גריכיש, פון די רעשט צוויי ברידער האָט איינער געשריבן פראַנצויזיש און דער צווייטער ענגליש, די שוועסטער האָט געשריבן איטאַליעניש און דער יונגסטער ברודער, וועלכער איז געבליבן אין דער היים און צו וועמען די ברידער און שוועסטער האָבן געשריבן זייערע איבערלעבונגען פון וועג, — דער ראָזיקער האָט געשריבן יידיש.

שרייבנדיק דעם ראָזיקן ראָמאַן אין בריוו, האָט גערטע באַוויזן צו באַהערשן פולקאָם די ראָזיקע שפּראַכן. דער ראָזיקער איינפאַל האָט אים געגעבן די מעגלעכקייט צו פּאַרטיפן זיין שפּראַכן־קענטעניש.

אין דער צייט פון זיינע קינדער־יאָרן האָט דער צוקונפטיקער מחבר פון „פאַוסט" זיך באַקענט מיט דער טעאַטער־קונסט. ווען גערטע איז אַלט געוואָרן זיבן יאָר, איז אויסגעבראָכן די מלחמה, וואָס איז באַקאַנט אין דער געשיכטע אונטערן נאָמען: „דער זיבן־יעריקער קריג". אין יאַנואַר 1759 האָט די פראַנצויזישע אַרמיי איינמאַרשירט קיין פראַנקפורט. אין דער שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן פּאַראַדן, פייערלעכקייטן, די פראַנצויזישע סאָלדאַטן האָבן אויף די גאַסן געטאַנצט און געשפּילט. פראַנקפורט האָט אויפגעלעבט. גערטע האָט זיך גאַנצע טעג געפונען אויף דער גאַס. די פּאַראַדן און פייערלעכקייטן האָבן אים פשוט פאַרשיכורט. ער האָט געצאַפּלט פאַר פרייד. די גרעסטע פרייד האָט אָבער פאַרשאַפט דעם עקזאַלטירטן יונגל די אַקטיאָרן־טרופּע, וועלכע די פראַנצויזן האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט. דער יונגער גערטע איז כמעט אַלע אָוונט געלאָפן אין טעאַטער. זיין פאַנטאַזיע איז געוואָרן אַזוי צעווייצט, אַז, אַהיימקומענדיק, פלעגט ער אין קינדער־צימער איבערדעקלאַמירן די ראָלן פון די אַקטיאָרן. דאָס פראַנצויזישע טעאַטער, וואָס האָט צוויי יאָר צייט געשפּילט אין פראַנקפורט, האָט אויף דער קינדלעכער, עמפּפינדלעכער נשמה פון יונגל איבערגעלאָזט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק. ווען די פראַנצויזן האָבן אין יאָר 1761 פאַרלאָזט פראַנקפורט און מיט זיי האָט אויך אַרויסגעוואַנדערט דאָס פראַנצויזישע טעאַטער, איז דעם יונגן גערטען געוואָרן זייער אומעטיק. טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן, ווען מ׳האָט איבערגעגעבן אים די ידיעה, אַז דאָס טעאַטער, וואָס ער האָט צוויי

יאָר צייט גענאָסן אַזויפיל קינסטלערישן גענוס, געפינט זיך שוין מער נישט אין פראַנקפורט.

אָבער אינגיכן געפינט ער אַ טרייסט. די פוסטקייט אין דער נשמה ווערט פאַרפולט מיט אַ ברוזנדיק געפיל. דער גאַט פון ליבע, עראָס, נידערט ווידער אַראָפּ אויף געטעס האַרץ. דאָס האַרץ פון פופצניעריקן געטע הויבט איצט אָן שטאַרקער צו צאַפּלען.

דאָס פופצניעריק יונגל פלעגט האָבן אַ טבע צו שרייבן וועגן יעדער געלעגנהייט אַ ליד. אים האָט געצויגן צו באַשרייבן אין ווערזן יעדעס געשעעניש. האָט ער שוין געפילט אין זיך דאָס אויפפלאַקערנדיקע דיכטערישע פייערל? ער האָט זיך נאָך קיין דין והשבון וועגן דעם נישט אָפּגעגעבן, אָבער באַשרייבן אין פערזן פאַרשידענע געשעענישן — דערצו האָט ער געהאַט אַ געוואַלדיקע נייגונג. אָט די דאָזיקע געלעגנהייטס־לידער פלעגט ער פאַרלייענען אין קרייז פון זיינע שול־חברים. ביי איינעם פון די שול־חברים פלעגן זיך צונויפקומען יונגע בחורים און מיידלעך און געטע פלעגט דאָרטן לייענען זיינע לידער.

אין דעם דאָזיקן קרייז פון געטעס חברים פלעגט אויך קימען די זעבצניעריקע מאַרגעריטע וואַגנער, וועלכע אַלע פלעגן רופן די „רויטע גרעטכען" צוליב איר רויט־גאָלדענעם קאָפּ האָר. זי איז געווען אַ לעבעדיקע, אַ פריילעכע און זייער אַ קלוגע. אז געטע פלעגט אויף איר אַ קוק טון, פלעגט זי רויט ווערן און פאַרשעמט אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ. פאַר אירע חברטעס פלעגט זי שטענדיק זאָגן, אַז „וואָלפגאַנג איז אַזוי שיין, ווי אַפּאָללאָ".

איינמאָל, בעת געטע האָט פאַרגעלייענט זיינע לידער, איז זיך דער עולם פאַרזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט. געטע האָט נישט געהאַט ביי זיך דעם שליסל פון שטוב און איבערוועקן די עלטערן פון שלאָף האָט ער נישט געוואָלט. ער האָט דערוי־

בער באשלאָסן זיך צו לאָזן אַ גאַנצע נאַכט שפּאַצירן. גרעט־כען איז צו אים צוגעגאַנגען און שטיל געזאָגט:

— וואָלפּגאַנג, בלייב דאָ איבער, מיר קאָנען דאָך דאָ פאַרברענגען אַ גאַנצע נאַכט. מיר וועלן שמועסן וועגן אינטע־רעסאַנטע זאַכן. איך האָב זייער ליב מיט דיר צו שמועסן.

דער יונגער בחור האָט אַ לייכטן שמייכל געטון און גע־ענטפערט:

— אויסגעצייכנט, גרעטכען, ס'איז אַ גוטער פּלאַן. איך בלייב איבער.

זיי זענען געבליבן. קיין אינטערעסאַנטער שמועס איז אָבער נישט פאָרגעקומען. די רייד האָבן זיך נישט געקלעפּט. ביידע זענען געווען מיד און שלעפעריק. גרעטכען האָט אָנגע־לענט איר קאָפּ אויף זיין ברוסט און באַלד האָט געטע דער־פילט איר וואַרעמען אָטעם. „גרעטכען! גרעטכען!" האָט ער גענומען צערטלען אירע רויט־גאָלדענע האָר. גרעטכען איז אָבער געשמאַק געשלאָפן. באַלד האָט אויך דער מידער בחור אַרויסגעלייגט זיין קאָפּ אויף איר קאָפּ און איינגעשלאָפן מיט אַ זיסן שלאָף.

אינדערפרי, ווען די שטוב־מענטשן זענען אויפגעשטאַנען פון שלאָף, האָבן זיי געטראָפן געטען און גרעטכען שלאָפנדיקע אין אַ זיצנדיקער פּאָזע, צוגעטוליעט איינע צו די אַנדערע. נישט קוקנדיק, וואָס זיי זענען אַ גאַנצע נאַכט געשלאָפן אין אַ זיצנדיקער פּאָזע, איז אָבער זייער שלאָף געווען אַזאַ זיסער און פיל מיט ליבע־חלומות, אַז מ'האָט זיי קוים געקאָנט אויפ־וועקן.

די דאָזיקע ליבע האָט נישט לאַנג געדויערט. געטע האָט ווידער באַקומען אַ וואונד. גרעטכען האָט זיך גענומען באַציִען צו דעם צוקונפטיקן גאון, ווי צו אַ קינד. ער איז אין אירע הענט געוואָרן אַ שפּילצייג, זי האָט אים אָנגעהויבן צו פּייַ־

ניקן און סוף־כּל־סוף איז איינמאָל דערקלערט, אַז „ער איז נאָך אַ קינד און פאַרשטייט נישט קיין ליבּע״. דאָס האָט אויף דעם פּופּצניעריקן עמפּינדלעכן בּחור אַזוי שטאַרק געווירקט, אַז ער איז אַוועק הינטער דער שטאָט, זיך אַ וואָרף געטאָן אין גראָז און זיך צעוויינט, ווי אַ קליין קינד.

מער איז ער צו דער גרעטכען נישט געגאַנגען. ער האָט געשטילט דעם ווייטאָק מיט דער פילאָזאָפיע. די פילאָזאָפיע האָט געדאַרפט היילן די נייע וואונד, וואָס אמאָר האָט אים געמאַכט. נאָכן איבּערנייסן מיט גרעטכען, זעען מיר געטען איבּער די ווערק פון פּלאַטאָנען. די גריכישע פילאָזאָפן טראָגן אים איבּער אין אַ נייער וועלט. זיין מה דערהויבּט זיך אין אַזעלכע רעגיאָנען, וואו ער איז נאָך קיינמאָל נישט געווען. בּיסלעכווייז פילט ער, ווי זיין וואונד ווערט געהיילט דורך דער וואונדערבּאַרער רעצעפּט, וואָס הייסט פילאָזאָפיע.

אין אַ יאָר אַרום טראַכט ער שוין מער נישט וועגן דעם רויטהאָריקן מיידל. דער זעכצניעריקער געטע ענדיקט די שול און גרייט זיך צו ווערן אַ סטודענט. דער פאָטער וויל, אַז זיין זון זאָל אויך מאַכן די קאַריערע פון אַן אַדוואָקאַט. „איך וואָלט געווען גליקלעך, ווען דו וואָלסט געגאַנגען אויף דיי־זעלבּע וועגן, וואָס איך״, דערקלערט אים דער פאָטער. „אַן אַדוואָקאַט? נו, גוט זאָל זיין אַן אַדוואָקאַט״ — טראַכט גע־טע, — „אָבער דער וועג צו דעם קוואַל פון וויסן איז דאָך דאָ אויך אָפן״. דער דורשט נאָך וויסן הויבּט אים אָן שטאַרק צו בּאַהערשן, ער איז גרייט צו ווערן אַן אַדוואָקאַט, אָבער זאָל מען פאַר אים נישט פאַרמאַכן די טויערן פון דער וויסנשאַפט.

אין אָקטאָבּער 1765 געזעגנט זיך געטע מיט זיינע על־טערן און זיין שוועסטער און פאָרט אָפּ מיטן פּאָסט־וואָגן קיין לייפּציק, כדי אָנצוקומען אויף דער לייפּציקער אוניווערזי־טעט.

# זאַפּט פון לעבן

לייפּציק איז נישט פראַנקפורט. דער יונגער סטודענט דערזעט אַ נײַ לעבן. אין פאַרגלייך מיט לייפּציק איז דאָך פראַנקפורט געווען אַן אָפּגעשטאַנענע, פּראָווינץ עלע שטאָט. דער יונגער געטע דערפילט זיך פּונקטלעך, ווי אַ נײַ געבוירע־נער מענטש. ער קומט אָן אויף דעם יורידישן פאַקולטעט פון לייפּציקער אוניווערזיטעט, אָבער די שטאָט לייפּציק, מיט אירע ירידים, מיט איר רוישיק לעבן אינטערעסירט אים מער, ווי די טרוקענע לעקציעס וועגן רוימישן רעכט, אָדער די געזעצן פון דער לאָגיק, וואָס אַן אַלטער, דאַרער פּראָפע־סאָר ליינט פאָר.

דעם יונגן בחור ציט צום לעבעדיקן לעבן. אין טאָש האָט ער אַ פילן בײַטל מיט זילבערנע טאַלער, וואָס דער טאַטע האָט אים מיטגעגעבן. מ׳דאַרף אויסנוצן די יוגנט. דאָס בלוט שטראָמט האַסטיק אין די אָדערן, אַרום זענען פאַראַן אַזויפיל נײַע זאַכן, אַזוי פיל אינטערעסאַנטע דערשיינונגען און... שיינע פרויען. פאַרוואָס זאָל ער קנעלן איבער די לאַנגווייליקע יורידישע טעאָריעס? דאָס לעבן רופט אים און ער עפנט אויף די אָרעמס און רופט אויס, ווי צו אַ געליבטער: נעם מיך, לעבן, און טוליע מיך צו צו דײַן ברוינזנדיקער ברוסט!

דער יונגער פראַנקפורטער סטודענט דינגט זיך אַ דירה אויף דער פייער קוגלגאַס צווישן אַלטן און נײַעם מאַרק. דאָרטן האָט ער די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן די לייפּציקער ירידים, דעם האַנדלס־נערוו פון דער דאָזיקער שטאָט. נײַע מענטשן, נײַע געשטאַלטן, נײַע מנהגים דערשײַנען פאַר די אויגן פון דעם עמפּפינדלעכן בחור, וועלכער זוכט אײַנדרוקן — דאָס איז בײַ אים דער עיקר. ער זויגט אײַן זיך אײַן דאָס נײַע, פאַרשידנפאַרביקע לייפּציקער לעבן, ווי אַ בין — די זאַפט פון

בלומען. נישט לאנג וועט געדויערן, ווי די דאזיקע בין וועט געבן דעם וואונדערבארסטן האניק... דערווייל פליט זי אומ־גערולדיק פון איין בלום אויף דער אנדערער און זויגט איין אין זיך דעם זאפט...

דער סטודענט, וואס איז ערשט דאס ערשטע יאר אויפן אוניווערזיטעט, דערפילט שוין א ווידערווילן צו די טרוקענע, טויטע אותיות פון דער יורידישער וויסנשאפט. אנשטאט איינצוהערן זיך די לעקציעס, אנשטאט צו זיצן אין זיין דירה און קנעלן — שפאצירט ער איבער די ליפציקער גאסן, זוכט באקאנטשאפט, שמייכלט צו פרויען, קלאפט זיך אן מיט די ביר־גלעזער אין די ליפציקער רעסטאראנען. ער ווארפט זיך אין שטראם פון לעבן, ווי א גוטער שווימער אין די כוואליעס פון א טייך.

די פראפעסארן, די לעקציעס, רוימישע רעכט, לאגיק — דאס אלץ לאנגווייליקט אים. איבעריקנס ווייסט ער גענוג, אז ער זאל דארפן קנעלן. צי האט ער ווייניק שטודירט אין דער־היים פילאזאפיע און אנדערע וויסנשאפטן? צי האט ער נישט געליינט א סך ביכער אין פארשידענע שפראכן? ער האט באהערשט דאך אכט שפראכן. דאס איז נישט קיין קלייניקייט. „איך — דערציילט געטע אליין — האב געהאלטן, אז איך ווייס וועגן גאט און דער וועלט נישט ווייניקער, ווי דער פראפעסאר און דאס לערנען לאגיק האב איך אין פיל פאלן געהאלטן פאר א מין שטויסן וואסער“...

דער אוניווערזיטעט וועט געטען פאר קיין מענטש נישט מאכן, ער וועט אים שוין קיין נייע וועגן נישט אנטפלעקן. דער יונגער געטע איז שוין געקומען קיין ליפציק אנגעלאדן מיט גענוג וויסן. ער האט נאר ווייניק געקאנט דאס לעבן און דעריבער איז ליפציק — די שטאט — מער געווען אן עסק פאר שטודיום־צוועקן, ווי דער ליפציקער אוניווערזיטעט. דאס

ווירקלעכע לעבן האָט געלאָקט דעם פּראָנקפורטער סטודענט. ער שרייבט דאָן צו די עלטערן אַזוי:

„איך האַלט זיך זייער גאַלאַנט, אָבער קיין אמתער קאַוואַליר בין איך נאָך נישט און כ'וועל עס קיינמאָל נישט ווערן. איך פליים מיך שטאַרק, איך וויל ווערן מיט לייטן גלייך. געזעלשאַפט, קאָנצערטן, טעאַטער, מיטאָגן, שפּאַצירגענג — און דו זעסט נישט, ווי די צייט אַנטלויפט. ווי פרייַלעך און גוט ס'איז אַזוי צו פאַרברענגען! נאָר דערפאַר, צום טייוול, קאָסט דאָס אַלץ זייער טייער! מיין בייטל ליידט דערפון זייער אַ סך. דו באַווייזט זיך נישט אומצוקוקן, ווי עס פאַרשווינדן צוויי לואידאָרן".

ווי ס'איז צו זען פון דעם דאָזיקן בריוו צו די עלטערן, האָט דער יונגער געטע זיך באַמיט צו ווערן גרויסשטעטיש, „מיט לייטן גלייך". ער האָט אָנגעהויבן אריינצוקומען צום רעקטאָר פון אוניווערזיטעט, דעם האָפראַט לודוויק בעמע. באַזונדערס האָט זיך אינטערעסירט מיטן יונגן, שיינעם און קלוגן סטודענט בעמעס פרוי. זי פלעגט מיט אים אָפט שמועסן און געבן אָנווייזונגען, ווי אַזוי ער האָט זיך צו פירן אין דער גרויסער שטאָט, ווי אַזוי ער דאַרף זיך האַלטן אין דער געזעלשאַפט. זי האָט פון דעם פּראָווינציאַל געוואָלט מאַכן אַ גרויסשטעטישן פראַנט מיט פיינע מאַניערן. די דאָזיקע „לעקציעס" פון דער פרוי בעמע האָבן דעם יונגן סטודענט מער אינטערעסירט, ווי די לעקציעס וועגן רוימישן רעכט. ער האָט זיך שטאַרק באַמיט נאָכצוגיין דער מאָדע און זיך האַלטן לויט די אַלע כללים פון דער דאַמאָלדיקער עטיקעט. געטע האָט געוואָלט ווערן אַ „לייט"...

ער פלעגט אויך פאָרלייענען פאַר דער פרוי בעמע זיינע לידער און פּאָעמעס, וואָס ער האָט געהאַט מיטגעבראַכט פון פראַנקפורט און געהאַלטן, אַז זיי האָבן אַ ליטעראַרישן ווערט. צווישן אַנדערן האָט ער אויך געהאַט מיטגעבראַכט אַ פּאָעמע

א. ט. „מכירת יוסף‟, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אוגטערן איינ־דרוק פֿון לייענעם דעם חומש אין אָריגינאַל. די אַלע לידער, פּאָעמעס, דערציילונגען האָט ער געליינט פֿאַר דער געדולדי־קער פֿרוי בעמע, וועלכע האָט אים געזאָגט, אַז אַלע זיינע ווערק האָבן נישט קיין שום ווערט.

— פֿאַרברענט זיי, — האָט זי געזאָגט צו דעם יונגן סטודענט, וועלכער איז שטאַרק געוואָרן אומעטיק, הערנדיק דעם דאָזיקן פּסק־דין איבער זיינע לידער און פּאָעמעס, — שרייבט פֿונדעסטוועגן ווייטער, איך האָף, אַז פֿון אייך וועט עפּעס נאָך אַרויסקומען...

עטלעכע טעג איז דער אָנפֿאַנגער־שרייבער ארומגעגאַנ־גען אַ דערשלאָגענער. פֿרוי בעמע, וועלכע האָט דעם יונגן געטע געלערנט גוטע מאַניערן, איז פֿאַר אים געווען אַן אױ־טאָריטעט. איר מיינונג איז ביי אים געווען אַ געזעץ. ער איז דעריבער זיכער געווען, אַז ער האָט נישט קיין טאַלענט, אַז זיין שרייבן איז נישט מער, ווי אַ פּוסטע אַרבעט, פֿון וועלכער מען דאַרף זיך באַמיען וואָס גיכער פּטור צו ווערן. „זי האָט געזאָגט, — איז ער אַרומגעגאַנגען אַן אומרואיקער אין זיין צימער און נישט אויפֿגעהערט צו טראַכטן וועגן דער מיינונג פֿון דער פֿרוי בעמע, — זי האָט געזאָגט, אַז פֿון מיר וועט נאָך עפּעס אַרויסקומען... הם, איך צווייפֿל, צי איך וועל נאָך זיין אַ שרייבער. דאָס איז אַ נאַרישע איינרעדעניש, נישט מער. איך האָב היינט ספּעציעל אַדורכגעליינט מיינע זאַכן און געזען, אַז פֿרוי בעמע איז גערעכט. זיי זענען נאַריש, פֿלאַך, פֿול מיט פֿראַזן. איך וועל שוין מער נישט שרייבן! צו וואָס זיך מאַכן נאַריש?‟

ער איז צוגעגאַנגען צום שופֿלאַד, אַרויסגענומען עטלעכע העפֿטן און איינגעוויקלטע בויגנס און זיי אַריינגעוואָרפֿן אין ברענענדיקן אויוון. ער איז געשטאַנען און זיך צוגעקוקט, ווי דאָס פֿייער לעקט די אותיות פֿון פּאַפּיר, ווי פֿון אַלע זיינע

לידער און פּאַמעס איז געוואָרן אַ בערגעלע אַש. דער צוקונפט־טיקער דיכטער־גאון האָט ביטער געשמייכלט און געזאָגט צו זיך:

— גענוג, מער שרייב איך נישט! כ׳וועל בעסער לעבן אַ גוטן טאָג.

אָבער דער יונגער סטודענט האָט נישט געקאָנט האַלטן דעם דאָזיקן נדר. ער האָט נישט געקאָנט לעבן אַ גוטן טאָג און נישט באַשרייבן דעם דאָזיקן „גוטן טאָג", ער האָט נישט געקאָנט געניסן און נישט באַזינגען דעם דאָזיקן גענוס. ער האָט נישט געקאָנט לעבן און נישט באַוואונדערן דאָס דאָזיקע לעבן אין פּרעכטיקע פערזן. „אַלע מיינע ווערק, — האָט ער שפּעטער געשריבן, — זענען בלויז פראַגמענטן פון דער גרויסער ווידוי פון מיין לעבן". לעבן און נישט איבערדיכטן דאָס דאָזיקע לעבן איז פאַר דעם שפּעטער פון „פאוסט" געווען אַן אוממעגלעכע זאַך. לעבן האָט ביי אים געהייסן שאַפן און שאַפן האָט באַדייט — לעבן.

אין יענער צייט האָט ער זיך באַקענט מיט אַ סטודענט שלאָסער. דער דאָזיקער שלאָסער האָט געטען אַריינגעפירט אין דעם הויז פון אַ געוויסן שיינקאַפּ, וואו ס׳פלעגן זיך צוזאַמענקומען יונגע שרייבער, אַנפאַנגער. אין דעם דאָזיקן ליטעראַרישן קרייז פלעגט יעדער פאַרלייענען זיינע זאַכן און דער עולם האָט געזאָגט מבינות. געטע האָט אָבער נישט געהאַט וואָס צו לייענען, ווייל ער האָט זיינע פריערדיקע ווערק פאַרבראַט פאַרברענט און קיין נייע האָט ער נאָך נישט געהאַט אָנגעשריבן צוליב דעם נדר, וואָס ער האָט זיך געגעבן, מער נישט צו שרייבן.

באַלד האָט אָבער געטע געמוזט זיך נעמען צו דער פעדער. ער האָט ליב געקריגן, שטאַרק ליב געקריגן שיינקאַפּס טאָכטער קעטכען. דאָס מאָל האָט שוין קיין שום קראַפט נישט געקאָנט אָפּהאַלטן דעם פאַרליבטן בחור פון אויסגיסן זיינע גע־

פילן אויפן פאפיר. קעטכען איז געווען זייער א שיינע, א לוס־טיקע און פלעגט פייניקן דעם יונגן, פארליבטן סטודענט מיט איר משוגעדיקער אויפפירונג. ער איז געווען זייער אייפער־זיכטיק און שטארק געליטן. ווי אזוי שטילט מען דעם ווייטיק? ווי אזוי באפרייט מען זיך פון דעם געפיל פון אייפער־זיכט, וואס לאזט נישט שלאפן אין די נעכט און פארטרייבט דעם שמייכל פון געזיכט?

געטע האט א גלענצנדיק הייל־מיטל. ער שאפט, ער זעצט זיך אוועק און איז זיך מתודה פארן שווייגנדיקן פאפיר. פון דער ליבע צו קעטכען שיינקאפ ווערט געבוירן דאס ערשטע דראמאטישע ווערק פון געטע: „די שטימונג פון פארליבטע". דער דיכטער דערפילט זיך דאמאלס פרישער, לעבעדיקער, עס דוכט זיך אים, ווי דאס דאזיקע שאפן וואלט אויסגעהיילט זיין ליבעס־ווייי.

אין אויגוסט 1767 באקענט זיך געטע מיט א לייפציקער איינוואוינער, א געוויסן בעריש. דער דאזיקער בעריש איז שוין אלט געווען א יאר דרייסיק, כמעט טאפלט עלטער פון געטען, אבער דאס האט אים נישט געשטערט צו ווערן זייער נאנט מיטן יונגן סטודענט. בעריש איז געווען א שטאלצער, אבער גלייכצייטיק א וויצלער און א לעב־יונג. ער נעמט מיט דעם יונגן געטע, וועלכער דורשט אזוי שטארק נאך איינדרוקן, אין פארשידענע קנייפעס, פארוויילונגס־הייזער, נאכט־לא־קאלן, קאבארעטן. צוזאמען מיט בערישן לאזט זיך געטע אין די הינטערגעסלעך פון לייפציק, וואו ער קניפט אן באקאנט־שאפט מיט וואנדערנדיקע אקטיארן, וועלכע לאזן א בער אויף זיין גערייצטער פאנטאזיע א געוואלדיקן איינדרוק. ער טרינקט מיט זיי צוזאמען וויין און ביר און הוליעט ביז פאר־טאג מיט די אקטריסעס.

ער קומט אהיים אינדערפרי א מידער, נישט אויסגע־שלאפענער, מיט רויטע אויגן און וואקלט זיך אויף די פיס.

ער הערט אויס די פּאַרוואורפן פון דער בעל־הבית׳טע, זאָגט איר צו, אַז ער וועט שוין קומען אין דער געהעריקער צייט, אָבער צוּמאַרגנס קומט ער זיך ווידער צו שלעפּן אַן אַנגעטרונ־קענער און נישט אויסגעשלאָפענער.

דאָס הוליענדיקע, זאָרגלאָזע לעבן געדויערט אַ גאַנץ יאָר. דער פּאָטער אין פראַנקפורט ווייסט נישט ווי אַזוי זיין זון פירט זיך אויף, ער איז זיכער, אַז זיין וואָלפגאַנג לערנט זיך פלייסיק און ער שיקט אים דעריבער כסדר געלט. געטע צאָלט מיט זיין פאָטערס טאַלערס פאַר דעם ווייַן פון די וואַנ־דערנדיקע אַקטריסעס, וועלכע שענקען אים דערפאַר וואַרעמע קושן... די לעצטע לגאַידאָרס גיט ער אַוועק אין די הינטער־שטאָטישע קנייפּעס פון לייפּציק.

— אייער אויפפירונג געפעלט מיר נישט, — זאָגט צו אים איינמאָל דער רעקטאָר בעמע, — איר זענט שוין, גע־זונט, קלוג און פאַרמאָגט אַזעלכע זעלטענע פעיקייטן. אָבער, ווי איך זע, האָט איר בדעה דאָס אַלץ צו פטרן. אייער צוקונפט שטייט אין געפאַר, אויב איר וועט נישט ענדערן דעם דאָזיקן שטייגער פון לעבן.

— איר זענט גערעכט, הער האָפראַט, — האָט געטע געענטפערט, — איך וויל מיך אָבער באַקענען מיט אַלע זייטן פון מענטשלעכן לעבן, איך וויל, אַז קיין שום דערשיינונג אין מענטשלעכן לעבן זאָל מיר נישט בלייבן פרעמד.

— אַ, איך קען שוין די דאָזיקע תירוצים! — האָט דער רעקטאָר אויסגערופן, — איר ווילט הוליען און נישט מער. איך וואָרן אייך, געדענקט, אַז איר פטרט אַוועק אייערע בעס־טע כוחות.

געטע האָט די דאָזיקע וואָרנונגען נישט גענומען אין אַכט, הגם ער האָט געוואוסט, אַז בעמע איז גערעכט. אים, דעם זוכער פון איינדרוקן, איז שווער געווען זיך אָפּצורייסן פון דעם דאָזיקן רוישיקן און הוליענדיקן לעבן. יעדער טאָג

האָט געגעבן אזוי פיל נייעס, האָט באַרייכערט די פאַנטאַזיע פון דעם צוקונפטיקן דיכטער־גאון, האָט אים געפירט אויף נייע וועגן.

אָבער דאָס דאָזיקע צו האַסטיקע לעבן האָט אין איין שײנעם פרימאָרגן געבראַכט צו שווערע שטימונגען. דער יונגער גטעטע האָט פלוצלונג דערפילט אַ פוסטקייט און אן עלנדקייט אין דער נשמה. עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד איז ער נישט אַרויסגעגאַנגען פון זיין וואוינונג און כסדר געשריבן. דאָס רוישיקע, הוליענדיקע לעבן האָט זיך אויך שווער אָפּגערופן אויף זיין קערפּער. אין אויגוסט 1768 האָט גטעטע באַקומען אַ בלוטשטורץ, דער האַלז איז געוואָרן ביי אים אָנגעשוואָלן און ער איז אַוועקגעפאַלן צו בעט אַ געפערלעך קראַנקער. נאָר זיין קרעפטיקער אָרגאַניזם האָט געקאָנט מנצח זיין די דאָזיקע קראַנקייט, וועלכע האָט דעם יונגן גטעטע געקאָנט אַריינטרייבן אין שווינדזוכט.

ווען ער איז אויפגעשטאַנען פון בעט, איז ער געווען פיזיש און גייסטיק צוזאַמענגעבראָכן. ער האָט דערפילט אַ ווידערווילן צום לעבן. ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז ער האָט שוין אויסגעטרונקען דעם גאַנצן בעכער פון ליידן און פריידן, וואָס דאָס לעבן האָט פאַר אים צוגעגרייט. ער האָט זיך געפילט, ווי אן אַלטער מאַן, וואָס איז שוין זאַט פון לעבן.

אין סוף סעפּטעמבער 1768 האָט גטעטע איינגעפּאַקט זיינע זאַכן, באַצאָלט די בעל־הביתטע פאַר דער דירה, זיך געזעגנט מיט זיינע נאָנטע פריינט און זיך איינגעזעצט אין דער פּאָסט־קאַרעטע, וואָס איז געפאָרן קיין פראַנקפורט. ער האָט מער נישט געקאָנט זיין אין לייפּציק, ער האָט געדאַרפט רו, שטילקייט און אַ גוט וואָרט פון זיין מוטער, וועלכע ער האָט אַזוי ליב געהאַט און נאָך וועלכער ער האָט שטאַרק געבענקט אין די שווערע מינוטן פון איינזאַמקייט און מרה־שחורה.

# דער יונגער גאָט

— גאָט מיינער, ווי דו זעסט אויס! — האָט איס די מוטער באַגעגנט, פאַרבראָכנדיק די הענט און ווען זי האָט איס געקושט זענען אירע הייסע טרערן געפאַלן אויף זיינע באַקן.

ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. דערציילן וועגן זיין לעבן? איבעריקנס איז ער געווען גלייכגילטיק צו אַלעם. פאַר די עלטערן איז נישט געשטאַנען קיין 19 יעריקער יונגער, אומדערפאַרענער בחור, צו זיי האָט איצט געקערט אַ דערוואַקסענער מאַן, פול מיט לעבנס־דערפאַרונג, אַ מאַן, וועל־כער האָט נישט געהאַט קיין אידעאַלן, קיין גלויבן אין זיינע איינענע כוחות, אין זיין צוקונפט.

— דו זעסט דאָך אויס שרעקלעך, וואָלפנאַנג, — האָט איס די שוועסטער באַגעגנט, — דו מוזט, אָדאי, זיין קראַנק, לייג דיך אין בעט אַריין.

דער פאָטער איז געווען בייז און האָט שטיל געמורמלט עפּעס אונטער די ציין. ער האָט פאַרשטאַנען די סיבות פון זיין זונס שלעכטן אויסזען. ר'האָט געהאַפט, אַז זיין זון וועט קו־מען מיט אַ דיפּלאָם אין טאַש, וועט זיך ווידמענען אַדוואָקאַ־טור און אָט שטייט פאַר איס מער אַ מת, ווי אַ לעבעדיקער מענטש: איינגעפאַלענע באַקן, די אויגן טיף אין קאָפּ אַריין, דאָס פּנים בלאַס, די הענט — דאַרע, די שטים אַ שוואַכע און הייזעריקע.

— וואָס האָסטו געמאַכט פון זיך? — שאַקלט דער אַל־טער יאָהאַן קאַפּאַר מיטן קאָפּ, — אָט אַזעלכע האָפענונגען גיסטו מיר? וואָס וועט איצט זיין פון דיר? זאָג!

וואָס פון איס וועט זיין? ער ווייסט אַליין נישט. קודם כל ליינט ער זיך אין בעט אַריין, ווייל ער פילט זיך זייער שוואַך און אויסגעמאַטערט פון דער נסיעה. ער ליגט אַזוי

עטלעכע וואכן אין בעט. די מאמע און די שוועסטער גייען ארום אים. מען פלעגט אים מיט די בעסטע זאכן. דער צובראָכענער גייסט קומט צוריק צו די כוחות. דער קערפער פון דעם יונגן לייב דערפילט זיך ווידער פריש און קרעפטיק. אונטער דער אויפזיכט פון קאָרנעליען און דער צאַרטער מוטער בוקט צוריק אויף דאָס יונגע געוויקס, וואָס איז שיר נישט אומגעקומען אין ברוינזנד קן שטראָם פון לעבן.

א גאנצן ווינטער האָט ער פאַרבראַכט אין שטוב. דער פאָטער האָט נישט פארלוירן די האָפענונגען און דערכאַוויס געוואָלט, אז געטע זאָל באַקומען דעם אַדוואָקאַטן־דיפּלאָם. ווען דער צוואנציק יעריקער סטודענט האָט ווידער גענומען שמייכלען צום לעבן, ווען דער פאָטער האָט באַמערקט, אז זיין זון האָט זיך באַפרייט פון די שווערע קאָשמאַרן, האָט מען ווידער אָנגעהויבן צו רעדן וועגן פאָרזעצן דעם שטודיום.

— מען רימט זייער דעם שטראַסבורגער אוניווערזיטעט, — האָט דער אַלטער אַדוואָקאַט אָנגעהויבן צו טענהן מיט זיין זון, — אפשר וואָלסטו געפאָרן אהין שטודירן?

געטע האָט ווייטער געזוכט איינרדוקן. אין פראַנקפורט האָט אים געלאַנגווייליקט, ער האָט ווידער געוואָלט זיין אין א פערמדער שטאָט. ער האָט דעריבער תיכף מסכים געווען אויפן פאָטערס פאָרשלאָג צו פאָרן קיין שטראַסבורג.

דעם 2־טן אפריל 1769 קומט ער אָן אין דער דאָזיקער אַלטער, היסטאָרישער שטאָט. „שטראַסבורג האָט זיכער נאָך קיינמאָל נישט געזען אזא פרעכטיקן, שיינעם בחור", זאָגט דער באַקאַנטער ענגלישער געטע־ביאָגראַף, ליואיס. ס׳איז נישט געווען דערזעלבער קראַנקער, בלאַסער סטודענט, וואָס האָט זיך צוריקגעקערט פון לייפציק. ווי אנדערש האָט ער איצט אויסגעזען! אָט ווי איינער פון זיינע חברים שילדערט אים אין יענער צייט:

„א הויכער, גרויסער שטערן, גרויסע, פינקלענדיקע,

שוואַרצע אויגן פֿון וואונדערבאַרער שיינקייט, ריזיקע שוואַרצ־אַפּלען, ווי גרויסע קאַרשן, אַ לאַנגע געפּאַרעמטע נאָז מיט אַ קליין הויקערל, אַ שיין, וואונדערלעך געשניצט מויל, די אויבערשטע ליפּ מער אַרויס אין דרויסן, וואָס עס האָט אים צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן. ער האָט זיך שטענדיק געהאַלטן גלייך, אויסגעצויגן, ווי אַ טאָפּאָל־בוים, פֿון אים האָט גע־אָטעמט מיט קראַפֿט און לעבן".

אָט דער דאָזיקער פּרעכטיקער בחור איז אין אַ זוניקן פֿרילינגס־טאָג אַריינגעפֿאָרן קיין שטראַסבורג. די מענטשן, וועלכע האָבן געקוקט אויף אים, האָבן זיך נישט געקאָנט אָפּ־וואונדערן פֿון זיין שיינקייט. מיידלעך פֿלעגן אויפֿרייסן צו אים די אויגן און קוקן אויף אים, ווי אויף עפּעס אַ וואונדער־לעכער דערשיינונג. ווען ער פֿלעגט אַריינקומען אין דער גאָר־קיך, וואו ער האָט געגעסן מיטאָג, פֿלעגן אַלע געסט, מערסטנ־טייל סטודענטן, אויפֿהערן אַ ווייל צו עסן, אַרויסלאָזן גאָפּל, מעסער פֿון די הענט און מיט אָפֿענע, פֿאַרגאַפֿטע מיילער קוקן אויף דעם וואונדערלעך־שיינעם מאַן. אַלע געטע־ביאָגראַפֿן זע־נען מודה, אַז קיין איין בילד גיט נישט איבער די אמתע שיינקייט און פּראַכט פֿון געטעס געשטאַלט.

אויך אויפֿן שטראַסבורגער אוניווערזיטעט האָבן געטען נישט אינטערעסירט די יורידישע וויסנשאַפֿטן. אין דער גאָר־קיך, וואו ער האָט געגעסן מיטאָגן, האָט ער זיך צוגעהערט צו די שמועסן פֿון די סטודענטן מעדיקער. אים האָט שטאַרק אָנ־געהויבן צו אינטערעסירן אַנאַטאָמיע. דער געבוי פֿון מענטש־לעכן קערפּער איז פֿאַר אים געוואָרן אַ וואונדערלעכע אַנט־פּלעקונג און די כעמישע יסודות פֿון דער נאַטור האָבן גע־רייצט און געלאָקט זיין פֿאַנטאַזיע. ער האָט אויפֿגעהערט צו הערן לעקציעס וועגן יורידישע וויסנשאַפֿטן און זיך איבער־געוואָרפֿן אויפֿן מעדיצינישן פֿאַקולטעט, וואו ער האָט מיט גרויס אינטערעס געהערט לעקציעס איבער אַנאַטאָמיע און

כעמיע. זיין דורשט נאך וויסן האט זיך געגומען שטארקן. די טרוקענע געזעצן פון דער רעכטס־וויסנשאפט האבן נישט גע־קאנט באגייסטערן דעם דיכטערישן מח, וועלכער האט גע־בליצט מיט דער העכסטער פאנטאזיע און שטארקסטן שוואונג. די וואונדערלעכע דערשיינונגען פון דער יצירה, וועלכע האבן זיך פאר אים אנטפלעקט אין דער אנאטאמיע און כעמיע האבן אים געגעבן דעם וויטערדיקן שטופּ צום וויסן. ער האט אויך געהערט לעקציעס איבער גינעקאלאגיע (אקושעריע), ער האט זיך שטארק פאראינטערעסירט מיט די אנטדעקונגען, וועלכע זענען אין יענער צייט געמאכט געווארן דורך בנימן פראנקלין אין דער עלעקטריציטעט, ער האט זיך אויך געווידמעט דער וויסנשאפט פון מיטלאלטער, דער אלכעמיע. געטע האט בא־שלאסן, אז קיין שום צווייג פון מענטשלעכן וויסן טאר אים נישט בלייבן פרעמד, דער דאָ־זיקער ריזיקער גייסטיקער רעזערוואואר האט געגומען איינ־זאפּן אין זיך אלע דערגרייכונגען פון מענטשלעכן וויסן. שפּע־טער וועלן מיר זען, ווי דער דאזיקער געניאלער דיכטער איז גלייכצייטיק אויך אלזייטיקער וויסנשאפטסמאן, ווי ער וואלט געוואלט באווייזן, אז יעדער גרויסער, שעפערישער גייסט מוז פארמאגן א גרויסע שפע פון וויסן.

געטע איז אין קיין שום זאך נישט עקסטרעם. ער איז נישט קיין פאנאטיקער אויף איין באשטימטן געביט. אט שטודירט ער אנאטאמיע, פיזיאלאגיע, כעמיע, פיזיק, אבער ער האט גלייכצייטיק געפונען צייט צו געניסן פון לעבן, צו פאר־ברענגען אין פארשידענע פארוויילונגס־ערטער פון שטראסבורג און אפילו... זיך לערנען טאנצן ביי א ספּעציעלן טאנץ־מייסטער.

דער סטודענט, וואס שטודירט אזוי פיל וויסנשאפטן, וואס לייענט א סך און דורשט נאך וויסן, איז גלייכצייטיק אן עלעגאנטער קאוואליר און גייט אנגעטאן לויט די לעצטע

כללים פון דער מאָדע. פון דער מאָדע האָט ער געוואָלדיק. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט געהאַט פּרעכטיקע שוואַר־צע לאָקן, האָט ער די האָר פאַרבינדן אין אַ גרעק און צוגע־טשעפּעט צום גהעק אַ צעפּל. אַזוי איז געווען די מאָדע, און פּריזער האָבן האָמאָלס געטראָגן די מאַנסליט און געטע האָט שטאַרק מיטגעהאַלטן מיט דער מאָדע. ער האָט אויך געטראָגן די הויזן ביז די קני, זײַדענע זאָקן און לאַטשן, ווי אַלע עלע־גאַנטע מענער פון זײַן צײַט. צוליב דער פּריזער האָט ער זיך געמוזט האַלטן שטײַף, אויסגעצויגן, כדי זי נישט קאַליע צו מאַכן. ער האָט זיך אויך געלערנט פעכטן און רײַטן, ווײַל אַזוי האָט געפאָדערט די טראַדיציע פון אַ גוט דערצויגענעם קאַוואַליר. צוזאַמען מיט זײַן חבר זאַלצמאַן, מיט וועלכן ער האָט זיך באַקענט אין שטראַסבורג, פלעגט ער באַזוכן די עלעגאַנטע רעסטאָראַנען פון דער שטאָט און דאָרט זיך לאַנג פאַרווײַלן. אָבער ער איז שוין געווען פאַרזיכטיקער. דאָס מאָל האָט ער שוין נישט געזופּט אַזוי האַסטיק פון בעכער פון לעבן. ער האָט זיך אויסגעלערנט צו „האַלטן דאָס גלײַכגע־וויכט", צו לעבן מיט אַ מאָס. די דאָזיקע אײַנשאַפט האָט אים שוין באַגלייט דאָס גאַנצע לעבן. ער האָט זיך קיינמאָל נישט אָנגעשכורט צופיל מיט גליק, ער האָט זיך קיינמאָל נישט באַגײַסטערט צופיל, ער האָט קיינמאָל נישט געבריוזט צו שטאַרק. עס זענען געווען אויסנאַם־מאָמענטן, אָבער דאָס זענען געווען יענע מאָמענטן, ווען געטע האָט געליבט... ער האָט אַ סך געאַרבעט איבער זיך, כדי „צו קאָנען דערהאַלטן דאָס גלײַכגעוויכט", כדי צו קאָנען זײַן אַזוי רואיק און מאַ־יעסטעטיש, ווי אַ גאָט.

אין די יונגערע יאָרן האָט געטע שטאַרק געליטן פון אַ צו שטאַרקער נערוועזער עמפּינדלעכקייט. דער קאָפּ פלעגט זיך אים שטענדיק פאַרדרייען, ווען ער פלעגט אַרויפגיין אויף הויכע ערטער, אַ שטאַרקער קלאַנג פלעגט אים מאַכן אויפּצי־

טערן און ביי יעדן קלאפּ איז ער תמיד אויפגעשפּרונגען פון ארט, בײנאַכט פלעגט ער מורא האָבן צו גײן אַלײן אין דער פינסטער, באַזונדערס פלעגט ער מורא האָבן צו גײן נאָנט פון אַ בית־עלמין. כדי צו באַקעמפן די דאָזיקע שוואַכקייטן איז געטע געפאַלן אויף אַזאַ פּלאַן: פאַרנאַכט, אײדער די זון איז אונטערגעגאַנגען, ווען די פויקערס פלעגן געווײנלעך, אָנזאָגן, אַז די שטאָט־טויערן ווערן פאַרמאַכט, האָט זיך געטע אַוועק־געשטעלט נאָנט נעבן די פויקערס. ער פלעגט עס טון במשך פון עטלעכע וואָכן יעדן פאַרנאַכט און אַזוי אַרום זיך צוגעוואוינט צו שטאַרקע קלאַנגען. די ערשטע עטלעכע אָוונטן האָט דער צאַפּלדיקער געטע געמײנט, אַז די אויער־הײטלעך וועלן אים פּלאַצן, אַז ער גײט פּשוט אַראָפּ פון זינען. אָבער ביס־לעכווײז האָבן זיך זײַנע נערוון צוגעוואוינט צו די שטאַרקע קלאַנגען. נאָכדעם האָט ער טאָגטעגלעך אָנגעהויבן אַרויפצו־קריכן אויף דעם הויכן טורעם פון דער באַרימטער שטראַס־בורגער קירכע און געשטאַנען דאָרט יעדעס מאָל אַ האַלבע שעה, אַראָפּקוקנדיק אויף דער שטאָט, וועלכע האָט זיך איצט פאַר אים ווײַט אויסגעשפּרייט. לכתּחילה האָט אים שטאַרק געשווינדלט אין קאָפּ, ער האָט געמײנט, אַז אָט אָט פאַלט ער אַראָפּ, אָבער ביסלעכווײז האָט ער זיך דערצו אַזוי צוגעוואוינט, אַז ער פלעגט גאַנצע שעהן אָפּשטײן אויפן טורעם און זיך פילן דאָרט, ווי ביי זיך אין דערהײם. נאָכן ענדיקן דעם דאָזיקן עקספּערימענט האָט ער אָנגעהויבן בײנאַכט צו שפּאַצירן אויפן שטראַסבורגער בית־עלמין. די ערשטע עטלע־כע נעכט האָט ער געפילט, ווי עס שטאַרבט אין אים אָפּ יע־דעס אבר, ווי עס פאַרפעלט אים אָטעם, אָבער ער האָט זיך געשטאַרקט, געקעמפט מיט זיך, ביז ער האָט מנצח געווען אויך די דאָזיקע שוואַכקייט. פון איצט אָן האָט ער שוין מער נישט קײן מורא געהאַט צו גײן בײנאַכט אַלײן אין די פינס־טערע שטראַסבורגער געסלעך.

אזוי האָט ער שטענדיק געפירט א קאמף מיט זיינע שוואכקייטן. ער האָט שטענדיק געאַרבעט איבער זיך, ווי א מייסטער אַרבעט איבער זיין ווערק, כדי עס צו פאַרפולקאָמע־נען. זיין העכסטער אידעאַל איז געווען א פולקאָמענער מענטש אָן איבערגעטריבענע ליידנשאַפטן, אָן ברויזנדיקע געפילן. ער האָט געוואָלט זיך דערפירן צו דער שלימות פון אן אָלימפּישן גאָט...

# ליידי פון יונגן געטע

נישט ווייט פון שטראַסבורג האָט זיך געפונען א קליין רוּאיק שטעטעלע זעזענהיים. געטע פלעגט דאָרטן קומען אָלע זונטיק צום פאַסטאָר. אָבער נישט דער פאַסטאָר האָט אינ־טערעסירט דעם יונגן בחור, נאָר דעם פאַסטאָרס זעכצניעריקע טאָכטער, פרעדעריקע. זי פלעגט זיך אוועקזעצן נעבן דער פּיאַנינאָ, פאַרוואַרפן דעם קאָפּ און מיט פאַרטרוימטע, אומע־טיקע אויגן שפּילן האַרציקע ראָמאַנסן. טיילמאָל פלעגט זי מיט איר צאַרטער, מעלאַנכאָלישער שטים צו זינגען א ליד.

אָט דאָס דאָזיקע בילד האָט דעם ראָמאַנטיש־געשטימטן געטען אזוי אַנטציקט, אז ער איז שוין פון פרעדעריקע נישט אָפּגעטרעטן און צוויי, אָדער דריי מאָל אין דער וואָך פלעגט ער אַראָפּפאָרן קיין זעזענהיים. געטע האָט איצט אָן אַלעם פאַרגעסן, פאַר אים האָט עקזיסטירט בלויז דעם פאַסטאָרס טאָכטער פון זעזענהיים. ביינאַכט, ביים שיין פון דער לבנה פלעגט דער פאַרליבטער סטודענט שפּאַצירן מיט פרעדעריקען הינטער דעם קליינעם שטעטעלע און אויסגיסן פאַר דעם טרוי־מערישן מיידל זיינע הייסע געפילן. קומענדיק דערנאָך קיין שטראַסבורג, פלעגט ער שיקן צו פרעדעריקען בריוו פול מיט ליבע־באַגייסטערונג. דעם דאָזיקן מיידל האָבן מיר צו פאַר־דאַנקען עטלעכע פרעכטיקע ליבעס־לידער, וואָס דער יונגער דיכטער האָט אין יענער צייט אָנגעשריבן.

אויך פרעדעריקע האָט געענטפערט מיט ליבע דעם שויי־נעם סטודענט, מיט וועלכן אַלע פלעגן זיך אַנטציקן. יעדעס מאָל, ווען געטע האָט געדאַרפט צוריקפאָרן קיין שטראַסבורג, פלעגט זי אים לאַנגע שעהן האַלזן און קושן און נישט אַוועק־לאָזן פון זיך.

— דו ביזט דאָך אַזאַ שיינער, — פלעגט זי זיך טוליען צו זיין ברוסט, — ווען דו ביזט נישטאָ נעבן מיר דוכט זיך מיר, אַז די שטראַסבורגער מיידלעך האָבן דיך צוגענומען פון מיר און, אַז דו וועסט שוין קיינמאָל צו מיר נישט קומען צוריק.

פרעדעריקע האָט אינסטינקטיוו געפילט, אַז אין איין שויי־נעם פרימאָרגן וועט דער פרעכטיקער שטראַסבורגער סטודענט זי פאַרלאָזן. אָבער נישט די שטראַסבורגער מיידלעך האָבן אים צוגענומען, נאָר שעקספיר און אָסיאַן און געטעס דיכ־טערישע אַרבעט. אין יענער צייט האָט געטע דאָס ערשטע מאָל זיך באַקענט מיט די ווערק פון שעקספירן און אָסיאַן. באַזונדערס האָט שעקספיר איבערגעלאָזט אויף אים אַן אומ־פערגעסלעכן איינדרוק. ער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּ־רייסן פון די דאָזיקע ווערק און זיי איבערגעלייענט עטלעכע מאָל. שעקספירס דראַמאַטישע ווערק האָבן אים געגעבן דעם שטויס צו אייגענער דיכטערישער שאַפונג.

אין יענער צייט ווערפט ער אָן די ערשטע סקיצן פון „פאַאוסט", אַ ווערק, איבער וועלכן דער גאון וועט אַרבעטן דאָס גאַנצע לעבן, אַ ווערק, וואָס וועט אָן אויפהער באַהערשן זיין דיכטערישע פאַנטאַזיע. גלייכצייטיק הויבט ער דאַן אָן צו שרייבן זיין שטאַרק דראַמאַטיש שוישפיל „געץ פאָן בער־ליכינגען", וואו ער שילדערט די שטאַרקע פערזענלעכקייט און קאַמפן פון דעם „ריטער מיט דער אייזערנער האַנט", דעם רויבער־ריטער גאָטפריד פון 16־טן יאָרהונדערט.

אָבער נישט בלויז דאָס באַגייסטערן זיך מיט שעקספּירן און דאָס אַרבעטן איבער איינענע ווערק רייסט אים אָפּ פון דעם זעזענהיימער מיידל. געטע מוז זיך גרייטן צום ענדיקן דעם שטודיום. דער פאָטער פּרעגט בכדי אָן ווען ער וועט שוין קומען אַהיים מיטן דאָקטאָר־טיטל. געטע מוז דעריאָגן דאָס, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזט, ער מוז זיך ווידער נעמען קנעלן די יורידישע וויסנשאַפטן. ער האָט גאַנצע נעכט געמוזט אויף זיין און איינחזרן זיך די פּאַרשידענע ידיעות וועגן רעכט און שטראָף. דער סטודענט האָט זיך געגרייט צו זיין דאָקטאָר־דיסערטאַציע. אַלע ענינים, געפילן, געשעענישן האָבן געמוזט אָפּגערוקט ווערן אין אַ זייט. דער פאָטער האָט געשריבן, אַז „אַלע אין שטוב דערוואַרטן שוין מיט פרייד אויף דעם קומען פון „דאָקטאָר וואָלפגאַנג געטע". אויף אַ געוויסער צייט האָט זיך דער אַרבעטסזאַמער סטודענט פאַרמאַכט אין זיין וואוינונג, נישט אויפגענומען קיין פריינט, אין ערגעץ נישט אַרויסגעפאָרן און איילִיק געאַרבעט איבער זיין דאָקטאָראַט.

אין סעפּטעמבער 1771 זעען מיר געטען ווידער אין פראַנקפורט. דער פאָטער איז זייער גליקלעך, וואָס זיין זון האָט ענדלעך באַקומען דעם טיטל „דאָקטאָר פון יורידישע וויסנשאַפטן", אָבער פון איין זאַך איז דער אַלטער פראַנקפורטער אַדוואָקאַט אומצופרידן, פון די ראַדיקאַלע מיינונגען, וואָס זיין זון זאָגט אַרויס אין דער געזעלשאַפט. דער אַלטער פראַנקפורטער אַדוואָקאַט איז געווען זייער אַ קאָנסערוואַטיווער און ער האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט זיין זונס געדאַנקען וועגן גאָט, וועלט און מענטשן. מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן, אַז דער יונגער געטע האָט זיך דאָן שטאַרק געפונען אונטערן איינדרוק פון זשאַן זשאַק רוסאָ, וועלכער האָט אין יענער צייט באַהערשט אַלע יונגע מוחות פון אייראָפּע. אין דער דייטשער ליטעראַטור האָט דאַמאָלס געהערשט דער אַזוי

גערופענער „שטורעם־און־דראנג־פעריאד". דעם דאַזיקן נאָמען האָט די ריכטונג אין דער ליטעראַטור באַקו־מען פון דער דראַמע, וואָס עס האָט אָנגעשריבן דער דייטשער שרײַבער קלינגער אונטערן נאָמען: „שטורעם און דראַנג". אויך דער יונגער געטע האָט זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון דער דאָזיקער ריכטונג און איז אַ נגיכן געוואָרן איינער פון אירע וויכטיקסטע פאַרטרעטער. פאַרשטייט זיך, אַז די אַרויסגעזאָגטע ראַדיקאַלע מיינונגען פון דעם יונגן געטע האָבן שטאַרק נישט געשמעקט דעם אַלטן קאָנסערוואַטיוון פראַנק־פורטער יוריסט. ער האָט דערין געזען שיר נישט קיין גאָט־לעסטערונג און האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס דער זון גייט נישט אין זיינע וועגן. פון איין זאַך האָט דער קאָנסערוואַטי־ווער טאַטע געהאַלטן: פון די ווערק, וואָס זיין זון האָט גע־שריבן. די דאָזיקע ווערק פלעגט געטע פאַרלייענען דעם פאָ־טער און דער אַלטער האָט זיך מיט זיי שטאַרק אַנטציקט.

אָבער דער צוויי און צוואַנציקיעריקער געטע נאָך גאָר־נישט געהאַט אָפּגעדרוקט פון זיינע לידער. „געץ פאָן־בערלי־כינגען" האָט ער געהאַלטן אין איין איבעראַרבעטן. ס׳איז געגאַנג געוועזן, אַז דער דאַמאָלסדיקער ליטעראַטור־היסטאָריקער און קריטיקער הערדער זאָל זאָגן געטען, אַז „געץ פאָן־בערליכינגען", איז איינגאַנצן אָנגעשריבן אונטער שעקספירס איינפלוס, ווי דער יונגער דיכטער זאָל אויפסניי באַאַרבעטן זיין דראַמע און ערשט אין צוויי יאָר אַרום, אין פרילינג 1773, האָט זי דערזען די ליכטיקע שיין. דאָס דאָזיקע דראַ־מאַטישע ווערק פון אַן אומבאַקאַנטן דיכטער האָט באַלד גע־צויגן אויף זיך אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט און דער נאָמען געטע איז געוואָרן באַקאַנט אין די ברייטסטע קרייזן. שוין אין אַ יאָר אַרום איז „געץ פאָן־בערליכינגען" אויפגעפירט געוואָרן אין בערלינער קעניגלעכן טעאַטער.

מיט איינמאָל איז דער יונגער „דאָקטאָר פון יורי־וויסנ־

שאפטן'' געוואָרן באַרימט, אָבער נישט אַלס אַדוואָקאַט, נאָר אַלס דיכטער.

דער אמתן רום האָט אָבער געטע דערגרייכט מיט אַ צווייט ווערק, מיט זיין ראָמאַן „די ליידן פון יונגן ווערטער''. דאָס דאָזיקע בוך, וואָס האָט דערציילט וועגן אַן אייגענער איבערלעבונג פון דיכטער, האָט זיין נאָמען געמאַכט באַרימט נישט נאָר בלויז אין דייטשלאַנד, נאָר אויך אין גאַנץ אייראָפּע.

ווי אַזוי איז אַנטשטאַנען דאָס דאָזיקע ווערק? אַ דאַנק אַ ליבעס־טראַגעדיע, וועלכע דער ראָמאַנטישער יונגער געטע האָט אין יענער צייט איבערגעלעבט.

דער יונגער אַדוואָקאַט האָט געדאַרפט דורכמאַכן זיין געריכטס־פּראַקטיק. אין פרילינג 1772 איז ער אַוועק קיין וועצלאַר אוּן פאַרנומען אַן אַמט אין אָרטיקן קאַמער־געריכט, וואו „ס'זענען געלעגן אָנגעזאַמלט ביז זעכציק טויזנט נישט דערלעדיקטע פּראָצעסן''. די פּראַקטיק אין דעם דאָזיקן געריכט איז געווען אַ שרעקלעך לאַנגווייליקע. פאַר דעם גייסט־רייכן אוּן לעבנסלוסטיקן געריכטס־אַפּליקאַנט איז דאָס געווען אַן אמתע אָפּקומעניש.

כדי זיך אַ ביסל צוצושטרייען האָט ער אין וועצלאַר גע־זוכט באַקאַנטשאַפט. ער האָט זיך דאָ באַפריינדעט מיט אַ גע־וויסן קעסטנער. דורך קעסטנערן האָט זיך געטע אויך באַ־קענט מיט קעסטנערס זעכצניעריקער כלה, שאַרלאָטע בוף, וועלכע אַלע פלעגן רופן „לאָטכען''.

באַלד ביים ערשטן אָנבליק אויף דעם יונגן מיידל האָט געטע אויפגעציטערט פון באַגייסטערונג. שאַרלאָטע האָט אויף אים מאָמענטאַל געווירקט, ווי „דערפרישנדיקער טוי אויף אַ פאַרשמאַכטעטער בלום''. ביז איצט האָט קיין איין פרוי נישט איבערגעלאָזט אויף אים אַזאַ שטאַרקן איינדרוק. ער איז אַרומגעגאַנגען, ווי אַ צומישטער. דאָס שרעקלעכסטע דערביי

איז נעוועז, וואָס לאָטכען האָט געהאַט אַ חתן און דער דאָ־
זיקער חתן איז דאָך געוועז זיין נאָנטער פריינט. פאַרראַטן
דעם אייגענעם פריינט? דערקלערן זיך שאַרלאָטען אין ליבע?
געטע האָט דאָס ביי זיך נישט געקאָנט פועלן. ער האָט באַ־
שלאָסן צו דערשטיקן אין זיך דאָס דאָזיקע פלאַמנדיקע גע־
פיל, אָבער דער קאַמף איז געוועז אַ שווערער. ווי אַזוי קושט
מען די דאָזיקע זאַפטיקע ליפן, וועלכע זענען דאָך, דוכט זיך,
בלויז דערצו באַשאַפן געוואָרן?
געטעס האַלטונג האָט שאַרלאָטען איבערציינט, אַז דער
דאָזיקער שיינער, שלאַנקער בחור איז צו איר נישט גלייכגיל־
טיק. זיין צאַפּלענדיק רעדן, זיינע באַגייסטערטע אויגן, זיין
ציטערדיקע האַנט, ווען ער נעמט אָן איר האַנט — דאָס אַלץ
האָט באַוויזן, אַז געטע איז פאַרליבט אין איר ביז משוגעת.
דאָס האָט שטאַרק געווירקט אויף דעם יונגן מיידל און אויך
אין איר נשמה האָט אָנגעהויבן צו פלאַקערן אַ הייס געפיל. און
פונקט, ווי געטע, האָט זי טיף אין זיך באַהאַלטן דאָס דאָזיקע
ליבעס־געפיל, פונקט ווי ער, האָט זי געצאַפּלט אין זיין אָנ־
וועזנקייט, אָבער נישט געגעבן אָנצוגעהערן מיט קיין וואָרט,
אַז זי האָט אים ליב. צווישן ביידע יונגע מענטשן, וואָס האָבן
זיך איינער דעם אַנדערן אַזוי ליב געהאַט, זענען געשטאַנען
פעסטע טראַדיציעס, וואָס האָבן בשום אופן נישט דערלויבט
צו פאַרראַטן. געטע איז ווייטער געוועזן קעסטנערס פריינט
און שאַרלאָטע איז ווייטער געוועזן קעסטנערס כלה. ס'האָט
זיך גאָרנישט געטאָרט ענדערן. די גוט־דערצויגענע שאַרלאָטע
בין וואָלט גלייכער גרייט געוועזן צו שטאַרבן, איידער צו דער־
לאָזן צו דעם סקאַנדאַל פון אַ פאַרראַט.
געטע האָט פאַרגעסן אָן דער געריכטס־פּראַקטיק, ער
פלעגט אַ סך טעג נישט קומען אין קאַמער־געריכט. ער פלעגט
כסדר פאַרברענגען אין דער געזעלשאַפט פון שאַרלאָטען, ליי־
נען איר זיינע לידער, וועלכע ער האָט איר געווידמעט און

פון צייט צו צייט זי אָנקוקן מיט אַ בליק פול מיט אומעט
און רעזיגנאַציע. טיילמאָל איז דער דאָזיקער בליק פול געווען
מיט אַזוי פיל הייסן באַגער און ליידנשאַפט, אַז שאַרלאָטע
פלעגט זיך דערשרעקן און אַ צאַפּלדיקע אַ גאַנצן פרעגן:

— איך האָב פאַר אייך מורא, הער וואָלפגאַנג. איר האָט
אַזעלכע שרעקלעכע אויגן...

— אַלע פאַרליבטע האָבן שרעקלעכע אויגן, — האָט ער
געענטפערט מיט אַ ביטערן שמייכל.

סוף כל סוף האָט אויך קעסטנער דערפילט, אַז געטע
איז פאַרליבט אין לאָטכען, ער האָט אויך באַמערקט, אַז שאַר־
לאָטע איז שטאַרק באַרוישט פון געטעס האַלטונג. עס האָבן
זיך אָנגעהויבן שווערע, פיינלעכע שמועסן צווישן ביידע
פריינט. ניט וועלנדיק ברענגען צו קיין קאַטאַסטראָפע
צווישן חתן־כלה, האָט געטע באַשלאָסן צו פאַרלאָזן וועצלאַר.
ער איז אַוועקגעפאָרן פון דאָרט מיט אַ טיפע וואונד אין
האַרץ. כדי צו האָבן אַ באַגריף וועגן זיינע דאַמאָלדיקע שווע־
רע שטימונגען, איז גענוג צו לייענען דעם געזעגענונגס־בריוו,
וואָס ער האָט איבערגעלאָזט קעסטנערן.

„איך בין אַוועקגעפאָרן, — שרייבט געטע אין זיין לעצטן
בריוו צו קעסטנערן. — ווען איר וועט באַקומען דאָס דאָזיקע
בריוול, וועל איך שוין אין וועצלאַר ניט זיין. דאָס בייגע־
לייגטע בריוול גיט איבער לאָטכען. איך בין געווען גענוג מונ־
טער, נאָר דער נעכטיקער שמועס האָט מיר צעריסן דאָס
האַרץ אויף שטיקער. איך קאָן אייך איצט גאָרנישט זאָגן,
חוץ דאָס איינע וואָרט: זייט געזונט! ווען איך וואָלט געווען
נאָך איין מינוט צוזאַמען מיט אייך, וואָלט איך עס ניט
אויסגעהאַלטן. איצט בין איך אַליין און מאָרגן פאָר איך
אַוועק. אָ, מיין אָרעמער קאָפּ!"

מיט די דאָזיקע שווערע שטימונגען איז ער געפאָרן
אַהיים קיין פראַנקפורט. דאָרטן האָט ער באַקומען די ידיעה,

אז זיינס א באקאנטער, א געוויסער יערוזאלעם, א מעלאנכאָ־ליקער און איינזאַמער מענטש, האָט זיך גענומען דאָס לעבן צוליב אן אומגליקלעכער ליבע. געטען באהערשט אויך עטלעכע טעג דער געדאַנק וועגן זעלבסטמאָרד, עס דוכט זיך אים, אז ער וועט דעם ווייטיק פון דער אומגליקלעכער ליבע צו שאַר־לאָטען נישט איבערהאלטן.

אָבער דער דיכטער האָט א וואונדערלעך הייל־מיטל אויף אלע לײדן. ס'איז געגנג, אז ער זאָל אויסדיכטן זיין ווייטיק אויפן באַפּיר און די יסורים פאַרשוואונדן, די נשמה ווערט דערהויבן און געלייטערט. געטע האָט זיך איצט גענומען צו באַשרייבן זיינע איבערלעבונגען אין דעם ראָמאַן „די לײדן פון יונגן ווערטער". ער האָט געשריבן מיט איין אָטעם, ווי ער וואָלט וואָס שנעלער זיך געוואָלט באַפרייען פון דעם פּיין, וואָס האָט געדריקט זיין נשמה. במשך פון פיר וואָכן איז דער ראָמאַן געווען פאַרטיק. ער האָט זיך במשך פון די דאָזיקע פיר וואָכן נישט געזען מיט קיין שום פריינט און באַקאַנטן, נישט אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, געזעסן פאַרמאַכט אין זיין צימער און אויסגעדיכטעט דעם ווייטיק פון זיין אומגליקלע־כער ליבע. די הויפּט־העלדין פון ראָמאַן האָט ער אָנגערופן מיטן אמתן נאָמען פון דער געליבטער פרוי, די הויפּט־העלדין פון די „לײדן פון יונגן ווערטער" הייסט טאַקי אויך שאַר־לאָטע.

צו שאַרלאָטען האָט ער דאַמאָלס געשריבן: „אין קורצן וועל איך אייך שיקן א פריינט, וועלכער איז זייער ענלעך צו מיר. איך האָף, אז איר וועט אים אויפנעמען. זיין נאָמען איז ווערטער... ער איז און איז געווען... איבעריקנס וועט ער אייך אלץ אויפקלערן"...

ווען דער ראָמאַן איז דערשינען פון דרוק, האָט ער גע־מאַכט א קאָלאָסאלן איינדרוק. „די לײדן פון יונגן ווערטער" האָבן אָנטשפּראָכן די סענטימענטאלע, ראָמאַנטישע שטימונ־

גען, וואָס האָבן דאַמאָלס געהערשט אין דער געזעלשאַפט. דאָס דאָזיקע בוך האָט פּשוט באַהערשט די הערצער און מוחות פֿון גאַנץ אייראָפּע. ס'איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין צענדליקער טויזנטער עקזעמפּלאַרן. נישט געווען קיין ווינקעלע אין אייראָפּע, וואו מ'זאָל נישט לייענען דעם דאָזיקן ראָמאַן. צענדליקער טויזנטער יונגע מענטשן האָבן פאַרגאָסן טרערן איבער „די לײדן פֿון יונגן ווערטער" און די בראַניק האָט געוואַקסט צו דערציילן וועגן עטלעכע פאַקטן פֿון זעלבסטמאָרד צוליב דעם דאָזיקן סענטימענטאַלן ראָמאַן. אַפילו געטע אַליין איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן געווען אַן עדות פֿון אַ פאַקט, ווי אַ יונג מיידל האָט זיך געוואָרפן אין וואַסער אַריין און ווען מ'האָט זי אַרויסגעשלעפּט שוין אַ טויטע, האָט מען בײַ איר געפונען אײַנגענייט אין קלייד אַן עקזעמפּלאַר פֿון „די לײדן פֿון יונגן ווערטער".

עס זענען פאַרשטייט זיך, געווען אַ סך, וואָס האָבן אָפּגעהוזקט פֿון געטעס סענטימענטאַלן ראָמאַן. דער באַרימטער דײַטשער דיכטער לעסינג האָט דערקלערט, אַז די „לײדן פֿון יונגן ווערטער" איז אַ בוך, וואָס ברענגט אַריין שוואַכקייט און אָפּהענטיקייט אין דער געזעלשאַפט. אַ געוויסער ניקאָלאַי האָט אַפילו אָנגעשריבן אַ פּאַראָדיע אויף געטעס ראָמאַן א. ט. „די פרײדן פֿון יונגן ווערטער", אָבער דאָס אַלץ האָט ווייניק וואָס געקאָנט אָפּשוואַכן דעם קאָלאָסאַלן רושם פֿון געטעס ניי בוך. דער נאָמען געטע איז איצט געוואָרן באַרימט איבער גאַנץ אייראָפּע און דער דיכטער האָט מאָמענטאַל באַקומען בתּיוו פֿון פאַרשידענע אומגליקלעך־פאַרליבטע...

אָבער נישט בלויז די אומגליקלעך־פאַרליבטע האָבן געשריבן בריוו צו דעם מיט איינמאָל באַרימטגעוואָרענעם שרײַבער. אויך אָנגעזעענע פּערזענלעכקייטן, דיכטער, בעל־טובֿער האָבן איצט געזוכט די פרײנטשאַפט פֿון דעם 25 יעריקן דיכטער. ער באַקענט זיך דאַמאָלס מיט הערדערן, מיט לעסינגן

און אַ רײ אַנדערע שרײַבער פֿון יענער צײַט. אָט װי דער שרײַבער הײנדע שילדערט דאַמאָלס געטען: „איך האָב פֿאַרבערענגט מיט געטען. דאָס איז אַ פּרעכטיקער יונגערמאַן פֿון אַ יאָר פֿינף און צװאָנציק. אַלץ, װאָס איז פֿאַראַן אין אים, אַלץ פֿון קאָפּ ביז די פֿיס, זאָגט עדות װעגן קראַפֿט און גענעיאַליטעט. זײַן האַרץ איז איבערגעפֿולט מיט געפֿילן. ער פֿאַרמאָגט אַ פֿײַערדיקן גײַסט מיט דער פֿלי־קראַפֿט פֿון אַן אָדלער. אין דער גאַנצער געשיכטע פֿון דער ליטעראַטור קען איך נישט קײן מענטש, װאָס זאָל מיט זיך פֿאָרשטעלן אַזאַ פֿולע און פֿאַרענדיקטע גענעיאַליטעט, װי געטע".

אַזױ שרײַבן װעגן דעם פֿינף און צװאָנציק־יעריקן דיכטער באַקאַנטע מענטשן פֿון יענער צײַט. שױן דאַמאָלס לאָזט ער אױף אַלעמען איבער דעם שטאַרקסטן אײַנדרוק מיט זײַן ברײטן קוק אױפֿן לעבן, מיט זײַן טיפֿן אױפֿפֿאַסן פֿילאָזאָפֿישע פּראָבלעמען.

געטע שרײַבט דעמאָלט נײַע צװײ דראַמען: „קלאַװיגאָ" און „סטעלאַ" און פֿאַרטיפֿט זיך אין אַ נײַעם פֿילאָזאָפֿישן קװאַל, פֿון װעלכן ער װעט שעפּן דאָס גאַנצע לעבן. ער הױבט אָן צו לײענען די װערק פֿון ברוך שפּינאָזע*). שפּינאָזעס פֿילאָזאָפֿיע װערט פֿון איצט אָן זײַן הױפּט אַני־מאַמין אין לעבן און ער װערט שפּינאָזעס אָנהענגער, אײפֿעריקסטער אָנהענגער.

אױך עראָס פֿאַרלאָזט נישט דעם באַרימטן געװאָר־ענעם דיכטער. דער גאָט פֿון ליבע גיט דעם דיכטער כסדר שטאָף פֿאַר זײַנע גענעאַלע שאַפֿונגען... װידער באַהערשט אים אַ זעלצן יעריקע פֿרױ. אים אַנטציקט שטענדיק די נאָר װאָס אױפֿגעבליטע פֿרישקײט פֿון מײדלשע ליפּן און דעריבער פֿאַר־

*) זע גראָשן־ביבליאָטעק נומ. 44 „ברוך שפּינאָזע. דער געניאַ־לער אַפּיקורוס".

ליבט ער זיך אָפּט אין זעכצניעריקע מיידלעך. דאָס נייע מיידל, וואָס באַגייסטערט זיין שאַפן, הייסט אַנגאַ עליזאַבעט שענעמאַן. דער דיכטער רופט זי אין זיינע לידער „לילי". זי איז די טאָכטער פון אַ רייכן פראַנקפורטער באַנקיר. זייער אַ פּשוטע, אָבער זייער אַ שיינע, אַ לעבעדיקע, אַ טאַנצדיקע. זי רייצט דעם דיכטער, זי קאָקעטירט אים, זי טאַנצט מיט אַנ־דערע, כדי אַרויסצורופן אין אים אייפערזיכט־געפילן. „פאַר־וואָס טוסטו עס, טייוול? — פרעגט ער זי איינמאָל, — דו האָסט דאָך מיך ליב". ענטפערט זי מיט אַ רייצנדיקן שמייכל: „מיין ליבער, איך טו עס בכיון, כדי דו זאָלסט מיך שטאַר־קער ליב האָבן... אייפערזוכט שטאַרקט די ליבע"...

די דאָזיקע ליבע האָט אים שטאַרק געפּייניקט. כדי זיך אַ ביסל צו באַפרייען פון דעם ווילדן געפיל צו דער ווילדער לילי, מאַכט גוטע אַ רייזע אין דער שווייץ צוזאַמען מיט זיינע צוויי פריינט, די ברידער שטאָלבערג. די פּרעכטיקע שווייצאַ־רישע נאַטור, די בערג, די טאָלן — דאָס אַלץ מאַכט אויף געטען אַזאַ שטאַרקן איינדרוק, אַז ער קאָן זיך פּשוט נישט שיידן מיט דער פּרעכטיקער, בערגיקער לאַנדשאַפט. ער פאַר־געסט אָן לילין, אָן זיין אייפערזוכט, אָן זיין ווילדער ליבע צו דעם זעכצניעריקן מיידל. אָבער קומענדיק צוריק אַהיים און, דערזעענדיק זי, פלאַמט ווידער אויף זיין ליבע צו דעם באַנקירס טאָכטער. געטע וויל זיך מיט אַלע כוחות באַפרייען פון דעם דאָזיקן ברויזנדיקן געפיל, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אַלע פיברען פון זיין נשמה. ער זוכט אַ באַרואיקונג אינם שאַפן. ער הויבט דאַמאָלס אָן צו שרייבן זיין באַרימטע טראַ־געדיע „עגמאָנט", וואָס ווערט דערשיינען אין אַ סך יאָרן אַרום. עס העלפט אָבער נישט. לילי רייצט, ווי די מלכה שבא, לילי לאָזט נישט טראַכטן.

דאַן קומט פאָר אַ געשעעניש, וואָס באַפרייט געטען נישט בלויז פון לילין, נאָר מאַכט אויך אַ גרויסע ענדערונג אין זיין

לעבן, ארויספירנדיק דעם דיכטער אויף נייע וועגן. אין דעם לעבן פון גרויסן דיכטער הויבט זיך אָן אַ נײַ קאַפּיטל.

# ווײַמאַר

באַלד נאָכן דערשיינען פון „געץ פאָן־בערליכינגען" זע־נען דורך פראַנקפורט דורכגעפאָרן די צוויי פּרינצן פון הער־צאָגטום זאַקסן־ווײַמאַר, אַ קליין מלוכהלע, — איינס פון די 36 מלוכהלעך, וואָס זענען דאַמאָלס געווען צעשפּרייט אויף דער דייטשער טעריטאָריע. די פּרינצן פון זאַקסן־ווײַמאַר זע־נען געווען ליבהאָבער פון ליטעראַטור און, דערוויסנדיק זיך, אַז דער מחבר פון „געץ פאָן־בערליכינגען" וואוינט אין פראַנקפורט, האָבן זיי אים געלאָזט רופן צו זיך און אים איינ־געלאַדן קיין ווײַמאַר. געטע איז געקומען קיין ווײַמאַר, גע־געסן אַ מיטאָג אין הויף, געפירט אַ לאַנגן שמועס מיט די פּרינצן וועגן ליטעראַטור און קונסט און באַלד אָפּגעפאָרן צו־ריק אַהיים.

אין סעפּטעמבער 1775 איז דער ווײַמאַרער פּרינץ קאַרל אויגוסט ווידער דורכגעפאָרן פראַנקפורט. איצט, נאָך „די לײַדן פון יונגן ווערטער" איז געטע שוין געווען אַ וועלט־באַ־רימטקייט, דער ווײַמאַרער פּרינץ האָט זיך ווידער באַגעגנט מיט געטען און אים פאָרגעלייגט, אַז ער זאָל זיך באַזעצן אין ווײַמאַר און דאָרטן אָננעמען אַ הויכן רעגירונגס־פּאָסטן.

— אייער שטענדיקע געזעלשאַפט וואָלט מיך זייער גע־פרייט, — האָט דער פּרינץ געזאָגט צו געטען, — און נישט בלויז מיך, נאָר אַלעמען אין אונזער לאַנד. וועגן אייך רעדט מען דאָך אין אַלע דייטשע לענדער, אין גאַנץ אייראָפּע.

געטע האָט זיך געפונען זייער געשמייכלט פון די דאָזיקע רייד און ער האָט די איינלאַדונג אָנגענומען. דאָס פאַרלאָזן פראַנקפורט האָט אים געדאַרפט אויסהיילן פון דעם לײַדנ־

שאַפטלעכן געפיל צו לילי. ער האָט איצט סיי ווי סיי געמוזט פאַרלאָזן די שטאָט, וואו לילי האָט געוואוינט, ווייל די ליבע זיינע צו דעם דאָזיקן מיידל איז געווען אזא ברויזנדיקע, אזא ליידנשאַפטלעכע, אז ער האָט נישט געקאָנט רואיק שאפן און ארבעטן.

דעם 7־טן נאָוועמבער 1775 איז דער 26 יעריקער געטע אָנגעקומען אין דער קליינער שטאָט ווייִמאַר, וואָס ליגט ביי די ברעגעס פון טייך אולם. „די דאָזיקע שטאָט האָט נישט פאָרגעפילט, — זאָגט איינער פון די געטע־ביאָגראפן, — אז זי נעמט אויף א גאַסט, וואָס וועט איר באַשענקען מיט דעם אומשטערבלעכן רום פון גערמאַנישן אטען".

געטע איז געקומען קיין ווייִמאַר, כדי צו בלייבן דאָ 57 יאָר דער שטאָלץ פון לאַנד, דער ליכטטורעם, צו וועלכן ס'האָבן זיך געצויגן יאָרן לאַנג עולי־רגל פון פאַרשידענע שטעט און לענדער.

דער הויף פון ווייִמאַרער הערצאָגטום איז דאַמאָלס געווען דער מעצענאַט פון דער דייטשער ליטעראַטור. דאָ האָבן געלעבט ביים הויף די באַרימטע דייטשע דיכטער ווילאַנד, שילער און אַנדערע. ווען געטע איז געקומען קיין ווייִמאַר איז נאָך שילער נישט געווען, אָבער די געזעלשאַפט פון קינסטלער, דיכטער, שרייבער איז געווען גענוג גרויס. דער פראַנקפורטער גאַסט האָט אָבער אַלעמען באַהערשט און באַצוואונגען, ער איז באַלד געוואָרן דער צענטער פון גייסטיקן לעבן אין ווייִמאַר. זיין שטאַרקע פערזענלעכקייט האָט באַלד העלער אויפגעשיינט, ווי אַנדערע דיכטער און קינסטלער. ס'איז גענוג צו לייענען ווילאַנדס בריוו צום שרייבער יאַקאָבי, כדי צו האָבן א באַגריף, וואָס פאַר א מעכטיקן איינדרוק דער 26 יעריקער דיכטערישער לייב האָט געמאַכט אויף דער פלעיאַדע דיכטער אין ווייִמאַר. ווילאַנד, דער מחבר פון „אָבעראָן",

שרייבט וועגן זיין ערשטן איינדרוק איבער געטען: „וואס קאן איך דיר זאגן וועגן געטען? ער האט פון די ערשטע מינוט אן פולשטענדיק באהערשט מיין הארץ! ביים מיטאג בין איך געזעסן נעבן אים און האב זיך אין אים פולשטענדיק פארליבט. פון היינטיקן פרימארגן אן איז מיין נשמה אזוי איבערפולט מיט געטען, ווי א טראפן טוי איז פול מיט די פרימארגן־שטראלן פון דער זון".

אויב דער פראנקפורטער גאסט האט אזוי שטארק באהערשט די הערצער פון די מענער, איז שוין איבעריק צוצוגעבן, אז די הערצער פון פרויען האט ער פשוט געפאנגען. די הויף־דאמען און פרינצעסינס זענען געקומען קוקן אויף אים, ווי אויף א וואונדער. ווען געטע פלעגט רעדן, האבן אלע איינגעהאלטן דעם אטעם. יעדן פרימארגן פלעגט ער נעבן דער טיר פון זיין שלאפצימער געפינען פערפומירטע ליבעס־בריוועלע פול מיט הייסע ליבעס־דערקלערונגען.

דער פרינץ קארל־אויגוסט, דער שפעטערדיקער הערצאג פון זאקסן־ווייטאר, האט זיך שטארק צוגעבונדן צו זיין נייעם גאסט. געטע איז געווארן זיין נאנטסטער חבר. ביידע האבן זיך געזאגט: דו, האבן צוזאמען געגעסן און געטרונקען און אפילו געשלאפן אין איין צימער. דער פרינץ האט זיך אויף קיין איין מינוט נישט געקאנט שיידן פון זיין נייעם פריינט. געטע איז אריינגעצויגן געווארן אין דעם פיסטן זארגלאזן, הוליענדיקן לעבן פון הויף. ער האט געטרונקען וויין, פונקט ווי די פרינצן און הויפלייט — אין מענטשלעכע שארבנס (געוועזן אזא ווילדער מנהג אין די דאמאלדיקע קעניגלעכע און פריצישע הויפן — צו טרינקן ווין אין מענטשלעכע שארבנס...), ער האט אנטיילגענומען אין די מאסקן־באלער, וואס מ'פלעגט איינארדנען אין הויף. ער פלעגט זיין צוזאמען מיט אלע פרינצן אויף יאגד, געשפילט אין ביינדלער, געגליטשט זיך, אנטיילגענומען אין שבנותדיקע הוליאנקעס.

אַזאַ אופן פון לעבן איז געטען אין גיכן נמאס געוואָרן. זיין פּאַטעטישע נאַטור האָט נישט אויסגעהאַלטן די דאָזיקע פּוסטע אַטמאָספער פון זינלאָזע תענוגים. ער האָט שוין געוואָלט צוריקפאָרן קיין פראַנקפורט. אָבער קאַרל-אויגוסט, וועלכער האָט פאַרשטאַנען געטעס שטימונג און זיך נישט געוואָלט שיידן מיט זיין באַליבטן פריינט, האָט איינגעפּיעלט ביים הערצאָג, אַז געטע זאָל באַשטימט ווערן אויף אַ הויכן אַמט. און אָט איז דער 27 יעריקער דיכטער „עולה לגדולה געוואָרן”. ער האָט באַקומען דעם טיטל געהיימער לעגאַציאָנס-ראַט און איז באַשטימט געוואָרן אַלס מיטגליד פון ווײַמאַרער געהיימראַט, באַקומענדיק אַ פּענסיע פון 1200 טאַלער אַ יאָר. פאַר די באַגריפן פון יענער צייט איז דאָס פּשוט געווען פאַנטאַסטיש. נעכטן נאָך אַ געוויינלעכער פראַנקפורטער בירגער און היינט שוין „געהיימראַט”, אַ הויכער מלוכה-מאַן. דעם דאָזיקן טיטל האָבן אים אַ סך הויפלייט נישט געקאָנט פאַרגינען און האָבן פּראָטעסטירט קעגן אַזאַ „אומגערעכטיקייט”. די דאָזיקע קליינקעפּדיקע הויפלייט האָבן איין זאַך נישט פאַרשטאַנען, אַז געטעס גרויסקייט און אומשטערבלעכקייט וואָלטן אויף אַ האָר נישט געמינערט געוואָרן, ווען ער וואָלט דעם טיטל „געהיימראַט” נישט באַקומען. די מיטגלין אין הויכע אַמטן האָבן נישט דערהויבן דעם ריז פון דער דיכטונג. זיי האָבן צו זיין אַרעאָל פון רום גאָרנישט צוגעגעבן. אַפילו די הויפדאַמען און פּרינצעסינס האָבן נישט ליב באַקומען דעם „געהיימראַט” געטע, נאָר דעם דיכטער, דעם מענטש מיטן גרויסן האַרץ.

געטע האָט זיך גענומען אויספירן זיינע פונקציעס אַלס מיטגליד פון געהיימראַט. גלייכצייטיק האָט ער אויך ווייטער געאַרבעט איבער זיינע אָנגעהויבענע ווערק. און ווי דער גורל וואָלט געזוכט אַ מיטל צו באַגייסטערן דעם דיכטער אין זיין שאַפונגס-אַרבעט, איז ווידער דערשינען אַ פרויען-געשטאַלט,

וואָס האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף געטעס לעבן און שאַפן.

די דאָזיקע פרוי איז געווען דאָס ווייב פון הויפשטאַל־מייסטער, די באַראָנעסע פ אָ ן ־ ש ט יי ן.

דאָסמאָל איז עס נישט קיין זעכצניעריק מיידל. ס'איז אַ פאַרהייראַטע פרוי פון עטלעכע און דרייסיק יאָר. געטע ווערט אָן אָפטער גאַסט ביי איר אין שטוב. ער מוז באַהאַלטן זיין ליבע פאַרן מאַן, ער מוז ווידער דערשטיקן אין זיך די הייסע ליבעס־געפילן. די איראָניע פון גורל האָט געוואָלט, אַז אויך דער נייער אָביעקט פון זיין ליבע זאָל הייסן שאַר־לאָטע.

דער דיכטער שרייבט צו איר הייסע ליבעס־בריוו. דעם 5־טן מאַי 1776 שרייבט ער צו איר: „איר זענט אַלץ דיזעלבע, וואָס איר זענט געווען — די אומענדלעכע ליבע און גוטסקייט. זייט מיר מוחל, אויב איך פאַרשאַף איין יסורים. איך וועל מיך באַמיען צו ליידן אַליין". אויף אַ געוויסער צייט פילט שאַרלאָטע פאָן־שטיין אויס זיין גאַנץ לעבן. „איך בין פול מיט דער דאָזיקער ליבע" פאַרצייכנט ער אין זיין נאָטיצביכל.

דער הערצאָג גיט דעם דיכטער אַ שיינע מתנה. געטע באַקומט אין זיין רשות אַ פּרעכטיק הויז, דאָס אַזוי־גערופענע „גאַרטענהויז", וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ פּאַרק און איז געשטאַנען נישט ווייט פון די שיינע ברעגעס פון טייך אולם. אין דעם פּאַרק פלעגט דער דיכטער זיך פאַרנעמען מיט גערטנעריי און שטודירן דאָס לעבן פון בלומען, וועלכע ער האָט זיין גאַנץ שטאַרק ליב געהאַט.

דאָ, אין דעם פּרעכטיקן פּאַרק, וועלכער איז געווען איינ־געטונקען אין אַ ים פון בלומען, פלעגט קומען צוגיין שאַרלאָ־טע פאָן־שטיין. זיי פלעגן דאָ פאַרברענגען גאַנצע שעהן. הגם שאַרלאָטע האָט זיך אים אינגאַנצן איבערגעגעבן און שטאַרק

זיך פאַרליבט אין דעם דיכטער, איז ער נישט זיכער געווען מיט איר ליבע, האָט אים געפּייניקט אַ געפיל פון צווייפל.

— זאָג, שאַרלאָטע, צי האָסטו מיך ליב בלויז דערפאַר, ווייל איך בין אַ דיכטער? — האָט ער זי איינמאָל געפרעגט.

ער האָט געוואָלט, אַז זי זאָל ליב האָבן אין אים דעם מאַן און דעריבער האָט ער לכתחילה געצווייפלט אין דער אויפריכטיקייט פון איר ליבע. זיינע בריוו צו איר זענען פול מיט באַגייסטערטע ווענדונגען.

נישט געקוקט דערויף, וואָס ער פאַרנעמט אַ הויכן מלוכה־פּאָסטן און איז שטאַרק פאַרנומען מיט פאַרשידענע מלוכה־ענינים, געפינט ער גענוג צייט אויף פילזייטיקער אַרבעט. ער לייענט אַ סך און שטודירט די וויסנשאַפטלעכע ווערק פון זיין צייט, ער צייכנט, גראַווירט, אַרויסווייזנדיק דערביי אַ גרויסע פעיקייט, ער נעמט אַנטייל אין די רעפּעטיציעס, וואָס עס מאַכט דער טעאַטער ביים הויף. יעדער איינער זאַך גיט ער זיך איבער מיט אַזאַ פאַרכאַפּטן אָטעם, מיט אַזאַ ברען, ווי ער וואָלט זיך מער מיט קיין אַנדערע זאַכן נישט פאַרנומען. יעדע אַרבעט איז ביי אים אַ באַזונדערע ליידנשאַפט.

אין אָנהויב 1779 נעמט געטע איבער די אָנפירונג מיטן קריגס־דעפּאַרטאַמענט. דער לעזער דאַרף זיך נישט דערשרעקן. דער דיכטער איז נישט געוואָרן קיין קריגס־מיניסטער, ווי מיר שטעלן זיך עס היינט פאָר. זאַקסן־ווייִמאַר איז געווען אַ קליין לענדעלע און דאָס אָרטיקע מיליטער האָט מער געדינט צו פּאַראַד־צוועקן, ווי צו קריגס־צילן. דער נייער אָנפירער מיטן קריגס־דעפּאַרטאַמענט, וועלכער האָט שוין איצט געטראָגן דעם הויכן טיטל „געהיימראַט“, איז אַרומגעפאָרן איבערן קליינעם לענדעלע און... אָרגאַניזירט פייערלעשער־אָפּטיילונגען. גלייכצייטיק פאַרנעמט זיך דער געהיימראַט געטע מיט פאַרשידענע קולטורעלע ענינים פונם לאַנד, באַזונדערס ווידמעט ער זיך דער טעאַטער־קונסט. ער ווערט אינגיכן דער

הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר און אָנפירער פון ווײמאַרער טעאַטער, וואו עס ווערן אויפגעפירט זיינע אייגענע דראַמאַטישע ווערק און די ווערק פון שילער, לעסינג און אַנדערע דיכטער.

ער איז פּאָליטיש באַשעפטיקט. עס שפּרודלט פון אים מיט אויסערגעוויינלעכער ענערגיע. אין דער זעלבער צייט לעבט ער איבער גליקלעכע טעג מיט שאַרלאָטע פאָן־שטיין. דאָס ליבעס־געפיל איז איבער אַלעס, עס פאַרנעמט אין גע־טעס לעבן דאָס ערשטע אָרט און איז, אַזוי צו זאָגן, דער וויכ־טיקסטער אימפּולס פון זיין שעפערישער אַרבעט. אין איינע פון זיינע לידער שרייבט ער אַפילו, אַז ער „וואָלט געקאָנט גליקלעכער זיין, ווען עס וואָלט נישט געווען קיין וויין און קיין ווייבערישע טרערן", אָבער די „ווייבערישע טרערן", די כסדר־דיקע ליבעס האָבן דערנערט זיין דיכטערישע מוזע...

געטע שיכורט זיך נישט אָן מיט „ווייב און וויין" ביז צום פאַרגעסן זיך. ער לאָזט זיך נישט מיטן קאָפּ אַראָפּ אין די ברויזנדיקע כוואַליעס פון דער ליבע. אַפילו די ליבע צו שאַרלאָטע פאָן־שטיין איז נישט אַזוי ברויזנדיק, ווי אַמאָל. געטע לערנט זיך אויס די קונסט פון צוימען זיינע געפילן, פון באַהערשן די אייגענע ליידנשאַפטן. ער וויל אַלץ אויפנע־מען מיט קאַלטער זאַכלעכקייט און אָביעקטיווקייט. ער וויל באַקעמפן דעם געטע פון „די ליידן פון יונגן ווערטער" מיט דעם ברויזנדיקן און סענטימענטאַלן טעמפּעראַמענט. „איך וויל זיין בעל־הבית איבער זיך, — דריקט ער זיך אויס, — ווער עס איז נישט קיין בעל־הבית איבער זיך, איז נישט ווערט, אַז ער זאָל הערשן און קאָן נישט הערשן".

געטע ווייסט, אַז כדי אַריינצודרינגען אין די סודות פון דער נאַטור, כדי צו קאָנען זיין שעפעריש און אַרבעטספּעיק, איז קודם כל נויטיק צו באַהערשן די אייגענע ליידנשאַפטן. מען קאָן נישט רואיק באַטראַכטן און וויסנשאַפטלעכע אַנטדע־קונג, צוקוקן זיך צו די אַנטוויקלונגען פון דער נאַטור, אויף

מען ווערט אַליין געשליידערט אויף די כוואַליעס פֿון פּאַרשי־דענע לײַדנשאַפֿטן. קומענדיק צו דעם דאָזיקן אויספֿיר, באַמיט זיך געטע מיט אַלע מיטלען צו באַהערשן זײַן אַמאָליקן ברויזנ־דיקן טעמפּעראַמענט, איבערצײַגנדיק זיך ווי שעדלעך די טראַדיציעס פֿון „שטורעם און דראַנג פּעריאָד". דאָס גיט אים די מעגלעכקייט רואיק צו אַרבעטן.

ער שטודירט דאַן אַ ריי ווּסנשאַפֿטן, הויבט אָן צו אַר־בעטן איבער דעם דראַמאַטישן ווערק „ט אָ ר ק וו אַ ט אָ ט אַ־ס אָ", דעם אויטאָביאָגראַפֿישן ראָמאַן „ווי ל ה ע ל ם מ יי ס־ט ע ר", שרײַבט אָן אַ רייע קלענערע זאַכן, ווי לידער, באַ־לאַדן, אָבער ער גיט קיין שום זאַך נישט אָפּ צום דרוק. ער טראַכט איצט נישט וועגן ברייטן לעזער־עולם, ער זוכט נישט קיין רום, ער שאַפֿט, ווײַל עס ברויזט אין אים דער דראַנג צום שאַפֿן.

געטע האָט געלעבט אין ענגן קרײַז פֿון זײַנע פֿאַרערער. זײַנע ווערק פֿלעגט ער פֿאָרלייענען פֿאַר די ווײַמאַרער הויפֿ־לײַט און דיכטער דאָס האָט אים פֿולשטענדיק צופֿרידנגע־שטעלט. די ברייטע לעזער־מאַסן האָבן אים נישט אינטערע־סירט. אין דעם ווײַמאַרער פּעריאָד פֿון זײַן לעבן האָט געטע בכלל זיך געהאַלטן ווײַט פֿון די מאַסן און פֿון פּאָליטיש־גע־זעלשאַפֿטלעכן לעבן. ער האָט די פּאָליטיק זייער פֿיינט גע־האַט. די גרויסע, פֿולקאָמענע פּערזענלעכקייט, וואָס שטייט הויך איבער די מאַסן אין טאָג־טעגלעכן קאַמף — אָט דאָס איז געווען זײַן העכסטער אידעאַל אין לעבן.

די ליבע זײַנע צו פֿרוי פֿאָן־שטיין האָט ווײַטער געדויערט. אין 1782 שרײַבט ער צו איר: „דײַן וועזן, דײַן ליבע דער־הויבן מיך צו די הימלען פּונקט, ווי אַ הערלעכע מעלאָדיע. דו מאַכסט מיך פֿאַרגעסן אָן אַלע מײַנע זאָרגן און טרויער (דאָס איז געווען נאָכן טויט פֿון זײַן פֿאָטער, וועלכער איז געשטאָרבן דעם 27־טן מאַי 1781)". אין דערזעלבער צײַט

פאָרט ער אין די האַרץ־בערג, כדי צו דערפרישן זיין געזונט, וואָס איז געוואָרן שוואַך צוליב דער אָנגעשטרענגטער אַרבעט אויף אַלע געביטן.

געטע הערט זיך אָן א סך דערציילן וועגן די שיינקייטן פון איטאַליע, וועגן די היסטאָרישע ערטער פון אַלטן רוים. עס כאַפּט אים אָן אַ געוואַלדיקע בענקעניש צו פאָרן אין דעם לאַנד „וואו עס בליען די ציטרינען". אין יולי 1786 פאָרט געטע צוזאַמען מיטן הערצאָג, הערדער און שאַרלאָטע פאָן־שטיין קיין קאַרלסבאַד, כדי צו גענעסן פון די אָרטיקע הייל־קוואַלן.

אין קאַרלסבאַד ווערט געטעס בענקשאַפט נאָך איטאַליע געוואַלדיק שטאַרק. ער וויל נישט צוריקפאָרן קיין ווײַמאַר, נאָר גלייך פאָרן אין דעם לאַנד פון „כשופדיקער שיינקייט". ווײַמאַר איז אים שוין צוגעגעסן, די דאָרטיקע אַטמאָספער איז אים ענג, ער וויל טיפער אײַנאָטעמען מיט דער ברוסט, ער וויל אייינזאַפּן אין זיך נייע אײַנדרוקן. צי קאָן מען שאַפן, זיצנדיק בלויז אין דעם קליינעם ווײַמאַר און, נישט זעענדיק די ברייטע וועלט, נישט געניסנדיק פון אירע וואונדער?

געטע זאָגט נישט קיינעם, אַז ער פאָרט קיין איטאַליע. בלויז דעם הערצאָג מוז ער זאָגן, כדי צו באַקומען פון אים די דערלויבעניש. דער הערצאָג, דער פריערדיקער פרינץ קאַרל־אויגוסט, טוט אַלץ צוליב זיין חבר און דערלויבט געטען צו פאַרלאָזן ווײַמאַר אויף אַ געוויסער צייט. שטילערהייט הייסט געטע דעם דינער אייַנפּאַקן די זאַכן און זאָגט:

— מיר פאָרן תיכף אָפּ פון דאַנען.

— קיין ווײַמאַר, עקסעלענץ? צוריק אַהיים?

— אָ, ניין — קיין ווענעדיק, מיין ליבער, — ענטפערט געטע מיט אַ שמייכל.

קיין איטאַליע קומט ער אויף אַ פרעמדן נאָמען און רופט זיך דאָרט מילער. ער פיגורירט אַלס סוחר. דער דיכטער וויל

האָבן רג, ער וויל קאָנען פריי באַטראַכטן די מערקווירדיקייטן פון דעם שיינעם לאַנד. וואָלט מען זיך דערוואוסט, אַז ס'איז געקומען דער מחבר פון „ווערטערסליידן", וואָלט שוין גע־טע קיין רו נישט געהאַט. עס וואָלטן זיך אָנגעהויבן אינטער־וויוען, כבודים, אויפנאַמען. ער האָט זיך דערין נישט גענוי־טיקט און עס פיינט געהאַט. דעם „סוחר מילער" איז לייכטער אָנגעקומען צו באַזוכן אַלע שיינע ערטער אין איטאַליע, ווי דעם דיכטער געטע...

אַ יאָר צייט האָט געטע געריזט איבער דעם פּרעכטיקן לאַנד. ער איז אַרויפגעשטיגן אויפן וועזוו, זיך צוגעקוקט, ווי דער באַרג רויכערט און שפּריצט מיט לאַווע, ער איז געפאָרן איבער די שטילע קאַנאַלן פון ווענעדיק, ער האָט אַראָפּגעגני־דערט אין די אַלטע קאַטאַקאָמבן פון רוים און באַזוכט די אַלטע איינגעפאַלענע שטעט פּאָמפּעיוס און הערקולאַנום, ער האָט זיך אָנטציקט מיט נעאַפּאָל און באַגייסטערט זיך מיט די דופטנדיקע פּאָמעראַנצן־גערטנער פון איטאַליע.

געטעס גייסט האָט אויפגעלעבט. ער האָט זיך ווידער דערפילט פריש און יונג. אַ מילאַנער, שוואַרצהנודיק מיידל האָט אים אויף אַ געוויסער צייט געשענקט איר ליבע. זיין שעפערישע קראַפט איז געוואַקסן. דאָ, אונטער איטאַליענס בלויען הימל, האָט ער פאַרענדיקט דאָס דראַמאַטישע ווערק, וואו דער הויפּט־העלד איז דער איטאַליענישער דיכטער טאָרק־וואַטאָ טאַסאָ, דאָ האָט ער געשריבן די לעצטע אַקטן פון „עגמאָנט", וועלכן ער האָט שוין לאַנג געהאַט אָנגעהויבן. איטאַליע ווירקט אויף אים, ווי אַ דערפרישנדיקער רעגן נאָך לאַנגע, הייסע טעג. נאָך דער דושנער אַטמאָספער אין דעם קליינעם ווייִמאַר איז די נסיעה אין דעם פּרעכטיקן לאַנד גע־ווען פאַר געטע, ווי אַ דערלייזונג.

אין ווייִמאַר האָט מען דערווייל אָנגעהויבן צו מורמלען, אַז דער „געהיימראַט געטע", וואָס נעמט 1800 טאָלער אַ

יאָר (מ'האָט אים געהאַט דערלייגט אויף דער פּענסיע) זיצט זיך שוין אַ יאָר צייט אין איטאַליע און קימערט זיך גאָרנישט וועגן זיינע פליכטן. צום הערצאָג זענען אָנגעקומען פּראָטעסטן פון פאַרשידענע הויפּלייט, וואָס האָבן געפילט אַ קנאה צו גע־טען. דער הערצאָג האָט אָבער די פּראָטעסטן נישט גענומען אין אכט, פונדעסטוועגן האָט ער געבעטן געטען, אַז ער זאָל זיך באַמיען צו פאַרקירצן די צייט פון זיין רייזע.

דער דיכטער איז געקומען צוריק קיין ווייסאַר פול מיט איינדריקן. זיין דיכטערישע פאַנטאַזיע איז געוואָרן באַריי־כערט מיט אַזוי פיל שיינקייטן, אַז ער איז געווען ווי פאַר־שכורט פון דער „איטאַליענישער רייזע", וועלכע ער האָט דערנאָך אַזוי פּרעכטיק באַשריבן. די דאָזיקע רייזע האָט אויך שטאַרק אָפּגעקילט די ליבע צו שאַרלאָטע פאָן־שטיין. די לאַנגע אָפּוועזנקייט האָט אָפּגעטויט די ליבעס־געפילן צו דער דאָזיקער פרוי.

שאַרלאָטע פאָן־שטיין איז דאַמאָלס שוין אַלט געווען 45 יאָר. געטע האָט שוין מיט איר געהאַט פאַרבערענגט צען יאָר. די ליבעס־באַציאונגען האָבן געמוזט קילער ווערן. זי האָט אים נאָך אָבער אַלץ שטאַרק ליב געהאַט און אים געמאַטערט, גע־מאַכט אים פאָרוואורפן, אַז ער פאַרראַט זי, אַז ער האָט זי מער נישט ליב. געטע האָט דאַמאָלס איבערגעלעבט שווערע מאָמענטן. ער האָט געפילט אַ שטאַרקע אַבנייגונג צו דער דאָ־זיקער קלוגער און אינטעליגענטער פרוי, ער האָט מיט איר נישט געוואָלט איבעררייסן, ווייל דער דיכטער האָט זיך שטאַרק גענויטיקט אין איר פריינשאַפט. מיט איר ליבע איז ער אָבער שוין געווען זאַט.

נישט קוקנדיק אויף דעם שווערן קאַמף, וואָס ער האָט געפירט מיט זיך אַליין, נישט קוקנדיק אויף די כסדרדיקע פאָרוואורפן פון דער דאָזיקער שטאַרק פאַרליבטער פרוי, האָט געטע ווייטער אָנגעהאַלטן די פריינשאַפט מיט שאַרלאָטען און,

ווי פריער כסדר פאַרבּרענגט אין איר געזעלשאַפט. אין סעפּטעמבּער 1787 איז ער אַפילו מיט איר צוזאַמען געפאָרן קיין רודאָלפשטאַט. די דאָזיקע נסיעה האָט פאַר אים געהאַט אַ וויכטיקע באַדייטונג. אין רודאָלפשטאַט האָט זיך געטע דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט מיט נאָך אַ גרויסן דיכטער, מיט פ ר י ד־ ר י ך ש י ל ע ר, וועלכער איז דעמאָלט אַלט געווען 28 יאָר.

באַלד האָט זיך צווישן ביידע דיכטער פאַרבּונדן אַ נאָענטע פריינטשאַפט. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ביידע זענען געווען פון פאַרשיידענע און אַפילו קעגנזעצלעכע נאַטורן, האָבן זיך ביידע גאַנץ דערנענטערט איינער צום אַנדערן. שילער, די ברויזנדיקע און פרייהייטלעכע נאַטור, דער אומרויִקער גייסט, האָט לאַנגע יאָרן פאַרבּרענגט צוזאַמען מיט דעם אָלימפּישן קאַלטן, גלייכגעוויכטיקן און שטייפן געהיימראַט געטע. נאָך זיין ערשטער באַגעגעניש מיט געטען שרייבט שילער אַזוי צום דיכטער קערנער: „דער אויסדרוק פון געטעס געזיכט איז ערנסט, נאָר גלייכצייטיק גוט און געמיטלעך. אַ סך זאַכן, וואָס אינטערעסירן מיך איצט, האָט ער שוין לאַנג איבערגעלעבט. ער האָט מיך אַזוי ווייט איבערגעיאָגט, אַז אונדז וועט קיינמאָל נישט אויסקומען צו גיין האַנט ביי האַנט".

דער מיט צען יאָר יינגערער פרידריך שילער האָט געפילט, אַז „געטע האָט אים איבערגעיאָגט", ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט קיינמאָל נישט קאָנען אַרויפשטייגן אויף די שווינדלדיקע הויכקייטן פון „פאַוסט".

## דער וויימאַרקער מיניסטער

איינמאָל, אין אַ שיינעם יולי־נאָכמיטאָג 1788, ווען געטע האָט געמיטלעך אַרומשפּאַצירט אין זיין פּאַרק און באַטראַכט די בלומען, האָט זיך צו אים דערנענטערט אַ יונג, רייצנדיק מיידל. זי האָט זיך עטלעכע מאָל טיף פאַרנייגט און

מיט א צימערנדיקער, נישט דרייסטער באוועגונג האט זי אים דערלאנגט א געשריבענעם בויגן פאפיר.

דאס יונגע, רייצנדיקע מיידל האט געהייסן כריסט־יאנע וואולפיוס. איר ברודער איז געווען א שרייבער, דער מחבר פון דעם באנדיטן־רמאן „רינאלדא־רינאלדיני". זי האט דערלאנגט א בקשה דעם „געהיימראט געטע", אז ער זאל געבן איר ברודער לימער־אַרבעט.

געטע איז געווען אזוי אנטציקט פון דעם יונגן מיידל, פון איר שיינקייט און האלטונג, אז ער האט זי אריינגעפירט אין זיין צימער און מיט איר לאנג זיך אויסגעשמועסט. ער האט, פארשטייט זיך, תיכף דערפילט איר בקשה און זי גע־בעטן, אז זי זאל צו אים אפט קומען.

אינגיכן האט זי זיך אריבערגעקליבן אין „גארטענהאוז" און געוואוינט צוזאמען מיטן דיכטער.

ווער איז געווען דאס דאזיקע מיידל, וועמען עס איז באַ־שערט געווען צו ווערן די פרוי פון דעם גרויסן דיכטער און אזוי אַרום צו מאכן אויך איר נאמען אומשטערבלעך?

זי איז געווען זייער א פשוטע פרוי, מיט ווייניק בילדונג, אבער א צאַרטע, א האַרציקע, א לעבנסלוסטיקע און גוטע ווירט־טין, וואס געטע האט זייער ליב געהאט. איר פאטער איז גע־ווען א שכור און געבראכט דער פאמיליע צו גרויס אָרעמ־קייט. כריסטיאנע האט געמוזט שווער אַרבעטן, כדי זיך אויס־צוהאלטן. זי האט נישט פאַרקערט אין די אַריסטאקראַטישע קרייזן פון ווייטמאַר, זי איז געווען א פשוטע, באשיידענע פרוי, וואס האט פארברענגט צוזאמען מיט אירע אָרעמע חברטעס, וועלכע האבן פונקט, ווי זי, אויסגענייט פיגורן אויף לייוונט און עס פאַרקויפט אין רייכע הייזער.

און דער ווייטמאַרער מיניסטער געטע, דער וועלט־באַרימ־טער דיכטער, דער שטאלצער מאן אין לאנד נעמט אריין צו זיך אין פאלאץ דאס דאזיקע פשוטע ,אָרעמע מיידל, מאכט

זי פֿאַר זיין ווייב, האָט מיט איר קינדער און ווידמעט איר די שענסטע און פּרעכטיקסטע לידער. די „ר ו י מ י ש ע  ע ל ע־ ג י ע ס“, די דאָזיקע הערלעכע, שוואונגפֿולע דיכטונגען האָבן מיר צו פֿאַרדאַנקען געטעס ליבע צו דער פּשוטער כריסטיאַנע וואולפּיוס. „זי האָט געהאַט, — דערציילט געטעס אַ פֿריינט,— גאָלדענע קאַשטאַן־האָר, לעבעדיקע אויגן, ראָזע בעקלעך, ליפּן, וואָס בעטן זיך, אַז מ׳זאָל זיי קושן און אַ גראַציעז־קיילעכ־ דיקע פֿיגור“.

די אַריסטאָקראַטיע פֿון וויימאַר און דער הויף האָבן געהאַט שטאַרקע טענות צו געטען. ווי קומט דער „העכ געהיימ־ ראַט“ צו אַזאַ געוויינלעכער פֿרוי, וועלכע שטאַמט פֿון אַ טאַטן אַ שכור און איז אַ פּשוט אַרבעטס־מיידל? איז דאָס נישט אַ באַליידיקונג פֿאַרן הויף? די הויפֿלייט האָבן אויך געהאַט תרעומות צום דיכטער, פֿאַרוואָס ער לעבט מיט כריסטיאַנע אומגעזעצלעך, פֿאַרוואָס ער פֿאַרבינדט זיך נישט מיט איר אָפֿיציעל.

געטע האָט די דאָזיקע אַלע טענות אָפּגעוואָרפֿן מיט איין קורצער דערקלערונג: „איך האָב די דאָזיקע פֿרוי ליב און ווען איך האָב זי ליב געקריגן, האָב איך נישט געפֿרעגט פֿון וואַ־ נען זי שטאַמט און ווער זי איז. פֿאַר דער ליבע איז דאָס אַלץ גלייכגילטיק“. ער האָט כריסטיאַנען שטאַרק ליב געהאַט און ווען זי האָט אים אין יאָר 1789 געבוירן אַ זון, האָט זיך דער דיכטער געפֿילט איבערגליקלעך. די גאַנצע וועלט האָט דאַ־ מאָלס צו אים געשמייכלט און ער האָט געשמייכלט צו דער וועלט. און דאַמאָלס האָט ער געשריבן די דאָזיקע ווערטער:

„אַ סך מאָל האָב איך געבלאָנדזשעט און ווידער געפֿונען דעם אמתן ווע̇ג. אָבער קיינמאָל בין איך נישט געווען אַזוי גליקלעך, ווי איצט. אין דעם דאָזיקן מיידל האָב איך געפֿונען מיין גליק“.

צוליב דער דאָזיקער נייער ליבע האָט געטע סוף כל סוף

געמוזט איבערדרייסן מיט שאַרלאָטע פאָן־שטיין. אירע בריוו צו אים זענען דאַמאָלס פול געווען מיט אַזעלכע שטאַרקע פאַר־וואורפן און טענות, אַז ער האָט איר מער נישט געענטפערט, הגם ער האָט ווייטער שטאַרק געוואָלט אָנהאַלטן פריינט־שאַפטלעכע באַציאונגען מיט דער דאָזיקער קלוגער פרוי.

שאַרלאָטע האָט לאַנג געדענקט אָן געטען און זי האָט אים נישט אויפגעהערט ליב צו האָבן. ווען געטע איז אין יאָר 1801 געפערלעך קראַנק געוואָרן, האָט זי דאַמאָלס, צוועלף יאָר נאָכן איבערדרייסן מיט אים, געשריבן צו איר זון: „איך האָב נישט געקאָנט זיך צוגלויבן, אַז אונזער אַמאָליקער פריינט גע־טע זאָל נאָך זיין פאַר מיר אַזוי טייער, אַז זיין קראַנקייט זאָל קאָנען אויף מיר אַזוי שטאַרק ווירקן". און דאָ שילדערט זי געטעס דאַמאָלדיקע קראַנקייט:

„שוין ניין טעג, ווי ער ליידט אויף אַ ספּאַזם־הוסט, חוץ דעם האָט ער באַקומען אַ רויז. ער קאָן נישט זיך נישט לייגן אין בעט און מוז זיך כסדר געפינען אין אַ שטייענדיקער פּאָ־זיציע, אין קעגנפאַל דראָט אים דערשטיקט צו ווערן. דער האַלז און דאָס פּנים זענען ביי אים אָנגעשוואָלן און ער האָט באַקומען בלאָטערן אונטער דער הויט. דאָס לינקע אויג איז אַרויס אין דרויסן און עס רינט פון דאָרט אייטער. ער גע־פינט זיך אָפּט אין אַ באַוואוסטלאָזן צושטאַנד".

געטע האָט זיך שנעל אויסגעהיילט פון דער קראַנקייט און זיך גענומען צו זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן. דער דיכ־טער האָט זיך אויף אַ געוויסע צייט אָפּגערוט און עס האָט אויפגעוואַכט אין אים דער וויסנשאַפטסמאַן. חוץ זיינע דיכטע־רישע שאַפונגען האָט געטע אויך אָנגעשריבן עטלעכע וויסנ־שאַפטלעכע ווערק, ווי די „מעטאַמאָרפאָזע פון די געוויקסן", די „לערע וועגן פאַרבן", וואו ער האָט געמאַכט אַ ריי וויכטי־קע אַנטדעקונגען, ער האָט אויך געשריבן אָפּהאַנדלונגען וועגן אָפּטיק, אַנאַטאָמיע, וואו ער האָט אויך געמאַכט געוויסע

אַנטדעקונגען, און געשריבן אַרטיקלען וועגן פֿאַרשידענע אַנדע־
רע וויסנשאַפֿטלעכע פּראָבלעמען. ער איז אויך געווען דער לײַ־
טער פֿון דער אָפּטײלונג פֿאַר וויסנשאַפֿט און קונסט בײַ דער
ווײַמאַרער רעגירונג און געווען דער ערשטער שעפֿער פֿון אַ
מוזעאום און באָטאַנישן גאָרטן אין יענאַ.

דער דאָזיקער גייסטיקער ריז איז געווען אַלזײַטיק אויף
אַלע געביטן, נאָר איין געביט איז אים געווען פֿרעמד, איין
געביט האָט ער פֿײַנט געהאַט: דאָס געזעלשאַפֿטלעך פּאָליטי־
שע לעבן. יעדע פֿרײַהייטס־באַוועגונג האָט ער פֿאַראורטײלט
אַלס אַ שעדלעכע דערשיינונג. ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן,
איז געטעס אידעאַל געווען די פֿרײַהייט פֿון דער אויסדער־
ווײלטער פּערזענלעכקייט. די פֿרײַהייט פֿון די מאַסן האָט ער
שטאַרק באַקעמפֿט. ווען ס'איז אויסגעבראָכן די גרויסע פֿראַנ־
צויזישע רעוואָלוציע, איז געטע געוואָרן איר אַנטשיידענער
קעגנער. ער האָט אַפֿילו אַנטייל גענומען אין דעם מאַרש פֿון
די פֿאַרייניקטע רײַטש־עסטרײַכישע אַרמייען אויף פֿראַנקרײַך,
וועלכע האָבן דאַמאָלס צוריק געוואָלט אַרויפֿזעצן אויפֿן טראָן
לודוויק, דעם זעכצנטן*). אין יענער צײַט האָט זיך געטע גע־
האַט אויסגעדריקט: „איך בין קעגן פּאָליטישער פֿרײַהייט
פֿאַר די מאַסן. אַלע פֿרײַהייטס־אַפּאָסטאָלן זענען מיר שטענ־
דיק געווען דערווידער".

בײַ דעם ווײַמאַרער מיניסטער, וועלכער האָט געלעבט אין
אַן אַטמאָספֿער פֿון אַדללײַט און פּרינצן, וועמענס נאָענטער
חבר עס איז געווען דער הערצאָג פֿון ווײַמאַר, האָבן זיך גע־
מוזט אויסאַרבעטן אַזעלכע רעאַקציאָנערע אידעען. געטע האָט
געוואוינט אין אַ פּרעכטיקן פּאַלאַץ, וואו עס זענען געשטאַנען
סטאַטועס פֿון אָלימפּישע געטער, ער האָט געלעבט בלויז אין

---

*) זע גראָשן־ביבליאָטעק נומ. 11 „דאַנטאָן, דער גאון פֿון דער
פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע".

דעם קרייז פֿון די הערשער און פּרינצן, געזעסן אין זיין קאַבינעט און געאַרבעט איבער זיינע ווערק און פּיינט געהאַט דאָס געדויש פֿון דעם טאָג־טעגלעכן לעבן.

פֿרידריך שילער, דער בונטאַר, דער פֿרייהייטס־זינגער, דער מענטש מיטן ברייזנדיקן טעמפּעראַמענט איז געשטאָרבן אין 1805, אין עלטער פֿון 46 יאָר, געמטע, דער רואיקער, מאַיעסטאַטישער מענטש, דער „בערג־אָדלער" און קאַלטער באָאָבאַכטער האָט דערגרייכט צו אַ גליקלעכע עלטער. די לעצטע דרייסיק יאָר פֿון געטעס לעבן שטעלן מיט זיך פֿאָר די אידיליע פֿון אַ נאָט אויפֿן אָלימפּ, די שלוה פֿון אַ פּאַטריאַרך. זעלטן ווען פֿון די שטערבלעכע ס'איז באַשערט געווען צו לעבן אַזוי רואיק און גלייכצייטיק פֿול מיט שעפֿערישער ענערגיע, ווי דעם גאון פֿון ווײַמאַר אין די לעצטע דרייסיק יאָר פֿון זיין לעבן.

## „מער ליכט!"

זיבן אינדערפֿרי פֿלעגט דער „הער געהיימראַט" אויפֿשטיין פֿון זיין שטאַרקן שלאָף, אויסגעטרונקען אַ גלאָז שאָקאָלאַד־פּונש און זיך געזעצט צום שרייב־טיש. אַזוי האָט ער געאַרבעט אָן אָפּרו ביז עלף אַ זייגער פֿאַרמיטאָג. דאַן האָט ער געמאַכט אַ קליינע פּויזע און ווייטער געאַרבעט ביז 2 אַ זייגער. דאַן פֿלעגט ער עסן מיטאָג. דער דיכטער האָט געהאַט אַ גרויסן אַפּעטיט און איז געווען אַ געוואַלדיקער נאַשער. עסן און טרינקען פֿלעגט ער שטענדיק אין דער געזעלשאַפֿט פֿון פֿריינט און באַקאַנטע, זעלטן — אַליין. ער האָט זייער ליב געהאַט ווין און פֿלעגט אויסטרינקען צוויי, דריי פֿלעשלעך אַ טאָג. אין אָוונט פֿלעגט ער גיין אין ווײַמאַרער טעאַטער, וואו ער איז געווען דירעקטאָר.

יעדן טאָג פֿלעגט ער האָבן צענדליקער באַזוכער. ווײַמאַר איז געוואָרן דאָס מעקא פֿון קולטורעלן אייראָפּע. פֿון וואו

ווייט פלעגט מען עולי־רגל זיין קיין ווייטאר, כדי כאָטש א בליק צו טון אויף דעם גייסטיקן ריז. יעדער באזוכער פון ווייטאר האָט געפונען פאר נויטיק צו באקומען אן אוידיענץ ביים „דיכטער־מיניסטער". און דער „דיכטער־מיניסטער" פלעגט אויפנעמען זיינע באזוכער, ווי א בייזער גאָט, ווי אן אָנגעברוגזטער צעאוס. אלע, וועלכע זענען געקומען א קוק טון אויף „דעם פלאַמענדיקן, ברויזנדיקן דיכטער", ווי יעדער האָט זיך פאָרגעשטעלט געטען, האָבן זיך שטארק אנטוישט. פאר זיי איז דערשינען נישט קיין דיכטער מיט „צעשויבערטע האר און פלאַמענדיקע אויגן", נאָר א קאלטער, שטייפער, אָנגע־בלאָזענער און גאוהדיקער מיניסטער. אָט ווי דער שרייבער זשאן פאל שילדערט זיין ערשטע באגעגעניש מיט געטען: „געטעס הויז, אָדער בעסער געזאָגט, זיין פאלאַץ, איז מיר זייער געפעלן געוואָרן. דאָס איז דאָס איינציקע הויז אין ווייטאר, אין איטאליענישן סטיל, מיט פרעכטיקע שטיגן. דאָס האַרץ איז מיר שיר נישט ארויסגעשפרונגען פון שרעק, ווען איך האָב דערהערט דעם דיכטערס טריט. ער איז דערשינען אין דער טיר מיט זיין מאַסיוו געשטאַלט. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק, אַז איך זע פאַר מיר א גאָט. זיינע צוויי אויגן זעען אויס, ווי פייערדיקע קוילן. אָבער ווי קאלט, ווי שווייגנדיק און בייז ער איז געווען!"

שטיל, אין זיין קליינעם ארבעטס־קאבינעט, זיצט געטע און שרייבט וועגן די איבערלעבונגען פון „דאָקטאָר פאוסט". געטע פארענדיקט זיין ערשטע טייל פון „פ א ו ס ט", דאָס הויפט־ווערק פון זיין דיכטערישן זשעני און הויבט אָן אין די סוף יאָרן פון זיין לעבן צו שרייבן די צווייטע טייל פון דעם דאָזיקן מעכטיקן ווערק, וואָס האָט אויסגעדריקט די וויכ־טיקסטע פראָבלעמען פון מענטשלעכן לעבן. „פאוסט" איז דער גרויסער סך־הכל פון געטעס שאפן, דער לעצטער געניאלער, פילאָזאָפישער און דיכטערישער ודוי פון דעם דיכטער.

אין 1808, ווען נאַפּאָלעאָן האָט אַריינמאַרשירט מיט זיי־נע חילות קיין ווייַמאַר, איז צווישן ביידע, דעם נאַפּאָלעאָן פון דער מלחמה־קונסט און דעם נאַפּאָלעאָן פון גייסטיקער שאַפונג, פאָרגעקומען אַ באַגעגעניש. דער מלחמה־גאָט האָט דעם גאָט פון אָלימפּ אויפגענומען מיט אַ געוויסער גרינגשע־צונג. אָבער געטע איז אויך דערפון געווען צופרידן. ער איז געווען זייער גליקלעך און האָט זיך געפילט שטאַרק געשמייכלט, ווען דער קייזער האָט אים געגעבן אַן אָרדער. פאַר געקרוינטע הערשער האָט דער ווייַמאַרער מיניסטער געהאַט דרך־ארץ און זיי שטענדיק אָפּגעגעבן כבוד. דאָס איז געווען זיין שטענדיקע שוואַכקייט.

צו 80 יאָר איז געטע געווען נאָך פריש און געזונט. זיין שכל איז געווען קלאָר, ווי צו פערציק יאָר, אויפן שטערן האָט דער זקן נישט פאַרמאָגט קיין איין קנייטש, אין זיינע אויגן האָט נאָך געברענט דאָס יוגנטלעכע פייער פון ליבע. ער האָט זיך דאַמאָלס געהאַלטן שטייף און שטאָלץ און זיין גאַנג האָט דאַמאָלס דערמאָנט אין די טריט פון אַ יונגן ריטער. שוין אַלט זייענדיק 82 יאָר האָט זיך דער זקן געטע פאַרליבט אין אַ יונג מיידל און געשריבן צו איר הייסע ליבעס־בריוו, ווי אַמאָל אין די יונגע יאָרן. זיין גייסטיקע און קערפּערלעכע ענערגיע האָט נישט אויפגעהערט ביז צו די לעצטע טעג פון זיין טויט. ס'האָט זיך געדוכט, אַז דער טויט וועט נישט האָבן קיין שליטה אויף דעם דאָזיקן ריז. ווער ס'האָט אים געזען עטלעכע טעג פאַרן טויט, האָט נישט געגלויבט, אַז דער דאָזי־קער מענטש קאָן שטאַרבן. „עפּעס אייביקס און אומשטערב־לעכס האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיינע גליענדיקע אויגן", דערציילט זיין סעקרעטאַר.

אָבער דער ריז איז געפאַלן.

דעם 16־טן מערץ 1832 איז זיין אייניקל, וואָלפגאַנג, אַריין אין געטעס צימער. כדי צו עסן מיטן זיידן צוזאַמען

פרישטיק. ער האָט פּלוצלינג דערזען געטען ליגן אין בעט.

— וואָס איז דיר, זײדע? — האָט דער קלײנער דער־שראָקן געפרעגט.

— גאָרנישט, — האָט געטע רואיק געענטפערט, — איך האָב זיך אַ ביסל צוגעקילט. ס'וועט מיר גאָרנישט זײַן.

אָבער צומאָרגנס האָט ער זיך דערפילט שוואַכער. ער האָט געפּרוווט אַרומצוגײן איבערן צימער, אָבער די קניען האָבן זיך אים אײַנגעבויגן. די שנור זײַנע, אָטיליע, האָט אים אַרײַנגעזעצט אין אַ ווינג־שטול. אים איז געוואָרן ערגער פון שעה צו שעה. די כוחות האָבן אים פולשטענדיק פאַרלאָזט.

דעם 22־טן מערץ אינדערפרי האָט ער ווידער געפּרוווט זיך איבערגײן איבערן צימער. ער האָט מיט אַלע כוחות זיך געקלאַמערט אָן לעבן און נאָך געגלויבט, אַז ער וועט געזונט ווערן. אָבער ער האָט דערפילט אַ מידיקייט און זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אין דער ווינג־שטול. די שנאָר איז פון אים נישט אָפּגעטרעטן און געהאַלטן זײַן האַנט אין אירע. די האַנט זײַנע איז געוואָרן קעלטער פון מינוט צו מינוט. ער האָט געקענט רעדן נישט קײן קלאָרע ווערטער. דאָס ערשטע מאָל האָט זײַן מעכטיקער מח אויפגעהערט צו אַרבעטן און האָט אָנגעהויבן צו צאַנקען.

— וואָס זאָגט איר? — האָט אים אָטיליא עטלעכע מאָל איבערגעפרעגט.

ער האָט זי שוין אָנגעקוקט מיט אַ גלעזערנעם, אויסגע־וואונדערלעכע פײַער־ל פון זײַנע אויגן. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אין דער הויך און אַרויסגערעדט מיט אַ שווע־רער שטים:

— מ ע ר... ל י כ ט!

דאָס זענען געווען זײַנע לעצטע ווערטער. ער האָט אַראָפּ־געלאָזט די הענט און אײַנגעגראָבן זיך טיפער אין דער שטול.

אָטיליאַ האָט געמיינט, אַז געטע איז אַנטשלאָפן געוואָרן. זי האָט שטיל אַ פרעג געטאָן:

— איר שלאָפט?

יאָ, געטע איז שוין געשלאָפן מיט אַן אייביקן שלאָף... די צוויי פייערדיקע אויגן האָבן זיך שוין קיינמאָל מער נישט געעפנט.

# ביז איצט דערשינענע ביכלעך פון דער „גראָשן־ביבליאָטעק“

1. ראבערט סמיט: מאטאהארי — טענצערין־שפיאן.
2. א. קעלמאן: אמעריקאנער מיליאנערן.
3. מ. הארטמאן: צווישן טראן און ליבע. (טראגעדיע פון די האבס־בורגער דינאסטיע).
4. ס. האפקינס: געניאלע סיפיליטיקער.
5. פ. וועטשעלי: מאנאלעסקו, דער קעניג פון די גנבים.
6. נ. סלאנימסקי: נ. גאפאן, גלח־פראוואקאטאר.
7. מ. גרעגאריוס: לוקרעציא באררזשיא.
8. י. כאגאן: גראף פאטאצקי, דער גר־צדק.
9. ראבערט סמיט: אלפרעד רעדל, דער עסטרייכישער אזעף.
10. פריטאף לארסאן: אין די נעגל פון ווייסן טויט. (נאביקעס עקספע־דיציע צום צפון־פאל).
11 ק. מאשקאוויטש: דאנטאן. דער גאון פון דער פראנצ. רעוואלוציע
12. מ. הארטמאן: לעדי האמילטאן.
13. ב. גבריאלי: שאול וואהל, דער ייד. קעניג פון פוילן.
14. ש. בערגמאן: לעאן טראצקי, די טראגעדיע פון א רעוואלוציאנער.
15. ח. פריידבערג: דער טרוימער פון אקעאנען (קריסטאף קאלומבוס).
16. קאגאן: אסתרקא, די פוילישע אסתר־המלכה.
17. מ. קאראלין: דער קייזער פון א רעפובליק (יוליוס צעזאר).
18. ב. סערלין: די העטערע אויפן טראן (יעקאטערינע II).
19. פ. זילבערמאן: שבתי צבי, דער פאלשער משיח.
20. אלעקסאנדער סיעראוו: ווי אזוי האט מען דערהרגעט אלעקסאנ־דער דעם צווייטן?
21. ס. ט. מייזנער: דער כישוף־מאכער פון אונזער צייט (מאדאם עדיסא).
22. נ. סלאנימסקי: דער בונט אויף דער פאנצער־שיף „פאטיאמקין“
23. ק. מאשקאוויטש: דער נביא פון מעקא (מאכמעד).
24. י. קאנאן: יעקב פראנק.
25. מ. הארטמאן: פון טראן אויף דער תליה (מאריא סטיוארט).
26. מ. קאנטאר: סערגיי מיאסאיעדאוו (פאררעטער צי קרבן?)
27 ש. בערגמאן: יעוונא אזעף — דער רעוואלוציאנער.
28. ש. בערגמאן: אזעף ראכקין — דער פראוואקאטאר.
29. מ. הארטמאן: מאנאן לעסקא.
30. קאראלין: נאפאלעאן באנאפארט.
31 א. סיעראוו: איוואן דער גרויזאמער.
32. י. קאגאן: דוד הראובני (דער יידישער פירשט).
33. ק. מאשקאוויטש: ווי אזוי מ'האט אויסגעגנבעט די 10 ארעס. פון פאוויאק.
34. י. ק. סימכאוויטש: די טראגעדיע דרייפוס.
35. י. ק. סימכאוויטש: דער מארטירער פון טייוולס־אינזל.
36. ש. בערגמאן: אטענטאט אויף סטאליפינען.
37. ד. קאפעלמאן: אלבערט איינשטיין.
38. א. קעלסאן: דער אטענטאט אין סאראיעווא.
39 נ. סלאנימסקי: פיאטר קראפאטקין (פירשט־רעוואלוציאנער).

(המשך אויף דער לעצטער זייט פון דער הילע)

## ק. וואַרשאַווסקי

# דער שטורמער פון אָקעאַן

## (לינדבערג)



פאַרלאַג „גראָשן-ביבליאָטעק“

1932 וואַרשע

לינדבערג איז דער באַרימטסטער מענטש אין די פאַראייניקטע שטאַטן און איינער פון די באַרימטסטע מענטשן אין דער וועלט. די באַנדע קינדער־כאַפּערס פון אַמעריקע כאַפּן צו יאָר־יערלעך אַ סך מיליאָנערישע און רייכע קינדער, כדי פאַר זיי צו באַקומען אויסקויף־געלט, אָבער די צייטונגען שרייבן נישט כמעט וועגן דעם און אויסער דער פּאָליציי אינטערעסירט זיך קיינער נישט הערמיט. ס'איז אָבער גענוג געווען, אַז די קינדער־כאַפּערס זאָלן צופּאַכן לינדבערגס קינד און דאָס דאָזיקע געשעעניש זאָל ווערן די סענסאַציע פון טאָג און אָפיציעלע טעלעגראַפן־אַגענטורן פון אַלע לענדער זאָלן טאָג־טעגלעך ברענגען פאַרשידענע ידיעות וועגן דער דאָזיקער אַפּערע. וועגן לינדבערגס התנגה האָבן געשריבן אַלע צייטונגען פון דער וועלט. לינדבערגס מינדסטער שריט ווערט נאָכגעפאָלגט פון אַלע אַמעריקאַנער רעפּאָרטערן. אין דעם לעצטן יאָרהונדערט האָט קיינער נישט דעראָבערט אַזאַ וועלט־רום, ווי דער יונגער טשאַרלז לינדבערג.

וואָס איז די סיבה דערפון?

דער יונגער אַמעריקאַנער לופטפליער האָט דער ע ר ש ט ע ר געוואָגט צו באַזיגן פון די וואָלקנס אַראָפּ דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, דער באַשיידענער, שווייגנדיקער בחור האָט פאַרמאָגט די דרייסטקייט זיך צו שטעלן אין קאַמף פנים אל פנים מיט דער סטיכיע פון די אומענדלעכע אָקעאַן־וואַסערן, ער איז געווען דער אומדערשראָקענסטער סאָלדאַט אין דער מלחמה מיט די עקשנותדיקע כוחות פון דער נאַטור.

דער דאָזיקער מענטש, וועלכער איז דער ערשטער און איינער אַליין אַריבערגעפלויגן אויף אַ שטאָלערנעם פויגל דעם ריזיקן אָקעאַן, האָט באַדעקט מיט כבוד און שטאָלץ נישט בלויז זיין לאַנד, נאָר אויך די גאַנצע מענטשהייט. מיר דאַרפן זיין שטאָלץ, וואָס אין אונזער צייט לעבן אַזעלכע אומדער־שראָקענע העלדן.

און אָט דערפון נעמט זיך לינדבערגס רום אויפן גאַנצן ערד־קוגל. פאַרן 19־טן מאַי 1927 איז לינדבערג געווען אַן אומבאַקאַנטער מענטש, אַ געוויינלעכער, פשוטער בירגער פון זיין לאַנד און מיט צוויי טעג שפּעטער — סך־הכל מיט צוויי טעג! — איז זיין נאָמען שוין געווען אויף די ליפּן פון מיליאָנען מענטשן און ער איז געוואָרן דער באַרימטסטער מענטש פון זיין צייט. במשך פון די דאָזיקע קנאַפּע צוויי טעג האָט לינדבערג באַוויזן צו באַזיגן דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, במשך פון דער דאָזיקער קורצער צייט האָט דער דאָזיקער מאָדערנער קאָלומבוס אַריינגעשריבן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט אַ רומפולן בלאַט.

## דער מענטש מיט אַ רייכער פאַנטאַזיע

אַ יונגער, בלאָנדער בחור מיט שמייכלענדיקע אויגן, אין דער לעדערנער קליידונג פון אַ לופט־פליער, האָט זיך אַרומ־געדרייט אויפן מישיקאַנער לופט־פלי־פּלאַץ און געליינט אַ צייטונג. ער האָט זיך עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט, ווי די ידיעה, וואָס ער האָט איבערגעליינט, וואָלט אים שטאַרק איי־בערראַשט, דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו אַ צווייטן לופט־פליער און געזאָגט:

— זעסט, סעם, זיי זענען אומגעקומען!

— ווער?

— נו, נעגזשעבעט און קאַלי, די צוויי פראַנצויזן, וועגן וועלכע מיר האָבן היינט גערעדט.

— איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז אַזאַ פלי איז פאַרבונדן מיט אַ זיכערן טויט. דעם אָקעאַן, טשאַרלי, וועט מען שוין נישט איבערפליען אין אַ מאָטאָר־מאַשין. עפּעס אַנדערש איז אַ גרויסע לופטשיף, ווי דער „לאָס־אַנדזשעלאָס“, אָבער אין אַן אַעראָפּלאַן וועבסטער, ברידערקע, אַזאַ נסיעה נישט מאַכן. דערמאָן דיך נאָר — וועלכע טויזנט קילאָמעטער בלויז איבערן וואַסער! פאַלסטו נאָר אַריין אין אַ הוראַגאַן־ווינט, וואָס איז נישט קיין זעלטענער גאַסט איבערן אַטלאַנטישן אָקעאַן — דאַן איז אַ סוף מיטן אַעראָפּלאַן. מיט וועלכן דער ווינט שפּילט זיך, ווי מיט אַ קינדעריש שפּילצייג.

— און איך זאָג דיר, אַז נישט קוקנדיק אויף אַלעם, וואָלט איך געמאַכט אַזאַ נסיעה, — האָט געענטפערט דער יינגער, בלאָנדער לופטפליער. — מען דאַרף נאָר שטעלן אין דאַן איין זאַך: דאָס לעבן, אָבער דאַמאָלט איז דאָס געווינס זייער גרויס.

— אויב דו האָסט בדעה צו באַגיין זעלבסטמאָרד — דאַרפסטו דיר דערלויבן צו מאַכן אַזאַ רייזע. איך ווייס אָבער, טשאַרלי, אַז דו האָסט ליב דאָס לעבן און טראַכסט נישט וועגן קיין זעלבסטמאָרד. צו וואָס זשע זאָלסטו טראַכטן וועגן אַזאַ אוטאָפּיע?

— דו האַלטסט אַזאַ פלי איבערן אָקעאַן פאַרן אַן אוטאָפּיע?

— אין אונזערע צייטן איז עס יעדנפאַלס אוממעגלעך. נישט וויניק קרבנות האָט שוין אַזאַ פרוו געקאָסט. אָט האָבן ווידער: נעגזשעבעט און קאַלי, צוויי פעיקע, אויסגעפרוווטע פּילאָטן, מענטשן, וואָס האָבן אין לופטפליעריי באַוויזן ממש וואונדער, ווי נאָר זיי האָבן זיך געלאָזט אין

אַ פלי איבערן אַטלאַנטיק — האָט דער דאָזיקער אָקעאַן זיי שטרענג באַשטראָפט, ווי ער וואָלט געוואָלט וואָרענען אַנדערע: איר זעט, ווער עס וועט וואַגן אַריינצוקומען אין מיין קעניגרייך, וועט האָבן אַזאַ סוף, ווי נענזשעסער און קאָלי...

דער יונגער, בלאָנדער בחור האָט לייכט געשמייכלט, ווי ער וואָלט געהוזקט פון זיין הברם רייד. ער האָט זיך אָנגעשפאַרט אָן איינעם פון די אַעראָפּלאַנען, וואָס זענען געשטאַנען אויפן פלי־פּלאַץ און געזאָגט:

— הער, סעם, דאָס זענען אַלץ נאַרישקייטן. איך האָב באַשלאָסן אַנטייל צו נעמען אין דעם פלי־קאָנקורס, וואָס עס אָרדנט איין אַן אַמעריקאַנער לופט־פלי־געזעלשאַפט. עס גייט מיר נישט אין דער פּרעמיע פון פינף און צוואָנציק טויזנט דאָלאַר, עס גייט מיר אין באַווייזן דער וועלט, אַז דער אַטלאַנטישער אָקעאַן וועט זיך פון אונז, לופט־פליער לאָזן באַזיגן. איך, סעם, מוז אים באַזיגן!

— לאָז אָפּ מיט דעם געדאַנק, טשאַרלי, אויב דאָס לעבן איז דיר טייער, — האָט סעם געענטפערט.

— דאָס לעבן איז מיר טאַקי טייער, אָבער נאָך טייערער איז מיר דעם חלום וועגן באַזיגן דעם אָקעאַן. איך טראַכט וועגן דעם שוין לאַנג. הערנדיק, אַז צום קאָנקורס גרייטן זיך אַזעלכע פליער, ווי בירד, טשעמבערלען, האָב איך אויך באַשלאָסן אַנטייל צו נעמען אין דעם דאָזיקן פלי. איך האָב שוין אַפילו גערעדט מיט עטלעכע רייכע לייט, אַז זיי זאָלן פינאַנסירן אַן עראָפּלאַן, וואָס זאָל ספּעציעל זיין צוגעפּאַסט צו אַזאַ נסיעה.

— וואָס רעדסטו, טשאַרלי, דו נעמסט זיך אונטער צו מאַכן אַזאַ קאַרקבערעכערישן פלי? אַלס גוטער פריינט וואָלט איך דיר געעצהט, אַז דו זאָלסט רעזיגנירן פון דיין פּלאַן. דער סוף וועט זיין, אַז דו וועסט נאָכן אָפּפליען עטלעכע שעה

זיך אומקערן צוריק קיין ניו־יאָרק, אויב עס וועט, פאַרשטייט זיך, נישט טרעפן מיט דיר קיין אומגליק.

— דו ווייסט דאָך, סעם, איך בין אַן עקשן. איך וועל מיין באַשלוס נישט ענדערן. דער געדאַנק וועגן אַ פלי איבערן אָקעאַן לאָזט מיך נישט צורו. וועסט זען, סעם, איך וועל זיך אויפהויבן אין ניו־יאָרק און זיך אַראָפּלאָזן אין פּאַריז.

— דו האָסט אַ רייכע פאַנטאַזיע, טשאַרלי, — האָט סעם געלאַכט.

דער מענטש מיט „דער רייכער פאַנטאַזיע" איז געווען טשאַרלז לינדבערג.

# „איך וועל זיגן"

ווער איז געווען דער דאָזיקער לינדבערג, פון וואַנען האָט ער געשטאַמט?

זיין פאָטער איז אַ הויכער באַאַמטער און האָט עטלעכע מאָל קאַנדידירט צום אַמעריקאַנער קאָנגרעס מצד דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. די מוטער — אַן אינטעליגענטע און באַגאַבטע פרוי, וועלכע האָט שטודירט כעמיע אין דער צייט, ווען איר זון האָט זיך געגרייט צו מאַכן דעם פלי איבערן אָקעאַן.

ווען לינדבערג איז געווען אַ קינד, האָבן זיינע עלטערן געהאַט אַ פערמע אין ליטל פעלס. דער קליינער טשאַרלי האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו שפּילן זיך מיט ראָוועדן. גאַנצע טעג פלעגט ער זיך נאָכיאָגן נאָך ראָווערן. איינמאָל איז מיטן קליינעם ווייסן הברהניק געשען אַזאַ געשיכטע: ער האָט באַוויזן אַ קוגין און אַרויפגעדראַפּעט זיך מיט זיין קינדערישן ראָווער ביז צום סאַמע שפּיץ פון אַ בוים, ווי ער וואָלט געוואָלט גלייך פליען צו די וואָלקנס... דער דאָזיקער ערשטער „פלי" האָט אָבער שיר נישט געקאָסט דאָס לעבן פון דעם שטיפערישן

יונגל. ער איז אַראָפּגעפֿאַלן און זיך אַזוי צעקלאַפּט, אַז ער איז עטלעכע וואָכן געלעגן געפֿערלעך קראַנק און די דאָקטוירים האָבן געגעבן שוואַכע האָפֿנונגען אויף זיין לעבן. אָבער דער קרעפֿטיקער אָרגאַניזם פֿון יונגל האָט סוף כל סוף גובר געווען דעם טויט.

נאָך אַלס קינד האָט לינדבערג אַרויסגעוויזן גרויסע פֿעיִקייטן צו מעכאַניק. גאַנצע טעג און נעכט פֿלעגט ער מייסטרעווען, ברעכן, האַקן, קלאַפּן. די עלטערן פֿלעגן אָפֿטמאָל אַרויס פֿון געדולד און אויך אים אָנשריִען, אָבער ער האָט ווייטער געטון זיין אַרבעט. זעענדיק, אַז זייער זון האָט נישט קיין שטאַרקן חשק צו טעאָרעטישע לימודים, האָבן אים די עלטערן אַריינגעגעבן אין אַ טעכנישער הויכשול.

דאָס האָט דעצידירט וועגן זיין ווייטערדיקער קאַריערע אין לעבן.

נאָכן ענדיקן די טעכנישע הויכשול, האָט לינדבערג באַשלאָסן זיך צו ווידמענען דער לופֿט־פֿליִעריי. אים האָבן געלאָקט די וואָלקנס. פֿליִען אויף אַ שטאָלערנעם פֿויגל איז געווען זיין העכסטער אידעאַל. אין 1921 טרעט ער אַריין אין דער פּילאָטן־שול פֿון לינקאָלן, וווּ ער ווייזט אַרויס גרויסע פֿעיִקייטן. בעת די איבונגען אינטערעסירן אים שטאַרק די פֿאַלשירעמס. ער לאָזט זיך עטלעכע מאָל אַראָפּ פֿון עראָפּלאַן מיט אַ פֿאַלשירעם און מאַכט עס אַזוי קונציק, אַז אַפֿילו די אינסטרוקטאָרן פֿון דער פּילאָטן־שול זענען דערשטוינט. ער איז נאָך זייער יונג, און דאָס וואונדערט נאָך מער.

ווען לינדבערג האָט זיך איבערצייגט, אַז ער קען שוין גוט אָנפֿירן אַליין מיט אַן עראָפּלאַן, איז זיין הויפּט־וואונטש געווען צו האָבן אַן אייגענע מאַשין. ער פֿועלט אויס ביים פֿאָטער אַ גרעסערע סומע געלט און קויפֿט דערפֿאַר אַן אַלטן מיליטערישן עראָפּלאַן. איצט איז ער גליקלעך. מיר זעען אים אַ גאַנצן טאָג ביי זיין „ליבלינג’’, ביי דער פֿלי־מאַשין.

ער מאַכט פֿאַרשידענע איבונגען און פֿליט מיט באַקאַנטע און חברים איבער דער געגנט פֿון לינקאָלן.

דערנאָך באַשליסט ער צו מאַכן דערפֿון אַ פֿאַרדינסט. פֿאַרוואָס זאָל ער נישט פֿירן פּאַסאַזשירן פֿאַר געלט? אַמאַטאָרן אויף פֿלי־רייזעס פֿעלן נישט. אין איין שיינעם פֿרימאָרגן לאָזט זיך אונזער יונגער פֿלי־מייסטער מיט זיין אַעראָפּלאַן קיין טשיקאַגאָ און הייבט אָן אָנצונעמען פּאַסאַזשירן. ער מאַכט ליפֿט־רייזעס פֿון טשיקאַגאָ ביז ניו־יאָרק, פֿון ניו־יאָרק ביז וואַשינגטאָן. די געשעפֿטן גייען נישט שלעכט. ער קאָנקורירט אַפֿילו מיט אַנדערע, ווייל צווישן די פּאַסאַזשירן קען מען אים שוין אַלס אַ גוטן און זיכערן פּילאָט.

חוץ דעם גיט ער „פֿאַרשטעלונגען". פֿאַר אַ ספּעציעלן אָפּצאָל ווייזט ער פֿאַרשידענע אַקראָבאַטישע שטיק מיט זיין פֿלי־אַפּאַראַט. אין דער לופֿט, צווישן הימל און ערד, פֿילט זיך דער צוקונפֿטיקער אָקעאַן־דורכפֿליער, ווי ביי זיך אין דער היים. זיינע אַקראָבאַטישע קונצן מיטן אַעראָפּלאַן רופֿן אַרויס שטוינונג און גלייכצייטיק שרעק. ער האָט אָפֿט ליב צו סימולירן אַ קאַטאַסטראָפֿע. אָט הייבט זיך, אַז זיין אַעראָפּלאַן פֿאַלט אַראָפּ. מענטשן שרייען, מ'הייבט אָן צו אַנטלויפֿן, ביי אַלעמען ווערט דאָס בלוט שיער נישט געגליווערט אין די אָדערן, אָבער לינדבערג לאַכט האַרציק. ער לאָזט פֿאַלן דעם אַעראָפּלאַן כמעט ביז צו דער סאַמער ערד און דערנאָך גיט ער זיך אַ מעכטיקן ריס אַרויף אין דער הייך צו דער פֿאַרוואונדערונג און שטוינונג פֿון אַלע אַנוועזנדיקע. דער דאָזיקער מענטש באַהערשט אַזוי גלענצנדיק די מאַשין, אַז ער זעט נישט קיין געפֿאַר דאָ, וואו אַנדערע זעען שוין אַ זיכערע קאַטאַסטראָפֿע.

אין יאָר 1924 טרעט לינדבערג אַריין אין דער מיליטערישער הויכשול פֿאַר פֿלי־וועזן און באַקומט דאָ באַלד דעם צונאָמען: „ד י פּ א ס ט - ט ו י ב". ער פֿליט אַזוי גראַציעז און לייכט, ווי אַ פּאָסט־טויב. דער מענטש האָט איבערגע־

שטיגן דעם פויגל. לינדבערג באווייזט אזעלכע קונצשטיק אין פליען, אז אפילו קיין פייגל וואלטן עס נישט באוויזן. ער ווייזט ארויס העלדישקייט און דרייסטקייט. ווען זיין עראָ־פלאַן שטויסט זיך איינמאָל אָן בעת איבונגען מיט אַ צווייטן עראָפּלאַן, שפּרינגט לינדבערג ארויס פון דער מאַשין מיט אַ פּאַל־שירעם און פאלט גליקלעך אַראָפּ. ער איז דאַמאָלס געווען אויף דער גרענעץ פון לעבן און טויט און האָט לייכט געקאָנט אומקומען, נאָר בלויז אַ דאַנק זיין קאַלטבלוטיקייט און אומדערשראָקנקייט איז אים געלונגען זיך צו ראַטעווען פון אַ זיכערער קאַטאַסטראָפע.

נאָכן ענדיקן די מיליטערישע הויכשול, האָט לינדבערג זיך געקויפט אַ נייעם עראָפּלאַן און געוואָרן אַ פּאַסאַזשירן־פּילאָט אין סען־לואיס. ער פליגט פירן פּאַסאַזשירן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער. איינמאָל האָט ער געדאַרפט אָפּפירן אַ פּאַסאַזשיר קיין צינצינאַטי, וואָס געפינט זיך 580 קילאָ־מעטער פון סען־לואיס. דער מאָטאָר האָט אָבער נישט געאַר־בעט, ווי געהעריק, און אויך דאָס וועטער איז געווען זייער שלעכט.

— איך וועל מיט אייך היינט נישט פליען, — דערקלערט לינדבערג דעם פּאַסאַזשיר.

— איך מוז אָבער פאַרן יעדן פּרייז זיין היינט אין צינ־צינאַטי, — ענטפערט דער פּאַסאַזשיר, — איר מוזט מיר זען צו העלפן.

— נו, גוט, — ענטפערט לינדבערג, — אויב איר וועט מיר פאַרזיכערן, אַז איר קאָנט אַראָפּשפּרונגען מיט אַ פּאַל־שירעם, דאַמאָלס נעם איך אייך אַריין אין מיין עראָפּלאַן.

— איך האָב שוין די דאָזיקע קונץ אַמאָל געפּרוווט און שיר נישט געהרגעט געוואָרן. זאָל איך זי ווידער פּרובירן.

— אויב איר ווילט פליען קיין צינצינאַטי מוזט איר זיין צוגעגרייט דערצו.

— און איר... איר האָט נישט קיין מורא? — פרעגט דער פּאַכאַזשיר. — מילא, איך מוז פאַר יעדן פּרייז זיין אין ציניציאַטי, עס האַנדלט זיך וועגן ראַטעווען מיין פרוי פון אַ זיכערן טויט. אויב איך וועל נישט היינט קומען — וועט זי באַגיין זעלבסטמאָרד. אַזוי האָט זי מיר געשריבן. איך מוז עס טון, אָבער איר, הער פּילאָט, איר האָט נישט קיין מורא?

— זינט איך פלי אין דער לופטן, איז מיר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן דער געדאַנק, אַז איך קאָן געהרגעט ווערן, — האָט לינדבערג געענטפערט מיט אַ שמייכל.

דער פּאַכאַזשיר האָט געמוזט לינדבערגן ווייזן, אַז ער קאָן אַראָפּשפּרינגען מיט אַ פּאַלאַשירעם, ערשט דאַמאָלס האָט אים לינדבערג אַוועקגעפירט קיין ציניציאַטי, וואו זיי זענען גליקלעך אָנגעקומען.

און אָט לייענט לינדבערג וועגן די פאַרשידענע פּרוּוון אַדורכצופליען דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן און זיין פאַנטאַזיע מאָלט אים בילדער וועגן דעם פלי איבער די ברויזנדיקע כוואַליעס. דאָס מאַכן די פאַרשידענע אַקראָבאַטישע קונצן אין דער לופט באַפרידיקט אים מער נישט, דאָס פליען ביינאַכט איז שוין ביי אים אַ קינדערשפּיל. בלייבן אַ געוויינלעכער פּי־לאָט, וואָס פירט פּאַכאַזשירן פון סען־לואיס קיין טשיקאַגאָ אָדער ניו־יאָרק? ניין, דאָס לאַנגווייליקט אים שוין. דער פויגל וויל פליען ווייט. די קליינע שטרעקעס באַפרידיקן אים נישט. אַזאַ אַטלאַנטישן אָקעאַן, ווען ער קאָן אַדורכפליען — אָט דאָס וואָלט געווען אַ נצחון! ס׳איז אפילו פאַרבונדן מיט גרויסע געפאַרן, אָבער לינדבערג האָט זיך שוין אָפּגעוווינט פון שרעקן זיך פאַר געפאַרן. ער טראַכט כסדר וועגן אַזאַ גי־גאַנטישן פלי. פאַרוואָס זאָל ער פליען בלויז פון סען־לואיס ביז ציניציאַטי, צי פילט ער זיך דען נישט בכח דורכצומאַכן

אַ לופּט־רייזע פון ניו־יאָרק ביז פּאַריז? ס'קלינגט פאַנטאַסטיש? ער מוז עס אָבער באַווייזן.

אָבער אַט קומען אָן ידיעות, אַז די פאַרש־דענע פּרוון אַריבערצופליען דעם אָקעאַן גיבן זיך נישט איין. דער שפּאַני־שער מאַיאָר פראַנקאָ מוז זיך צוריקציען, דער פליער מונגער און צום סוף די פראַנצויזן נונגעסער און קאָלי קומען אום. לינדבערגן שרעקן אָבער נישט די דאָזיקע טרויעריקע ידיעות. ער איז אַזוי זיכער אין זיך, ער גלויבט אַזוי פעלזנפעסט אין זיין באַהערשן די אַטמאָספערע, אַז קיין שום צווייפל גנבעט זיך נישט אַריין אין זיין האַרץ.

שמייכלענדיק אַמאָל מיט זיין מוטער וועגן זיין פּלאַן, באַ־זיכערט ער:

— וועסט זען, מאַמע, אַז איך וועל זיגן. איך דאַרף נאָר דער עיקר האָבן אַ מאַשין, וועלכע זאָל זיין צוגעפּאַסט צו אַזאַ וויטע נסיעה. אַזאַ אַעראָפּלאַן דאַרף קאָסטן אַן ערך פינף טויזנט דאָלאַר. ס'זענען דאָ מענטשן, וואָס זענען מיר גרייט צו שאַפן די דאָזיקע סומע. זיי געפעלט מיין פּלאַן און זיי ווילן איינשטעלן אַ גרעסערע סומע געלט.

— און דו האָסט די פולשטענדיקע זיכערקייט, אַז דו וועסט דערגרייכן דיין ציל? — האָט די מוטער געפרעגט, — דערמאָן זיך אָן די צוויי פראַנצויזן, וואָס זענען אומגעקומען, דערמאָן זיך אָן אַנדערע פליער, וואָס האָבן געמוזט זיך אומ־קערן צוריק, אָדער זענען אַריינגעפאַלן אין וואַסער אַריין. צי דאַרף איך נישט טראַכטן, אַז דו גייסט אויף אַ זיכערן טויט, מיין זון? איך וועל דיר נישט שטערן אין דיינע פּלענער, זיי זענען גרויסע און דרייסטע, אָבער איך בין דאָך דיין מוטער, איך האָב דיך דאָך ליב. פאַרוואָס זאָל איך געבן מיין הסכמה, ווען איך טראַכט, אַז איך קען דיך פאַרלירן? אדרבא, איבער־צייג מיך אַזוי שטאַרק, שטעק מיך אָן מיט דיין גלויבן, אַז

איך זאָל פֿילן דיזעלבע זיכערקייט און דיין זיג, וואָס דו... קאָנסט עס?

ער האָט אַ ווייל געשוויגן און זי אָנגעקוקט מיט אַ ליבלעכן שמייכל. דערנאָך האָט ער מיט אַ באַגייסטערטער שטים אָנגעהויבן צו רעדן:

— איך בין זיכער, אַז איך וועל זיגן. די דאָזיקע זיכערקייט שטייגט אין מיר און וואַקסט פֿון טאָג צו טאָג. דיין צווייפֿל, דיין מורא, מאַמע, מאַכט מיך אויף אַ רגע שוואַך. אָבער דו ביזט גערעכט, איך דאַרף אויך דיך אָנשטעקן מיט מיין זיכערקייט און גלויבן. דער פֿעלזנפֿעסטער גלויבן אין אַ זאַך איז דער זיכערסטער תּנאַי פֿאַר אַ נצחון. דו ווייסט עס, מאַמע, ווייל דו פֿאַרשטייסט מיך. ווען איך בין אין דער לופֿטן, לעב איך אויף. מיר דוכט זיך אָפֿטמאָל, אַז איך בין געבוירן געוואָרן מיט פֿליגל. דו האָסט עס שוין נישט איינמאָל געזען, פֿליענדיק מיט מיר צוזאַמען. איך פֿיל מיך נענטער צו די וואָלקנס, ווי צו דער ערד... פֿאַרוואָס זאָל איך מורא האָבן? פֿאַר וועלכן זאָל איך זיך שרעקן? איך האָב שוין איבערגעלעבט אין דער לופֿט שטורעמס, שלאַקסרעגנס, הוראַגאַנען, נעפּלען געדיכטע, אַז מ'האָט נישט געזען אויף קיין צוויי מעטער פֿאַר זיך — און איך בין אַרויס גאַנץ! איך בין מיט עטלעכע חדשים צוריק אַ גאַנצע נאַכט געפֿלויגן איבער מישיקאַגאָ און דער אומגעגנט און נישט מיד געוואָרן — פֿאַרוואָס זאָל איך נישט באַווייזן אַריבערצופֿליען דעם אָקעאַן? ווען איך פֿלי זענען מיר איך און די מאַשין — איין וועזן. עס דוכט זיך מיר, אַז דער מאָטאָר פֿאָלגט מיך בעסער, ווי מיין אייגענע האַנט. די גאַנצע נסיעה דאַרף לויט מיין פּלאַן געדויערן העכסטנס צוויי מעת לעת. דאָס וועט דאָך זיין, מאַמע, דער גרעסטער נצחון, וואָס אַ מענטש קאָן ווען עס איז איבערלעבן אין זיין לעבן! שטעק זשע מיך נישט אָן מיט קיין צווייפֿל — איך זאָג דיר, איך פֿאַרזיכער דיר, אַז איך וועל

זינגן. האָב פאַר מיר נישט קיין מורא, עס קאָן זיין, אַז דו וועסט זיך נאָך פילן פאַר דער גליקלעכסטער מוטער אין דער וועלט. איך ווייס, אַז דו וועסט איבערלעבן מינוט פון שרעק פאַרן לעבן פון דיין זון, אָבער איך וואָלט געוואָלט, אַז די דאָזיקע מינוטן זאָלן ביי דיר אויך פאַרשווינדן ווערן און דו זאָלסט בטבע זיכער זיין, אַז דיין זון וועט קומען צום ציל, אַז ער וועט זיגן.

ער האָט גערעדט מיט אַזאַ היץ און באַגייסטערונג, אַז די מוטער, זייער שטאַרק גערירט פון זיינע רייד, האָט אים אַרומגענומען, אַריינגעקוקט אין די אויגן און געזאָגט:

— נו, גוט, מיין זון, איך וועל גלויבן אַזוי שטאַרק, ווי דו, ווייל מיין ליבע צו דיר וועט מיר געבן כח צו גלויבן אין דיין נצחון.

# אויפן פלי=פעלד

אין אָנהויב 1926 האָט לינדבערג שוין פעסט באַשלאָסן, אַז ער מוז דורכמאַכן די געוואָגטע לופט־רייזע. קודם כל האָט ער זיך גענומען צו שטודירן גענוי די אַטמאָספערישע און געאָגראַפישע באַדינגונגען פון אַטלאַנטישן אָקעאַן. ס׳איז נויטיק געווען צו באַקענען זיך מיט אַלע קאַפּריזן און שטימונגען פון דעם אָקעאַן, צו וויסן דעם גענויען וועג צו די אייראָפּעאישע ברעגעס. גאַנצע נעכט פלעגט לינדבערג זיצן איבער די קאַרטעס פון אָקעאַן, שטודירט די פאַרשידענע מעטעאָראָלאָגישע ביולעטינען, כדי זיך צו באַקענען מיט די וועטערן, וואָס הערשן אויפן אַטלאַנטיק.

אין דער „רעין איירקרעפט־קאָמפּאַני" האָט מען דערוויל געאַרבעט לינדבערגס אַעראָפּלאַן. דרייצן טויזנט דאָלאַר האָבן געגעבן פאַרשידענע רייכע לייט און צוויי טויזנט דאָלאַר

האָט לינדבערג געגעבן זיין אייגן געלט. איבער דער אַרבעט פון דעם פּליִ־אַפּאַראַט האָט געוואַכט לינדבערג אַליין. איבער יעדער קליינינקייט האָט ער געהאַט די איבּזיכט. א גאַנץ יאָר האָט געדויערט דאָס בויען דעם אַעראָפּלאַן. לינדבערג פלעגט כמעט יעדן טאָג אַריינקומען אין דער אַעראָפּלאַנען־פאַבריק, באַטראַכטן די פאַרענדיקטע אַרבעט און געבן נייע אָנווייזונגען. האָט לינדבערג באַמערקט, אַז עפּעס איז נישט אַזוי, ווי ער האָט אָנגעוויזן, האָט מען עס תּיכף געמוזט איבּעראַרבעטן.

גלייכצייטיק האָט ער זיך גענומען צוגעוואוינען נישט צו שלאָפן במשך פון 36 שעה. יעדן חודש פלעגט ער איינאָרדנען אַזעלכע שלאָפלאָזע 36 שעה. מ׳האָט געמוזט זיין צוגעגרייט צו זיין וואַך לכל־הפּחות צוויי מעת־לעת. איינשלאָפן אין מיטן פליען — וואָלט געהייסן גיין אויף א זיכערן טויט. די איבונגען אין שלאָפלאָזיקייט זענען דעם צוקונפטיקן אָקעאַן־דעראָבערער שטאַרק צונוץ געקומען.

אין אָנהייב 1927 איז דער אַעראָפּלאַן געווען פאַרטיק. ווען מ׳האָט דעם פליִ־אַפּאַראַט אַריינגעשלעפּט אין האַנגאַר, האָט אים לינדבערג געגלעטן, ווי עפּעס א טייערע זאַך, ווי א מוטער גלעט איר איינציק קינד. זיינע אויגן האָבן געלויכטן פאַר פרייד, ווען ער האָט באַטראַכט דעם מאָטאָר פון 225 פערד־קראַפט.

— ער וועט מיך נישט פאַרראַטן, — האָט ער געקלאַפּט דעם ריז איבערן קאַרק און געשמייכלט.

מ׳האָט די נייע מאַשין געדאַרפט אויספּרוּוון. לאָזן זיך מיט איר גלייך אין וועג אַריין, איבער די אומענדלעכע וואַסערן פון אָקעאַן, וואָלט געווען א צו געוואַגטער שריט. מען מוז זיך באַקענען מיט די קאַפּריזן פון מאָטאָר. יעדע מאַשין האָט פונקט, ווי א לעבעדיק וועזן, אירע קאַפּריזן און פאַרלאַנגען. ווענן דעם ווייסט לינדבערג זייער גוט.

דער אַעראָפּלאַן איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אין סאַן־דיעָ־

גאָ, אין קאַליפאָרניען. לינדבערג האָט זיך דאַן געלאָזט פון סאַן־דיעגאָ קיין סענט־לואיס און פון סענט־לואיס קיין ניו־יאָרק. אַריבערפליענדיק אַזוי אַרום מיט זיין נייעם עראָפּלאַן די גאַנצע ברייט פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט, וואָס מאַכט אויס אין יענעם אָרט איבער פיר טויזנט קילאָמעטער. פון סאַן־דיעגאָ ביז ניו־יאָרק האָט לינדבערג זיך אָפּגעשטעלט בלויז אין סענט־לואיס און אַדורכגעמאַכט די דאָזיקע קאָלאָסאַלע לופט־נסיעה במשך פון 28 שעה.

ווען דער יונגער, כמעט נאָך אומבאַקאַנטער לופט־פליער איז אַראָפּגעשטיגן אויפן ניו־יאָרקער לופט־פלי־פּלאַץ, אויפן באַקאַנטן „קורטיס־פעלד", האָבן אים אַרומגערינגלט באַקאַנטע פליער און אים פעסט געדריקט די האַנט. דער בלאָנדער, שמייכלענדיקער בחור האָט אַלעמען אַנטציקט. די רייזע פון פּאַציפישן ברעג ביזן אַטלאַנטישן איז נישט קיין קלייניקייט, פיר טויזנט קילאָמעטער איבער דער אַמעריקאַנער ערד איז נישט פון די לייכטע זאַכן. לינדבערג האָט באַקומען קאָמפּלימענטן. ווען ער האָט אָבער דערקלערט, אַז ער שטעלט זיך צום קאָנקורס אַריבערצופליען דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן, האָבן אים אַלע אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל.

— איר מיינט עס ערנסט? — האָט מען אים געפרעגט.

— נו, געוויס. איך האָב ספּעציעל געלאָזט בויען אַן עראָפּלאַן.

— אָבער צום קאָנקורס שטעלן זיך דאָך די גרעסטע ריזן פון אַמעריקאַנער לופט־פליער, — האָט מען אים געפרווט אָפּשוואַכן זיין חשק, — אַט האָט איר בירדן מיט זיין גיגאַנטישן פּאָקער־עראָפּלאַן, אָט גרייטן זיך שוין טשעמבערלען און לעווין מיט זייער גלענצנדער „בעלאַנסאַ", וועלכע איז פירציק שעה אָן אָפּרו געפלויגן איבער ניו־יאָרק, עס האָט זיך געשטעלט צום קאָנקורס אויך דער באַרימטער לופט־פליער

אַקאָסטאַ. צי האָט איר זיך בדעה צו פּאַרמעסטן מיט די דאָ־זיקע ריזן?

— איך וויל זיך מיט קיינעם נישט פּאַרמעסטן, איך וויל נאָר אויך פּרוּוון צו פּליען, — האָט לינדבערג באַשיידן גע־ענטפערט.

מ'האָט אים צום קאָנקורס צוגעלאָזט. לויט אַ גורל האָט ער געדאַרפט פּליען דער ערשטער. אַ סך האָבן געשמייכלט, ווען זיי האָבן אָנגעקוקט דעם יונגן, בלאָנדן פּילאָט מיט דעם קינדישן שמייכל אויפן פּנים, אַנדערע ווידער האָבן זיך באַ־צויגן ערנסט צו דעם מענטש, וואָס איז אַזוי שנעל אַריבער־געפלויגן די גאַנצע ברייט פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט. פאַר קיין געפערלעכן קאָנקורענט האָט מען אים אַפילו נישט גע־האַלטן, אָבער מיט זיינע פעיקייטן האָט מען זיך גערעכנט.

— אומזיסט די מי פון דעם דאָזיקן יונגן פליער, — האָבן אַ סך געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— אַ שאָד אַזאַ יונג לעבן זאָל אומקומען, — האָבן אַנ־דערע באַדויערט.

ס'זענען געווען אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן געפּרוּווט אָפּ־רעדן דעם דרייסטן יונגערמאַן פון זיין שריט, אָבער לינדבערג האָט בלויז געענטפערט מיט אַ שמייכל:

— ווען איך וועל אָנקומען קיין פּאַריז, וועל איך האָבן אַ ישוב־הדעת, צי איך זאָל מאַכן דעם פלי...

— דער דאָזיקער יונגערמאַן איז זייער שאַרפזיניק, — האָט מען גערעדט וועגן אים.

— אָן זיכער אין זיך, ווי ער וואָלט געווען אַן אָדלער,— האָבן אַנדערע צוגעגעבן.

עטלעכע טעג האָט לינדבערג פאַרבראַכט אין דער גע־זעלשאַפט פון די אָנטיילנעמער אין פלי־קאָנקורס, ווי בירד, טשעמבערלען, אַקאָסטאַ. אויף זיי האָט לינדבערג געמאַכט

זייער א גוטן איינדרוק, מיט זיין הארציקער באציאונג און פשטות האט ער געוואונען אלעמענס סימפאטיע. זיי האבן זיך געוואונדערט, ווי אזוי ס'איז מעגלעך, אז דער דאזיקער ליבנסווירדיקער בחור, וועמען עס פאסט ענדער, לויטן אויס־זען, צו זיין א פארטענצער אין אן עלעגאנטן קאבארעט, זאל זיך גרייטן דורכצומאכן אזא געפערלעכע עפאכע־מאכנדיקע נסיעה.

דעם 19־טן מאי איז לינדבערגס עראפלאן, דער „ספּיריט אָף סען־לואיס", שוין רייזע־פארטיק. אין גרויסן רעזערוואר געפינט זיך שוין 2030 ליטער בענזין, דער עראפלאן ווערט אנגעפילט מיט אלע נויטיקע מכשירים, זאפאסן עסנווארג און עטלעכע פלעשער קאניאק. לינדבערג באטראכט נאכאמאל יעדעס שרייפעלע און קאנטראלירט די מאטארן. ער איז ערנסט און שווייגנדיק. די, וואס האבן אים געזען פריער, דערקענען אים פשוט נישט. עס איז שוין מער נישט דער שמייכלענדיקער בחור, נאר א קאנצענטרירטער אין זיך, ערנסטער מאן. מ'זעט, ווי ער גיט זיך אפ א דין־וחשבון פון דער גרויסקייט פון זיין אויפגאבע.

— מארגן פינף א זייגער פארטאג פליט איר אפ, — מעלדעט אים דער סעקרעטאר פון דער געזעלשאפט, וואס ארדנט איין דעם פלי־קאנקורס.

אין אוונט עסט לינדבערג רואיק דאס אוונטברויט אין א נויארקער רעסטאראן. „איז עס דאס לעצטע אוונטברויט אין זיין לעבן?" גיט א פלי אדורך א געדאנק. ער גיט זיך א שמייכל, ווי ער וואלט אפגעהוזקט פון דעם דאזיקן טראכטן. ער שיקט אוועק אהיים א דעפעשע:

„טייערע עלטערן, מארגן, פינף א זייגער פארטאג פאר־לאז איך די אמעריקאנער ברעגעס, ווען מיין אנקומען קיין פאריז וועט איר זיך זיכער דערוויסן פון די צייטונגס־דעפעשן". •

אַ קורצע מעלדונג — נישט מער. ער געזעגנט זיך נישט און שפּילט זיך נישט אין קיין סענטימענטאַלע ווערטער. פאַרקערט, ער איז זייער מונטער און איז זיכער, אַז העכסטנס איבערמאָרגן וועט ער זיין אין פּאַריז.

אַ פריינט קומט אַריין אין רעסטאָראַן און באַגריסט זיך מיט לינדבערגן.

— נו, טשאַרלי, ווען גרייסטו זיך צו דיין גרויסן פלי? — פרעגט יענער מיט אַ טאָן, אין וועלכן עס פילט זיך אַ געוויסע דאָזע איראָניע.

לינדבערג פילט עס, אָבער ער מאַכט זיך גאָרנישט דער־פון און ענטפערט באַשיידן:

— מאָרגן פינף אַ זייגער פאַרטאָג פלי איך אָפּ קיין פּאַריז.

— וואָס רעדסטו? — גלאָצט יענער אויף אים אויס אַ פּאָר פאַרוואונדערטע אויגן, — שוין מאָרגן פאַרטאָג? און דו זיצסט דאָ רואיק ביי אַ גלעזל קאַווע?

— איך גיי באַלד אין־האָטעל אַריין זיך אויסשלאָפן, — ענטפערט לינדבערג מיט אַ שמייכל.

דעם האָטעל־פּאַרטיער זאָגט ער אָן, אַז ער זאָל אים אויפ־וועקן פּינקטלעך אַ פערטל אויף דריי ביינאַכט.

— דער הער פליט שוין מאָרגן אָפּ? — פרעגט דער פּאַרטיער און קוקט מיט אַ באַהאַלטענעם באַדויערן אויפן עלעגאַנט־געקליידעטן יונגנמאַן.

— יאָ, מאָרגן פינף פאַרטאָג.

— ס'דרייט מיר אָן צו שווינדלען אין קאָפּ... — באַ־מערקט אין פאַרלעגנהייט דער פּאַרטיער. ער וויל עפּעס זאָגן, נאָר ער איז נישט דרייסט, ענדלעך שיסט ער אַרויס, — איך וואָלט זיך נישט איינגעשטעלט צו מאַכן אַזאַ נסיעה... אַ שאָד, אַזאַ יונגערמאַן, ווי איר וואָלט דאָך געקאָנט וויכטיקערע זאַכן טאָן...

— דהיינו? — פרעגט לינדבערג און דער לייטענאַנט שמייכל פאַרלאָזט נישט זיין פּנים.

— נו... התונה האָבן מיט אַ רייך מיידל... — שטאַמלט אַרויס דער פּאָרטיער.

— איך וועל עס טון, ווען איך וועל צוריקקומען פון מיין נסיעה, — ענטפערט לינדבערג מיט אַ געלעכטער.

— הלואי זאָלט איר צוריקקומען געזונט, — הער לינדבערג, — האָט דער פּאָרטיער געענטפערט מיט אַ טאָן פון באַדויערן.

— אַלזאָ, איר וועקט מיך אַ פערטל אויף דריי! — זאָגט לינדבערג נאָכאַמאָל אָן.

ער שלאָפט געשמאַק. ווי נאָר דער פּאָרטיער וועקט אים אויף, טוט ער זיך אייליק אָן אין זיינע לופטפליערישע מלבושים. ס'איז נאָך נאַכט. דער אויטאָ פאָרט שנעל דורך די שלאָפנדיקע גאַסן פון ניו־יאָרק. באַלד איז מען אויף דעם רי־זיקן פלי־פעלד, וואו עס איז ליפטיק און רוישיק. נישט געקוקט אויף דער שפּעטער נאַכט־שעה, איז אויפן העל־באַלויכטענעם פעלד פאַרזאַמלט אַ ריזיקער עולם נייגעריקע, כדי ביייצוזיין די סצענע פון לינדבערגס אָפּפליען.

עס הייבט אָן צו פאַלן אַ רעגן. דער עולם ווערט אומרויק. צי וועט מען נישט צוליבן רעגן אָפּלייגן די נסיעה? אָבער לינדבערג האָט נישט בדעה צו וואַרטן נאָך אַ טאָג. ער האָט שוין שטאַרקן רייזע־פיבער, אָדער בעסער געזאָגט — „פלי־פיבער“, ער וויל שוין זיצן אין דער מאַשין און זי לאָזן אין באַוועגונג.

ער שטייט נעבן אַעראָפּלאַן און דערלייידיקט די לעצטע פאָרמאַליטעטן. מ'דערלאַנגט אים בלומען און ער נעמט זיי צו מיט אַ דאַנקבאַרן שמייכל. אַלע פּילאָטן, איינגעלאַדענע געסט רינגלען אים אַרום, מען וואונטשט אים, אַז ער זאָל גליקלעך

איבערקומען דעם וועג. לינדבערג ענטפערט אַלעמען מיט איין וואָרט:

— אָל רייט! ס׳וועט זיין גוט.

עס הערט נישט אויף צו רעגענען. די גרויסע עלעקטרישע לאָמפּן זענען איינגעהילט אין אַ רעגן־נעץ. די לעדערנע מלבו־שים אין דער לעדערנער העלם אויף לינדבערגס קאָפּ גלאַנצן פון דער נעץ. עפּעס אַ מאָדנע, אומהיימלעכע שטימונג באַפאַלט אַלעמען אַרום צוליב דעם רעגנדיקן וועטער.

— אַט האָט איר אַ שיפּסקאַרטע אויף צוריקצופאָרן קיין אַמעריקע, — ווענדט זיך צו אים איינער פון די איינאָרדנער פון קאָנקורס.

— איך וועל די שיפסקאַרטע זיכער אויסנוצן, — פאַר־זיכערט לינדבערג מיט אַ שמייכל, — אַ סך פון אייך טראַכטן אפילו: צו וואָס טויג מיר די שיפסקאַרטע? אָבער מיינע הערן, מאָרגן אין אָוונט בין איך אין פּאַריז!

מען דריקט אים די האַנט, אַ סך צוקושן זיך מיט אים. ער הויבט אָן צו טאָן. לינדבערג קריכט אַרויף אויפן אַעראָ־פּלאַן און שפּרינגט אַריין אינעווייניק. ער מוז זיך גוט איינ־קוועטשן. ס׳איז קוים דאָ אָרט פאַר איין מענטש. מ׳זעט בלויז אַרויסשטעקן זיין קאָפּ. אין דעם לעדערנעם העלם מיט די אויגן־גלעזער זעט ער אויס, ווי עפּעס אַ לעגענדאַריש באַשעפעניש.

ס׳ווערט ליכטיקער אויפן פלי־פּלאַץ. ס׳רייסט זיך אַרויין אַ גרויע, נעפּלדיקע ליכטיקייט. דער רעגן הערט אַלץ נישט אויף. עס דערהערט זיך אַ מעכטיק ברומען פון דעם מאָטאָר. דער אַעראָפּלאַן ווערט לעבעדיק און הויבט־אָן צו קלאַפּן און פייקן, דאָס נעטראַכקעדיי און ברומעריי פון דעם מאָטאָר ווערט שטאַרקער פון מינוט צו מינוט.

די ריזיקע מאַשין קאָן זיך אָבער קוים באַוועגן. זי איז דאָך באַלאָדנט מיט 2030 ליטער בענזין, 125 ליטער אייל און

ארי אייגענע וואָג איז אויך גענוג שווער. מען שפּאַנט איין צוויי אויטאָמאָבילן, וועלכע זאָלן אַ ווײַלע שלעפּן דעם אַעראָפּלאַן, כדי אים צו געבן די געהעריקע שטורם־קראַפט צום אָפּפליען.

דער שטאָלערנער ריז נעמט לויפן איבערן גלאַט־אַספאַלטירטן פעלד. דער פאַרזאַמלטער עולם הייבט אָן נאָכצולויפן דעם אַעראָפּלאַן, כּדי צו זיין נעבן אים נאָנט, ווען ער וועט זיך אויפהייבן. די מאַשין קרעכצט און ברומט, ווי אַ פאַרוואונדעטע חיה. זי לויפט מיט אַ שווערן טעמפּאָ איבערן פעלד און ס׳דוכט זיך, אַז זי וועט זיך נישט אָפּרייסן פון דער ערד. אָט הייבט זי זיך אויף אויף עטלעכע צענטימעטער און לאָזט זיך ווידער אַראָפּ, קרעכצנדיק און קלאַפּנדיק.

כמעט, מער ווי דרייפירטל פעלד איז שוין דער אַעראָפּלאַן אָפּגעלאָפן און זיך אַליין נישט אויפגעהויבן. אויב ער זאָל אַזוי ווייטער לויפן מיט דעמזעלבן אימפּעט, וועט ער מיט דער גאַנצער קראַפט אויף אויפן געמויערטן פּאַרקאַן, וואָס רינגלט אַרום דעם פּלי־פּלאַץ און צעשמעטערט ווערן אויף פּיצלעך.

אַ שוידער גייט אַלעמען אַדורך דורכן לייב. דער אַעראָפּלאַן איז שוין העט ווייט אויפן ריזיקן פעלד, אָבער ער האָט זיך נאָך אַליין נישט אויפגעהויבן. אַ סך מענטשן פאַרבערגן אין פאַרצווייפלונג די הענט, עטלעכע רופן אויס:

— ער וועט אומקומען, נאָך איין מינוט און ער ווערט צעשמעטערט!

לינדבערג פילט אויך די געפאַר, אָבער ער איז רויִק און קאַלטבלוטיק. דער אַעראָפּלאַן האָט ציפיל משא. אויפן וועג וועט לייכטער ווערן, די בענזין וועט זיך דאָך אויסנוצן. אָבער דערווייל איז שווער צו רירן דעם ריז פון אָרט. לינדבערג לאָזט אין גאַנג אַלע מאָטאָרן. די מאַשין הייבט אָן געוואַלדיק צו שפּרינגען, דאָס געטראַסקעריי און דונערן פון

עראָפּלאַן ווערט אַזוי שטאַרק, אַז אַלע מוזן זיך צוהאַלטן די אויערן. מ'האָט דעם איינדרוק, ווי דער ריז וואָלט געמאַכט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען, כּדי זיך אָפּצורייסן פֿון דער ערד.

אָט איז ער שוין נישט ווייט פֿון פּאַרקאַן, נאָך צוויי צענדליק סעקונדן און ער ווערט צושמעטערט אָן דער געמויערטער וואַנט. אָבער אָט גיט ער זיך פּלוצלונג אַ רייס אָפּ פֿון דער ערד, ווי אַ שפּרינג־פּילקע און רייסט זיך אַרויף גלייך אין דער בלייערנער געדיכטקייט פֿון די וואָלקנס.

אַ געשריי פֿון פֿרייד און באַגייסטערונג רייסט זיך אַרויס פֿון הונדערטער העלזער. עס פֿאָכען טיכלעך, קאַפּעלושן, שירעמס. דער עראָפּלאַן הייבט זיך אַלץ העכער און טראָגט זיך שוין איבער די ניו־יאָרקער וואָלקנקראַצערס. אַלע שטייען נאָך אומבאַוועגלעך מיט פֿאַרריסענע קעפּ צום הימל און לאָזן נישט אָפּ פֿון אויג דעם שטאָלערנעם פֿויגל, וואָס לאָזט זיך אין אַזאַ ווייטן, געפֿערלעכן וועג. אַ מאָדנע געפֿיל באַהערשט אַלעמען. עס דוכט זיך, ווי דער דאָזיקער אַעראָפּלאַן וואָלט אַוועקגעפֿלויגן אין עפּעס אַן אומבאַקאַנטע, סודותפֿולע וועלט, פֿון וואַנען דער צוריקקער איז זייער צווייפֿלהאַפֿט.

די לעבעדיקע בליקן גראָבן זיך נאָך אַלץ טיפֿער איין אין דער ווייטקייט: נאָך אַ בליק, דעם לעצטן בליק! ווער ווייסט, צי מ'וועט אים נאָך זען, דעם דאָזיקן בלאָנדן, שמייכלענדיקן בחור? דער אַעראָפּלאַן ווערט אַלץ קלענער און קלענער, ער זעט שוין אויס, ווי אַ פֿליג. באַלד פֿאַרשווינדט ער אינגאַנצן אונטער דער געדיכטקייט פֿון די וואָלקנקראַצערס.

דער עולם צוגייט זיך. די שטימונג איז אַ שווערע. אַ סך זאָגן אַרויס די מיינונג, אַז לינדבערג וועט זיך אומקערן. אַ טייל שאָקלט מיטן קאָפּ: „הלוואי זאָל ער צוריקקומען. ווער ווייסט, צי ער וועט בכלל צוריקקומען?"...

און דער רעגן הערט אַלץ נישט אויף צו פֿאַלן. ;

# ניו־יאָרק און פּאַריז אין דערוואַרטונג

גאַנץ ניו־יאָרק איז געשפּאַנט. די טעמע פון טאָג איז: צי וועט לינדבערג אַדורכפליען, צי נישט? אין די פאַבריקן, ביוראָען, רעגירונגס־אַמטן גייט אַ געוועט. מען שטעלט איין טויזנטער דאָלאַרן. פאַר די רעדאַקציעס פון די צייטונגען שטייען מאַסן מענטשן און וואַרטן אויף די ערשטע ידיעות. אויף די פּלעצער זענען אויפגעשטעלט ראַדיאָ־הילכערס, וועלכע דאַרפן כסדר אינפאָרמירן וועגן דעם פאַרלויף פון דער לופט־נסיעה. אַרום די ראַדיאָ־הילכערס זענען פאַרזאַמלט טויזנטער מענטשן.

די ערשטע ידיעה:

— פון דער שטאָט בריינטסוויל מעלדעט מען, — שרייען אויס די ראַדיאָ־הילכערס, — אַז מ'האָט דאָרטן געזען פליען לינדבערגס עראָפּלאַן. לינדבערג פליט זייער נידעריק און זייער שנעל.

דער עולם יובלט, עס הערן זיך בראַוואָ־פאַטשעריען.

עס גייען אַדורך שעהן. די ראַדיאָ־הילכערס שווייגן. דער עולם איז אומגעדולדיק. אויף די פּנימער זעט מען שרעק און צווייפל. אַ סך לויפן צו די טעלעפאָנען, מען שטורעמט די רעדאַקציעס, די ראַדיאָ־סטאַנציעס:

— איז דאָ עפּעס אַ ידיעה וועגן לינדבערגן?

— ניין, דערווייל איז קיין שום ידיעה נישטאָ.

די זיבן מיליאָניקע שטאָט ווערט אומרואיקער פון מינוט צו מינוט. האַלב ניו־יאָרק זיצט ביי די ראַדיאָ־אַפּאַראַטן. אַט הערט מען פּלוצלונג אַ ידיעה, וועלכע ווערט אויפגענומען מיט גרויס אומרואיקייט:

— די מעטעאָראָלאָגישע סטאַנציעס מעלדן, אַז נאָענט פון

די אמעריקאַנער ברעגעס, אין דער געגנט פון נײ־ענגלאַנד הערשט אַ געדיכטער נעפּל און אַ רעגן.

— ער וועט זיך אומקערן! — הערן זיך שטימען.

פלוצלונג ווערן אַלע עלעקטריזירט — אַ צווייטע ידיעה:

— האַלאָ, פון האַליפאַקס סיגנאַליזירט מען, אַז מ'האָט נאָר וואָס געזען דורכפליען לינדבערגס עראָפּלאַן איבער מע־טעגען און ניו־מעסקעט. לינדבערג פליט כסדר נידעריק און זייער שנעל.

די שפּאַנונג וואַקסט פון שעה צו שעה. מיליאָנען מענטשן האָבן אין זינען איין נאָמען: לינדבערג. יעדע מינדסטע ידיעה, וואָס האָט אַ שייכות צו לינדבערגן, ווערט אויפגעכאַפּט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. נעכטן נאָך האָט קיינער נישט גע־הערט דעם דאָזיקן נאָמען און איצט פליען די אותיות פון וואָרט לינדבערג איבער אַלע טעלעגראַפישע דראָטן פון דער וועלט.

11 בייטאָג קומט אָן אַ פרישע ידיעה. מ'כאַפּט זי אויף, ווי עפּעס אַ גרויסע בשורה: אין דער שטאָט מילפאָרד האָט מען געזען אַדורכפליען לינדבערגס עראָפּלאַן. זעט אויס, אַז ער פליט אין דער ריכטונג צו צפון און דערנאָך וועט ער פאַר־קירעווען צום אָקעאַן. עס קומען אָן נייע ידיעות פון נאָך אַ רייע אינזלען און שטעט, אַז מ'האָט דאָרטן געזען דעם „ספּי־ריט אָף סען־לואיס".

דריי אַ זייגער בייטאָג (לויט דער ניו־יאָרקער צייט) הערן אויף אָנצוקומען וויטערדיקע ידיעות. לינדבערג איז שוין איבערגעפלויגן דאָס לעצטע פּיצל ערד פון אַמעריקאַנער קאָנ־טינענט, ער האָט שוין הינטער זיך די אינזלען, וואָס ליגן נעבן די אַמעריקאַנישע ברעגעס — אַזוי מעלדעט מען פון לעצטן אָבסערוואַציע־פונקט, פון סען זשאַן. ס'איז קלאָר, אַז איצט געפינט זיך שוין דער העלד צווישן הימל און וואַסער,

איינער אליין מיט זיין מאשין איבער די שוימיקע כוואליעס פון אקעאן.

ווייטערדיקע ידיעות קאנען נאר אנקומען פון די אינזלען, וואס ליגן נאנט צו די אייראפעאישע ברעגעס. דערווייל געפינט זיך לינדבערג אין די הענט פון דער אקעאן־סטיכיע. די ראדיא־הילבערס שווייגן. די פארזאמלטע מאכן ביי די רעדאקציעס ווערן גרעסער פון מינוט צו מינוט. מ׳ווארט אויף נייע ידיעות. אבער קיין ידיעות זענען נישטא. קיינער קאן נישט זאגן וואס מיט לינדבערג איז געשען. צי פליט ער ווייטער, אדער, אפשר, קערט ער זיך אום צוריק.

— און ווער ווייסט, צי ער ליגט נישט מיט זיין אעראָפלאן אין די טיפענישן פון אקעאן, — הערן זיך שטימען.

די צאל פון די סקעפטיקער איז גרעסער פון דער צאל גלויביקער. זעלטן ווער עס גלויבט, אז דער פלי זאל געלינגען. א קלייניקייט — דורכצומאכן אזא מהלך אין דער לופטן איבער דעם ריזיקן אקעאן און נאך דערצו — א יי נ ע ר א ל יי ן! ס׳איז גענוג, אז לינדבערגן זאל שלעכט ווערן, ער זאל פארלירן דאס באוואוסטזיין, אדער דער אפאראט זאל אויף עטלעכע רגעס אויפהערן צו פונקציאנירן — דאן פאלט ער אראפ אין די תהומות פון אקעאן.

אין דערזעלבער צייט, ווען גאנץ ניו־יארק ווארט מיט צאפל און אומגעדולד אויף ידיעות וועגן לינדבערגן קומט פאר אויף דעם גרעסטן פלאץ פון דער שטאט א באקסער־מעטש. פירציק טויזנט מענטשן זענען פארזאמלט אויפן דאזיקן מעטש. אבער קיינער האט נישט אין זינען דעם באקסן־קאמף. אלע שמועסן וועגן לינדבערגן. דער קאמף גייט דעריבער צו פויל און נישט אינטערעסאנט. בעת דער פויזע מעלדן די איינאָרדנער פון מעטש דורך די ריזיקע מעגאפאנען, וואס זענען אוועקגעשטעלט אויפן פלאץ:

— פארזאמלטע, לאמיר זיך אלע אויפשטעלן פון די

ערטער און זאָגן אַ שטילע תפילה, אַז טשאַרלז לינדבערג זאָל בשלום אָנקומען קיין פּאַריז...

און אַלע פירציק טויזנט פּאַרזאַמלטע מענטשן, וואָס געפינען זיך אויפן פלאַץ שטעלן זיך אויף פון די ערטער און מורמלען אַ תפילה פאַר לינדבערגן. אַלע זענען דורכגענומען מיט איין געפיל: זאָל ער זיגן, זאָל דער העלד איבערקומען אַלע געפאַרן. אָ, וויפיל געפאַרן עס לויערן אויף דעם איינזאַמען מענטש, וואָס זיצט איינגעקוועטשט אין דער שטאָלערנער מאַשין און טראָגט זיך איבער אומענדלעכע וואַסערן פון אָקעאַן, צווישן הימל און ברויזנדיקע כוואַליעס!

ס'איז שוין פאַרנאַכט. מענטשן גייען פון די פאַבריקן. די אונטערערדישע באַנען זענען פול געפּאַקט. מ'זוכט אין די צייטונגען עפּעס אַ ידיעה וועגן לינדבערג, מ'פרעגט איינער דעם אַנדערן, די טעלעפאָנען פון די רעדאַקציעס הערן נישט אויף צו קלינגען, די ראַדיאָ־הילכערס זענען פשוט באַלאַגערט מיט ריזיקע מחנות.

— וואָס הערט זיך מיט לינדבערגן? איז עפּעס דאָ וועגן אים אַ ידיעה? — פרעגט מען פון אַלע זייטן.

אָבער ס'איז איצט נישטאָ קיין מענטש אויף דער וועלט, וואָס זאָל קאָנען זאָגן וואָס מיט לינדבערגן איז, צי לעבט ער נאָך, אָדער ליגט ער שוין טויט אויפן דעק פון אָקעאַן.

עס גייען אַוועק שעהן נאָך שעהן און עס איז פון ערגיץ נישטאָ דער מינדסטער סיגנאַל. די ריזיקע מיליאָנען־שטאָט צאַפּלט פאַר אומגעדולד, אָבער פון די וווייטע מרחקים פון אָקעאַן איז נישטאָ קיין שום בשורה: לעבט נאָך דער העלד, אָדער איז ער שוין טויט.

אַ גאַנצע נאַכט פון 20־טן אויפן 21־טן מאַי זענען די גאַסן פון ניו־יאָרק באַלעבט, ווי אין מיטן העלן טאָג. קיינער קאָן נישט שלאָפן. אַלץ וואַרט אויף עפּעס אַ ידיעה. די ראַדיאָ־הילכערס, וועלכע זענען טעטיק אַ גאַנצע נאַכט, מעלדן יעדע

האַלבע שעה, אַז דערווייל איז קיין ידיעה פֿון „ספּירים אָף סען-לואיס'' נישט פאַראַן, וואַרשיינלעך געפינט זיך נאָך לינד־בערג אין מיטן אָקעאַן.

— ער איז שוין זיבער אויף דער וועלט נישטאָ, — הערן זיך שטימען.

אָבער פּלוצלונג זעקס אינדערפרי צושרייען זיך אַלע ראַ־דיאָ-הילכערס:

— האַלאָ, האַלאָ, נאָר וואָס איז אָנגעקומען אַ פּונקט־דעפּעשע פֿון דער שיף „הילבערס'', אַז זי האָט געזען לינד־בערגס עראָפּלאַן אויף אַ שטח פֿון 800 קילאָמעטער ווייט פֿון די ברעגעס פֿון אירלאַנד.

הייסט עס, אַז לינדבערג לעבט נאָך, אַז ער פֿליט נאָך, אַז ער האָט שוין דורכגעמאַכט צוויי דריטל וועג. אָבער נאָך 800 קילאָמעטער דאַרף דער העלד בייקומען איבערן אָקעאַן און זיבן הונדערט קילאָמעטער איבערן אייראָפּעאישן קאָנטי־נענט. עס קאָנען נאָך געשען פאַרשידענע שטרויכלונגען, דער אָקעאַן קאָן אין דער לעצטער מינוט זיך נוקם זיין איבער דעם דרייסטן מענטש, וואָס האָט געוואַגט אים צו באַזיגן.

פונדעסטוועגן אָטעמען אַלע לייכטער אָפּ. די ידיעה, וואָס מ'האָט באַקומען פֿון דער שיף „הילבערס'' דערפרייט אַלעמען. די גרעסטע מניעות איז דער עראָפּלאַן בייגעקומען. לינד־בערג איז שוין נאָנט פֿון די ברעגעס פֿון אייראָפּע. באַלד וועט, מן-הסתם, אָנקומען די איבעראַשנדע ידיעה, אַז לינדבערג איז אָנגעקומען אויפֿן פאַריזער לופֿט-פֿליפּלאַץ.

ס'איז דער 21־טער מאַי. די ניו־יאָרקער גאַסן זענען באַ־לאַגערט פֿון מענטשן. ביי די לאָקאַלן פֿון די רעדאַקציעס מיט זיך הושך. אַרום די ראַדיאָ-הילכערס וואַרטן צענדליקער טויזנטער נייגעריקע. די מיליאָנען-שטאָט איז עלעקטריזירט.

ס'גייען ווידער פאַרביי עטלעכע שעה און קיין שום ידיעה איז נישטאָ. די טעלעגראַפישע סטאַציעס פֿון ניו־יאָרק פרעגן

אַלע ווייל אָן פּאַריז, אָבער פֿון דאָרטן ענטפֿערט מען, אַז פֿון לינדבערגן איז נישטאָ קיין שום סיגנאַל, קיין שום צייכן. די שטימונג ווערט אַ שווערע, אַ נידערגעשלאָגענע. אַ סך פֿאַרלירן שוין די האָפֿענונג צו הערן עפּעס אַ ידיעה וועגן לינדבערגן.

— נו, וואָס, — שאָקלט מען סקעפּטיש מיט די קעפּ, — לינדבערגס גורל וועט זיין דערזעלבער, וואָס דער גורל פֿון נענזשעסער און קאָלי. דער אַטלאַנטיק וועט זיך אַזוי לייכט נישט לאָזן בייקומען.

עס גייען ווידער אַדורך שעהן אין צאַפּלדיקער, אומגעדולדיקער דערוואַרטונג. פֿון דעם העלד איז קיין ידיעה נישטאָ.

* *
*

אויך פּאַריז דערוואַרט מיט אומגעדולד דעם העלד. לינדבערג דאַרף זיין דער, וואָס וועט נקמה נעמען פֿאַרן טויט פֿון די פֿראַנצויזישע לופֿטפֿליער, נענזשעסער און קאָלי. וועט ער זיין — וועט עס זיין דער טריאומף פֿון דער גאַנצער מענטשהייט. גאַנץ פּאַריז וואַרט אויפֿן אָנקום פֿונם העלד, ווי אויפֿן דערשיינען פֿון אַן איבערערדישער דערשיינונג, ווי עס וואָלט זיך געדאַרפֿט באַווייזן אַ גאַסט פֿון אַן אַנדער פּלאַנעט.

דעם דאָזיקן שבת פֿון 21־טן מאַי 1927 וועלן די פּאַריזער איינוואוינער לאַנג געדענקען. צענדליקער טויזנטער מענטשן האָבן זיך פֿאַרנאַכט אַ לאָז געטאָן צום פֿלי־פֿלאַץ אין לע־בורזשע. ס'איז אוממעגלעך איינצוהאַלטן דעם שטראָם מענטשן. אַרום פֿלי־פֿלאַץ, וועלכער איז העל באַלויכטן שטופּן זיך און שטויסן זיך, שרייען און ליאַרמען ריזיקע מחנות מענטשן. דער פֿלי־פֿלאַץ איז אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצן באַ־

טאַליאָן סאָלדאַטן און אַ סך אָפּטיילונגען פּאָליציי. מען לאָזט קיינעם נישט אַריין אויפן שטח פון פלי־פּלאַץ.

דער ספּעציעל־געשאַפענער קאָמיטעט איבערצונעמען לינד־בערגן גרייט זיך שוין צו האַלטן די באַגריסונגס־רעדעס. עס וואַרטן שוין דאָ אויף דעם איבערגעוויינלעכן גאַסט דער אַמע־ריקאַנער אַמבאַסאַדאָר, פאָרשטייער פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, פאַרשידענע דעלעגאַציעס, העכערע מיליטער־לייט. אַלע זענען אין פיבערהאַפטער דערוואַרטונג. מאָדנע געפילן לויפן איבער יעדער איינעם. „ס'דוכט זיך, ווי דאָ וואָלט גע־דאַרפט קומען אַ שליח פון די איינוואוינער אויפן מאַרס״, דריקט זיך אויס אַ פראַנצויזישער זשורנאַליסט.

עס קומען אָן ידיעות, אַז מ'האָט שוין לינדבערגס אַעראָ־פּלאַן געזען פליען איבער אירלאַנד. אַלע נעמען אַרויס די זייגערס. מ'רעכנט אויס, אַז אין דריי שעה אַרום דאַרף שוין לינדבערג זיך באַווייזן איבער פּאַריז. די שעהן ציען זיך לאַנג און ביטער. מ'וואַרט אויף ווייטערדיקע ידיעות. וואו געפינט זיך לינדבערג, איבער וועלכע שטאָט פליט ער שוין?

עס גייען פאַרביי די דריי שעה און עס איז נישטאָ קיין שום ידיעה. די גאַנצע אומגעגנט אַרום לע־בורזשע ווערט באַ־לויכטן מיט רעפלעקטאָרן, עס ווערט אויך באַנוצט אַ ספּעציעל אויסגעבויטער רעפלעקטאָר, וואָס וואַרפט זיין ליכט אויף אַ ווייטקייט פון 200 קילאָמעטער.

קיין ידיעה פון לינדבערגן איז אָבער נישטאָ. מ'הערט נישט פון ערגעץ קיין סיגנאַל, אַז דער אַעראָפּלאַן זאָל זיך דערנענטערן. עס פליען אַרויס עטלעכע פראַנצויזישע אַעראָ־פּלאַנען מקבל פּנים זיין לינדבערגן, זיי קומען אָבער אין אַ שעה אַרום צוריק און מעלדן, אַז אויף אַ שטח פון צוויי הונדערט קילאָמעטער האָבן זיי קיין שום אַעראָפּלאַן נישט אָנגעטראָפן.

זאָל לינדבערג האָבן אומגעקומען, האַלטנדיק שוין ביים ציל? זאָל ער האָבן אַראָפּגעפאַלן ערגעץ אויף אַ פעלד, אָדער

אַריינגעפאַלן אין אַ טייך? ווי איראָניש וואָלט דאָס געקלונגען — אַריבערגעפלויגן דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן און האַרט ביים ציל געפינען דעם טויט!

די צענדליקער טויזנטער מענטשן אַרום פליפלאַץ האַלטן פאַרריכטן די קעפּ אין דער הויך. דער הימל איז אַזוי שטאַרק באַלויכטן פון די רעפלעקטאָרן, אַז מ'האָט דעם איינדרוק, אַז ס'איז טאָג. מ'זעט אַלץ קלאָר אין דייטלעך אויפן האָריזאָנט. די הערצער קלאַפּן האַסטיק, די אומגעדולדיקייט שטייגט פון מינוט צו מינוט. עס הערן זיך צווישן ריזיקן עולם אַזעלכע שטימען:

— מיר וואַרטן אומזיסט, ער מוז שוין ערגעץ ליגן אַ צעשמעטערטער מיטן אַעראָפּלאַן.

— אַזויפיל מענטשן האָבן שוין געמאַכט פרוון אַריבערצופליען דעם אָקעאַן און די אַלע פרוון האָבן זיך געענדיקט מיט אַ דורכפאַל. חדשים לאַנג האָט מען צוגעגרייט עקספּעדיציעס און דעם אָקעאַן בייקומען איז געווען אוממעגלעך. וויל עס דער דאָזיקער לינדבערג באַווייזן די קונץ?

— איין מענטש פון אַמעריקע קיין איראָפּע — דאָס איז דאָך אַן אומזין! ס'גלויבט זיך נישט, אַז דער דאָזיקער מענטש זאָל אַפילו האָבן דערגרייכט די ברעגעס פון איראָפּע.

— דאָס מוז זיין אַ משוגענער. ווי שטעלט זיך איין איינציקער מענטש איין צו מאַכן אַ נסיעה אין אַן אַעראָפּלאַן איבערן אָקעאַן? דאָס איז אַ זיכערע מפּלה.

ס'זענען אָבער אויך געווען צווישן עולם אַזעלכע, וואָס האָבן געגלייבט, אַז לינדבערג וועט אָנקומען בשלום, אַז ער וועט זיך באַלד באַווייזן מיט זיין אַעראָפּלאַן.

פּלוצלונג שפּרינגען אַלע אויף, מען פאַרדרייט ווידער די קעפּ אין דער הויך, מ'האַלט איין דעם אָטעם. עס הערט זיך אַ ווייט ברומען פון אַן אַעראָפּלאַנמאָטאָר. די רעפלעקטאָרן וואַרפן אַרויס בלענדנדיקע כוואַליעס ליכט.

— ס'איז ער! ס'איז לינדבערג! — הערט זיך דאָ און דאָרט אַ געשריי.

אָבער באַלד זענען אַלע אַנטוישט. ס'איז נאָר אַן אַעראָ־פּלאַן פון שערבורג, וועלכער ברענגט די ידיעה, אַז ענגלישע פישער זאָלן האָבן געזען שווימען אויפן ים אַ צעבראָכענעם פליגל פון אַן אַעראָפּלאַן. דער פליגל האָט געהאַט אַ זילבער־גרויע קאָליר.

— זאָל עס זיין דער פליגל פון לינדבערגס אַעראָפּלאַן? — גיט אַלעמען אַ קלאַפּ אין האַרץ. — דער „ספּיריט אָף כען־לואיס" האָט טאַקי אַ זילבער־גרויע קאָליר. זאָל לינדבערג האָבן אומגעקומען נאָענט פון די ענגלישע ברעגעס?

עס הערשט אַ שווערע שטימונג. ס'גייט ווידער פאַרביי אַ האַלבע שעה. קיין שום ידיעה, קיין שום סיגנאַל. אַלץ איז שטיל. דער גענאַרטער שטאָלערנער פויגל באַוויזט זיך נישט. עס הויבט זיך אויס, ווי מען וואָלט איבערגעלעבט אַ פאַנטאַ־סטיש מעשהלע. אַ לעגענדאַרישער העלד דאַרף זיך באַווייזן און איז נישטאָ. האָסט דעם איינדרוק, ווי מיר וואָלטן נישט געלעבט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, נאָר אין די צייטן פון קעניג הײנריך דער פויגלער, ווען מען וואַרט אָפּ מיט אומגע־דולד דאָס אָנקומען פון דעם לעגענדאַרישן ריטער לאָהענ־גרין. אָט קוקט מען אויס דעם מאָדערנעם לאָהענגרין, וואָס אַנשטאָט אויף אַ שיפל, וועלכעס ווערט געפירט דורך אַ שוואַן, פליט ער אין אַ שטאָלערנע מאַשין, וואָס וועגט צוויי־הונדערט פונט און שניידט דורך די לופט מיט אַ געוואַלדיקער שנעל־קייט...

יעדע מינוט נעדוועדט איצט אַן אייביקייט. אַ סך לאָזן אַראָפּ די הענט. מ'איז זיכער, אַז „ער" וועט שוין נישט קומען. דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר דרייט זיך אַרום אויפן פלאַץ אַ שווייגנדיקער און רייסט אַלע ווייל אַרויף דעם קאָפּ אין דער הויך. די שטימונג ווערט אַ געדריקטע. מ'קוקט אויף

די ווייזערס פֿון זייגער, וועלכע רוקן זיך פֿויל און פּאַמעלעך.

— ער האָט שוין געדאַרפֿט זײַן! — הערן זיך שטי־מען, — אויב ער איז נאָך נישטאָ איז מיט־אים זיכער גע־שען אַן אומגליק.

— רעדוויל איז נאָך פֿאַר דער טראַנסאַטלאַנטישער לופֿט־קאָמוניקאַציע נישט פֿעסטגעשטעלט געוואָרן קיין רייזע־פּלאַן... — ענטפֿערן אַנדערע, — ס'איז שוין 32 שעה, ווי לינדבערג איז אַרויסגעפֿלויגן פֿון ניו־יאָרק, אויב ער זאָל אַפֿילו קומען אין זעקס שעה אַרום, וועט ער אויך האָבן גע־שלאָגן אַ געוואַלדיקן רעקאָרד. מיר טאָרן נישט זײַן אַזוי אומ־געדולדיק, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַזאַ נסיעה איבערן אָקעאַן. מ'האָט צו טאָן מיט שטורעמווינטן, מען מוז אָנלייגן אַ סך זײַטיקן וועג, מ'איז אויסגעשטעלט אויף פֿאַרשידענע געפֿאַרן.

די געשפּאַנטע שטימונג האָט אָבער נישט אויפֿגעהערט, זי איז בסדר געוואַקסן. צווישן פֿאַרזאַמלטן עולם האָט מען זיך אָנגעהויבן צו געוועטן. אַ סך האָבן געהאַלטן, אַז לינדבערג וועט נישט קומען, אַז ער איז געבליבן אין מיטן וועג, אַנדערע ווידער האָבן פֿאַרזיכערט, אַז דער העלד וועט קומען. ביידע צדדים האָבן זייערע פֿאַרזיכערונגען נישט געשטיצט מיט קיין שום פֿאַקטן, ווייל ווער האָט געקאָנט זאָגן אויף זיכער, צי לינדבערג וועט יאָ קומען, אָדער נישט קומען?

האַלב צען אַ זייגער אין אָוונט האָבן זיך אויפֿגעהויבן עטלעכע אַעראָפּלאַנען, כדי צו פֿליען אין דער ריכטונג פֿון וואַנען לינדבערג האָט געדאַרפֿט אָנקומען.

די רעפֿלעקטאָרן האָבן געשאָטן מיט ליכט־סנאָפּעס אין אַלע זײַטן, מ'האָט געקוקט מיט גרויסע פֿעלד־לאָרנעטעס. מ'האָט געזוכט דעם העלד. וואו איז דער מאָדערנער ריטער, וואָס גרייט זיך צו קומען אויף אַ שטאָלערנעם פֿויגל?

נישטאָ לינדבערג! מ'זעט נישט אין ערגעץ קיין צייכן

פון זיין אעראפלאן. דער הימל איז העל באלויכטן, אבער דער „לענגנדארישער רימער" באוויזט זיך נישט.

— מיט אים איז געשען דאָסזעלבע, וואָס מיט נענזשעטעסער און קאָלי, — רופט זיך אָן איין זשורנאליסט צום אנדערן.

— דאָס איז געווען פּראָוואָקאַציע, — ענטפערט אַפּ דער צווייטער.

די דעלעגאַציעס, די פאָרשטייער פון דער רעגירונג, דער אויפנאַם־קאָמיטעט — אַלע זענען ארומגענומען מיט אַ געפיל פון צווייפל. „מ'וועט דאַרפן אהיים מיט גאָרנישט" טראַכטן זיי.

אַ שווערע, נעדריקטע שטימונג לאָזט זיך אַראָפּ אויפן פלי־פּלאַץ פון לע־בורזשע.

## צווישן הימל און וואַסער

ווען די גאַנצע וועלט האָט מיט אומגעדולד אויסגעקוקט אויף לינדבערגס אָנקומען קיין פּאַריז, ווען אין אַ סך צייטונגען האָבן זיך שוין באַוויזן ידיעות, אַז „לינדבערג איז וואַרשיינלעך אומגעקומען", האָט זיך דער איינזאַמער פליער געטראָגן איבער די כוואַליעס פון אָקעאַן אין אַ גלייכער ליניע ניו־יאָרק — פּאַריז. ער האָט זיך אָן דער דאָזיקער גלייכער ליניע געהאַלטן כמעט דעם גאַנצן וועג און זעלטן ווען ער האָט אָפּגעווייכט צוויי, אָדער דריי קילאָמעטער פון דער אָנגענומענער ריכטונג.

לינדבערג האָט פאַר זיך געהאַט אַלע נויטיקע מאַפּעס און געאָגראַפישע מכשירים, אַזוי, אַז ער האָט געקאָנט וויסן, וואו ער געפינט זיך.

וועגן זיין עפּאָכעמאַכנדיקער ערשטער פלי־רייזע איבערן אָקעאַן אין אַן אעראָפּלאַן וועלן מיר איבערגעבן לויט דעם, ווי

לינדבערג האָט זי שפּעטער אויספּירלעך געשילדערט פאַר אַן אַמעריקאַנער זשורנאַליסט.

די ערשטע עטלעכע שעה איז לינדבערג געפלויגן איבער די פּאַריזיקטע שטאַאַטן, לענג אויס דעם אַמעריקאַנער ברעג. ער איז געפלויגן אַלץ מער צו צפון און ערשט פאַרנאַכט האָט ער זיך געלאָזט פליען איבערן אָקעאַן.

ס׳הויבט אָן צו ווערן פינסטער. פון איין זייט איז דער הימל רויט פון דער אונטערגייענדיקער זון, פון דער צווייטער זייט, וואו עס שפּרייטן זיך אויס די אומענדלעכע וואַסערן פון אָקעאַן קנוילן זיך געדיכטע וואָלקנס, וועלכע קלעטערן איינע אויף די אַנדערע, ווי ריזיקע באַשעפעניש.

דער מאָטאָר קרעכצט שווער. לינדבערג לאָזט אין באַוועגונג נאָך אַ מאָטאָר. די מאַשין גיט זיך אַ ריס מיט דער גאַנצער קראַפט, ווי זי וואָלט געשליידערט געוואָרן פון אַ ראַקעטע. עס ווערט אַלץ טונקעלער און טונקעלער. די נאַכט הויבט זיך אָן אַראָפּצולאָזן אויף די שוימנדיקע וואַסערן.

ער קוקט זיך אַרום. איבער אים — בלייערנע, געדיכטע וואָלקנס און אונטער אים, ווי ווייט דאָס אויג קאָן נאָר דערגרייכן, גרין־געלבלעכע כוואַליעס, וואָס שוימען און יאָגן זיך איינע נאָך די אַנדערע. אַן ענדלאָזער מדבר פון וואַסער!

עס ווערט אַ ביסל אומהיימלעך. באַלד ווערט שטאָקפינסטער. לינדבערג צינדט אָן די לעמפּלעך אין אַעראָפּלאַן. אָבער די פינסטערניש איז אַזוי געדיכט, אַז עס דוכט זיך אים אויס, ווי דער אַעראָפּלאַן וואָלט איינגעהילט געוואָרן אין אַ שוואַרץ טוך.

עטלעכע שעה זעט ער נישט קיין הימל און קיין וואַסער. בלויז דער שמאָלער פּאַס פון די רעפלעקטאָר־שטראַלן, וועלכע ער לאָזט אַלע ווייל אַרויס, באַלויכטן אַ שטיקל הימל.

ס׳ווערט זייער קאַלט, עס בלאָזט פון צפון אַ פראָסטיקער

ווינט. באַלד הויבט אָן צו רעגענען. ס'פאַלט אַ געדיכטער רעגן געמישט מיט שניי.

לינדבערג טוליעט זיך פעסטער איין. ער נעמט עטן אונט־ברויט. ער טרינקט אויס עטלעכע גלעזעלעך קאָניאַק. אַ וואַרעמקייט צעגיסט זיך איבער די גלידער. די שטימונג ווערט מונטערער. אַ ווייל דוכט זיך אים אויס, אַז ער פליט איבער ערד.

דער אַעראָפּלאַן שניידט זיך אין דער פינסטערניש מיט אַ שנעלקייט פון הונדערט און צוואַנציק קילאָמעטער אַ שעה. לינדבערג איז איצט איינער אַליין צווישן הימל און וואַסער. דער איינציקער פריינט, וואָס קאָן אים העלפן, איז דער שטאָ־לערנער פויגל. ווער קאָן אים איצט געבן הילף אין פאַל פון אַ געפאַר? קיינער נישט. ער איז אין די הענט פון זיין אַעראָ־פּלאַן.

זאָל דער „ספּיריט אָף סען־לואיס" מאַכן איין שלעכטע באַוועגונג, זאָל איינע פון זיינע שרויפן פּלאַצן — דאַן איז נישטאָ קיין שום רעטונג. וואָס פאַר אַן אויסזין איז צו רופן הילף צווישן דעם מוראַדיקן, בלייערנעם הימל און די פינסטע־רע, בייזע וואַסערן! מען מוז אויפנעמען דעם טויט מיט אַ שטיל שווייגנדיקער רעזיגנאַציע.

און דער אַעראָפּלאַן טראָגט זיך אַלץ. אָט לאָזט זיך לינד־בערג אַראָפּ נידעריק, כדי אויסצומיידן די אויבערשטע ווינטן און אָט גיט ער זיך אַ הויב אויף אַ מהלך פון טויזנט מעטער. די ווינטן שמייסן דעם שטאָלערנעם פויגל פון אַלע זייטן, וואַרפן זיך אויף זיין שטאָלערנעם בויך מיט רוגזה און צאָרן. זיי ווילן אים צושמעטערן, זיי ווילן אים באַשט־אָפן פאַר דער הוצפּה פון מענטש זיך צו לאָזן אין דער אַטמאָספע־רישער רחבות פון אָקעאַן.

אָבער דער דרייסטער, אומדערשראָקענער מענטש לאַכט זיך אויס פון די ווינטן.

לינדבערג הויבט זיך אויף הויך. ער שווימט אין די וואָלקנס, ער איז אַרומגעהילט מיט געדיכטע נעפּלען. ס'דוכט זיך, ווי די נעפּלען וואָלטן געוואָלט בילדן פאַר אים אַ וואַנט און אים פאַרשטעלן דעם ווייטערדיקן וועג.

דעם ציל פאַרלירט ער נישט. ער האַלט זיך כסדר אין דער ליניע, וואָס איז אָנגעצייכנט אויף דער מאַפּע.

ס'ווערט טאָג. אויפן מזרח איז דער הימל לויטער. די זון קריכט אַרויס אַן אָנגעגליטע פון אָקעאַן. לינדבערג קוקט זיך אַרום. ער זעט אין ערגיץ נישט קיין צייכן פון קיין לעבן. עס באַווייזט זיך נישט אין ערגעץ קיין שיף. מ'זעט נישט אויפן האָריזאָנט קיין פּינטל, קיין שום צייכן.

ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געפילט אַזאַ מאָדנע איינזאַמקייט. עס דוכט זיך אים אויס, ווי ער איז איינער אַליין אויף דער גאַנצער וועלט, איין איינציק לעבעדיק וועזן אויף דער ערד, ער איז קיינמאָל נישט געווען אין ניו־יאָרק, ער פליט נישט קיין פּאַריז, ער איז דאָ שוין לאַנגע יאָרן צווישן הימל און וואַסער. אין ערגעץ זענען נישט פאַראַן קיין מענטשן, נאָר אומעטום איז דער זעלבער ענדלאָזער אָקעאַן, און ער פליט שוין אַזוי צווישן הימל און וואַסער לאַנגע יאָרן. אַזאַ געפיל האָט ער איצט.

ער גיט אַ קוק אויפן מעסטער: דריי טויזנט צוויי הונדערט און זעכציק קילאָמעטער האָט שוין זיין אַעראָפּלאַן דורכגעמאַכט. ער דאַרף נאָך אַ דורכפליען כמעט נאָכאַמאָל אַזוי־פיל. דער זייגער איז דריי. אָבער דעם דאָזיקן זייגער האָט ער אָנגעשטעלט אין ניו־יאָרק. פאַר דער צייט האָט ער שוין דורכגעמאַכט דריי טויזנט קילאָמעטער. ער געפינט זיך שוין דעריבער איצט אין אַן אַנדער צייט־רעכענונג. אין ניו־יאָרק איז איצט מיט פיר שעה פריער.

— ווי מאָדנע, — טראַכט לינדבערג און שמייכלט, —

פאַרוואָס זאָל איך נישט זען, ווי די ערד קויקלט זיך אונטער מיינע פיס?...

עס יאָגט אים פון הינטן אַ שטאַרקער מערב־ווינט. דאָס איז זייער גוט פאַר דער לופט־רייזע קיין אייראָפּע. מיט קעגנ־זעצלעכע ווינטן איז זיך שווער אַן עצה צו געבן.

ער גיט ווידער אַ קוק אויפן זייגער: ער פליט שוין אַזוי אַן אָפּרו צוואָנציק שעה. ער פילט נישט קיין מידקייט, נאָר ער פילט, ווי דער קאָפּ איז אים שווער. אָ, ווען ער קאָן כאָטש איינדרימלען אויף פינף מינוט, פינף מינוט צוהאַלטן די אויגן און פאַרגעסן, אַז ער איז צווישן הימל און וואַסער! אָבער ער טרייבט פון זיך אַוועק דעם דאָזיקן געדאַנק. ער רייבט זיך איין דאָס פּנים מיט קאַלט וואַסער. אַ פרישקייט נעמט אים אַרום און ער ווערט צוריק מונטער.

די מאָטאָרן קלאַפּן און רוישן, דער שטאָלערנער פויגל פליט אַ צט מיט אַ געוואַלדיקער שנעלקייט. לינדבערג זיצט רואיק און באַטראַכט די איינטאָניקע, אָבער רחבותדיקע לאַנד־שאַפט פון אָקעאַן. ער זוכט מיט די אויגן אויפן האָריזאָנט, ער וויל דערזען, אַ שיף, ער וויל האָבן אַ גרוס פון דער לעבע־דיקער וועלט. אָבער אַרום און אַרום איז בלויז בלויער הימל, אויף וועלכן עס שפּאַצירן זיך אַרום ווייסע וואָלקנדלעך און אַן אומענדלעכער גלאַטיקער שפּיגל פון וואַסער.

ער פליט איצט אין אַ כמאַרע, וואו ס׳הערשט אַ שיין, וואַרעם וועטער.

אָבער אין אַ שעה אַרום הויבט ווידער אָן צו בלאָזן אַ קאַלטער ווינט, וואָס שנײַדט אין פּנים. לינדבערג פילט, ווי ער פרירט. ער טוליעט זיך פעסטער איין, רייבט זיך די הענט, ער טרינקט עטלעכע גלעזלעך קאָניאַק, די קעלט נעמט אים אָבער כסדר דורך.

דריי שעה צייט פליט ער אַזוי אין אַ קאַלטער, שנײַדנ־דיקער אַטמאָספערע. ער פרובירט זיך אַראָפּצולאָזן נידעריי־

קער, אָבער דער ווינט הערט נישט אויף צו יאָגן מיט קעלט און פראָסט. ער האָט מורא, אַז עס זאָלן אים נישט אָפּפרירן די הענט און דאַן איז אַ קאַטאַסטראָפע אומפאַרמיידלעך, ווייל ער וועט נישט קאָנען פירן די מאַשין. אויף דעם דאָזיקן קאַלטן, צפונדיקן ווינט האָט זיך לינדבערג נישט גערינט און דעריבער נישט מיטגענומען קיין וואַרעמע קליידער.

ענדלעך לאָזט דער ווינט אַ ביסל אָפּ. לינדבערג פליט אַדיין אין אַ וואַרעמע סטרעפּע. עס באַהערשט אים אַ גע־וואַלדיקע בענקשאַפט צו זען אַ שיף, צו דערפילן אַ קאָנ־טאַקט מיט דער לעבעדיקער וועלט. אַרום און אַרום זעט מען ווידער נישט קיין צייכן פון אַ באַוועגלעך פּינטל.

ס׳גייען ווידער פאַרביי צוויי שעה פון כסדרדיקן, איינ־טאָניקן קלאַפּן פון די מאָטאָרן. דער מעסטער ווייזט פיר טויזנט ניין הונדערט קילאָמעטער. ס׳איז נאָך דאָ גענוג וועג. ער לאָזט די מאָטאָרן שטאַרקער אַרבעטן, זיי הוזשען און טראַסקען מיט אַזאַ גערעדער, אַז לינדבערגן דוכט זיך, אַז אי־בערן גאַנצן אָקעאַן הערט זיך דער גערויש.

דער אַעראָפּלאַן פליט איצט מיט אַ שנעלקייט פון 170 קילאָמעטער אַ שעה. פון הינטן ווערט ער כסדר געטריבן דורך אַ שטאַרקן מערב־ווינט.

און אָט גיט לינדבערג אַ צאַפּל אויף. ער שטרענגט גוט אָן דעם בליק. ער באַמערקט פאַר זיך פונדערווייטנס עטלעכע באַוועגלעכע פּונקטן, וועלכע טיילן זיך אָפּ און דערנענטערן זיך באַלד איינע צו די אַנדערע.

— דאָס זענען זיכער עטלעכע שיפן, — טראַכט ער.

עס נעדויערט נישט לאַנג און לינדבערג געפינט זיך אי־בער די שיפן. לויט אַלע סמנים איז עס אַ פלאָטיליע פון פיש־פאַנגער. עס שווימען אַרום אויפן אָקעאַן זיבן קליינע שיפן. לינדבערג לאָזט זיך אַראָפּ נידעריק, אַזוי נידעריק, אַז ער דערזעט גענוי די געזיכטער פון די פישער. ער לאָזט אַ

ווייל אָפּ דעם געוויש פֿון די מאָטאָרן און שרייט אויס מיט אַלע כּוחות:

— זאָגט מיר, איז נאָך ווייט צום איר־לענדישן ברעג?

די פֿישער האָבן זיך אָבער נישט געקאָנט פֿונאַנדער־קלויבן אין זיינע רייד. צי זיי האָבן אים נישט פֿאַרשטאַנען, אָדער נישט דערהערט — דאָס האָט ער נישט געקאָנט וויסן. ער האָט נאָר באַמערקט, ווי זיי מאַכן פֿאַרשידענע באַוועגונ־גען מיט די הענט, שרייען עפּעס, אָבער ער האָט אויך זיי נישט געקאָנט פֿאַרשטיין.

ער האָט די פֿראַגע אָנגעשריבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר און דאָס פּאַפּיר אַראָפּגעוואָרפֿן. די פֿישער האָבן לאַנג גע־קוקט אין פּאַפּיר און ווידער געמאַכט עפּעס אומפֿאַרשטענדלע־כע צייכנס מיט די הענט.

— איך וועל שוין פֿון זיי קיין טאָלק נישט דערגיין, — האָט לינדבערג געטראַכט, — ס'איז אַ שאָד די צייט, מ'דאַרף זיך ווייטער לאָזן אין וועגן אַריין.

ס'האָט זיך ווידער דערהערט דאָס שטאַרקע טראַסקעריי פֿון די מאָטאָרן און דער אַעראָפּלאַן האָט אין עטלעכע מינוט אַרום שוין געהאַט ווייט הינטער זיך די פֿישער־שיפֿלעך.

אָפּפֿלינעדיק אַ האַלבע שעה האָט ער דערזען אַ גרויסע שיף. דאָס איז געווען די שיף „הילבערס", וועגן וועלכער מיר האָבן שוין דערמאָנט. אויף דער שיף האָט מען אים גע־געבן צייכנס. זעט אויס, אַז מ'האָט אים באַמערקט. ער האָט זיך שוין געפֿילט אויסגעגלאַטערט פֿון דער איינטאָניקייט פֿון דער נסיעה און זיך נישט אַראָפּגעלאָזט נידעריק איבער דער שיף.

ער איז געפֿלויגן ווייטער.

נאָך עטלעכע שעה פֿליען אין נעפּל און רעגן האָט ער פּלוצלינג באַמערקט, ווי עס טויכט אויף עפּעס אַ בלאַסער

קאָנטור פֿון אַ זאַך. לכתחילה האָט ער געמיינט, אַז ס׳איז אַ גרויסער וואָלקן, אָבער ער האָט זיך באַלד איבערצייגט, אַז דאָס איז אַ לאַנגער פּאַס ערד.

דאָס זענען געווען די ברעגעס פֿון אירלאַנד. לינדבערג האָט זיך שוין געפֿונען נעבן איראָפּע.

ער האָט געוואָלט אויסשרייען פֿאַר פֿרייד. אָבער ווער וועט אים הערן? ווער וועט אים ענטפֿערן אויף זיין פֿרייד־געשריי? ער האָט נאָר בלויז געפֿילט, ווי דאָס האַרץ קלאַפּט אים שטאַרקער און שטאַרקער, ווי אַ געפֿיל פֿון באַגייסטערונג און שטאָלץ כאַפּט אַרום זיין נשמה.

דער „ספּיריט אָף סענט־לואיס״ איז איצט געפֿלויגן גלייך אויפֿן איראָפּעאישן קאָנטינענט. אָט ענדיקט זיך דער אָקעאַנריז, אָט האָט ער שוין הינטער זיך די אומענדלעכע וואַסערן — ער פֿליט שוין איבער ערד, איבער איראָפּע!

באַלד ווערט טונקל, די זון וועצט זיך אין אָקעאַן אַריין, עס ווערט ווידער נאַכט, נאַכט איבער איראָפּע. לינדבערג פֿילט לכתחילה עפּעס אַן אומהיימלעך געפֿיל: ווי נאָר ער איז אָנגעקומען איבער דער איראָפּעאישער ערד — איז געוואָרן נאַכט. צי וועט נישט געשען קיין אומגליק? צי וועט ער דערפֿליען ביז פּאַריז? אָבער די פֿרייד, וואָס באַהערשט אים, טרייבט אַוועק דעם דאָזיקן געדאַנק. צי איז ער שוין נישט פֿיל מאָל געפֿלויגן ביינאַכט? פֿאַרוואָס זאָל ער מורא האָבן?

ער זעט אונטער זיך צאַנקנדיקע פֿייערלעך פֿון שטעט. גענוי וואו ער איז, איבער וועלכע שטעט ער פֿליט — ווייסט ער נישט, ער ווייסט נאָר, אַז אונטער זיינע פֿיס שפּרייט זיך אויס דער אינזל אירלאַנד.

זיינע נערוון זענען געוואַלדיק אָנגעשטרענגט. דער קאָפּ איז שרעקלעך שווער. די אויגן־דעקלעך האָבן זיך געקלעפּט צו די אויגן און ער האָט זיי אַלע וויילע אויפֿגעריסן. איין און דרייסיק שעה זיצט ער שוין איינגעקוועטשט אויף איין אָרט,

אַפּגעריסן פֿון דער ערד, איינער אַליין מיט דער סטיכיע פֿון אָקעאַן. ער דערפֿילט דאָס ערשטע מאָל במשך פֿון דער גאַנצער רייזע אַ שרעקלעכע מידיקייט. וואָלט געווען טאָג, וואָלט געווען זוניק און ליכטיק — דאַן וואָלט זיין שטימונג זיכער געווען אַן אַנדערע, אָבער ער איז ווידער אַרומגערינגלט מיט נאַכט און געפֿינט זיך איבער ערטער, איבער וועלכע ער איז נאָך קיינמאָל נישט געפֿלויגן.

ער קוקט אַראָפּ און דערזעט אַ שטאָט. ער לאָזט זיך אַראָפּ אַביסל נידעריקער און באַמערקט אַ פּאָרט. דאָס איז שערבורג. הייסט עס, אַז ער געפֿינט זיך שוין אויף דער פֿראַנצויזישער ערד, אַז באַלד וועט ער זיין אין פּאַריז, באַלד וועט זיין ווערק געקרוינט ווערן מיט דערפֿאָלג.

איז ער שוין טאַקי נאָענט צו פּאַריז? ער גלויבט זיך עס קוים אַליין צו. ער האָט כסדר געהאַט אַ געפֿיל, אַז דער אָקעאַן וועט זיך נישט ענדיקן, אַז ער וועט כסדר שוין זיין צווישן הימל און וואַסער. און אָט איז שוין שערבורג, אָט איז שוין פֿראַנקרייך. צי איז עס נישט קיין חלום?

ער האָט נאָך צו פֿליען ביז פּאַריז נײַנציק מינוט. אָבער ער פֿילט, ווי די כוחות פֿאַרלאָזן אים. עס באַהערשט אים אַן אַפּאַטיע. ער קאָן קוים באַוועגן מיט די הענט. ער לאָזט אַלע ווייל שווער אַראָפּ דעם קאָפּ. זאָל ער איינדרימלען אויף עטלעכע מינוט? ניין, דאָס איז אַן אומזין. ער האָט דאָך סך־הכל אַנדערהאַלבן שעה וועג. מען מוז אָנשטרענגען דעם ווילן און זיך באַהערשן.

ער וואַשט זיך ווידער אָפּ דאָס פּנים, ער וויל זיך דערפֿרישן, אָבער ער פֿילט, ווי די איברים שטאַרבן אים ביסלעכווייז אָפּ. אַזאַ צושטאַנד האָט ער נישט איבערגעלעבט דעם גאַנצן וועג. פֿון דער געוואַלדיקער נערוון־אָנשטרענגונג און זיצן איינגעקוועטשט אויף איין אָרט איז דער אָרגאַניזם געוואָרן זייער אָפּגעשוואַכט.

„אָבער איך בין דאָך שוין ביים ציל, עס דערוואַרטן דאָך מיך טויזנטער מענטשן", ניט ער אַ טראַכט און שטרענגט זיך געוואַלדיק אָן, כדי צו באַהערשן די מידקייט און די אַפּאַ־טיע. ער טרינקט אויס עטלעכע גלעזלעך קאָניאַק און לאָזט די מאָטאָרן שטאַרקער אַרבעטן.

ער הייבט זיך אויף העכער און פליט איצט מיט אַ גע־וואַלדיקער שנעלקייט. ער וויל שוין וואָס גיכער זיין אויפן אָרט, ווייל ער האָט מורא, אַז אין דער לעצטער שעה וועט ער נישט קאָנען גובר זיין די מידקייט און שוואַכקייט, וואָס האָבן אַרומגענומען זיין גאַנצן קערפּער.

— „מיט דעם לעצטן ביסל כוחות, מיט דער לעצטער איבערמענטשלעכער אָנשטרענגונג, — דערציילט לינדבערג, — בין איך געפלויגן די לעצטע שעה פון מיין לופט־רייזע".

ער גיט פלוצלינג אַ צאַפּל. פון אַ געוואַלדיקער ווייטקייט באַמערקט ער, ווי דער הימל איז העל באַלויכטן. „אהא, דאָס וואַרפט מען רעפלעקטאָרן־ליכט, דאָס זוכט מען מיך, — טראַכט ער, — אָט, דאָרטן, איז שוין אודאי פּאַריז".

דאָס האַרץ הייבט אים אָן האַסטיק צו קלאַפּן. ער פילט, ווי דער קאָפּ פאַרדרייט זיך אים. ער האָט מורא, אַז ער זאָל נישט פאַלן אין חלשות און באַהערשט זיך דעריבער מיט אַלע כוחות. ער לענט צו אַ ווייל דעם קאָפּ אָן ווענטל פון דער קאַבינע און אָטעמט טיף אַריין די פרישע נאַכט־לופט.

— דאָרטן איז פּאַריז, פּאַריז... — העמערט אים בסדר אין מח דער דאָזיקער געדאַנק.

ער קוקט אויף דעם ליכטיקן הימל, וואָס שפּרייט זיך אויס העט ווייט, ווי אויף אַ מיכטיגער אָנטפּלעקונג. איז דאָרטן טאַקי פּאַריז, אָדער ער האָט האַלוצינאַציעס? עס קאָן זיין, אַז דער מידער מח, וועלכער איז דערשעפּט פון דער גע־וואַלדיקער נערוון־אָנשטרענגונג, שאַפט פאַרשידענע וויזיעס. אָבער די ליכטיקייט ווערט שטאַרקער פון מינוט צו מי־

נוט. ער דערזעט פון דער ווייטנס, אויף דעם העלן פאָן פון הימל, א סך באַוועגלעכע פּונקטן. „דאָס פליען מיר, מן־הסתם, אַנטקעגן פראַנצויזישע אַעראָפּלאַנען“, טראַכט ער.

פּלוצלינג דערפילט ער, ווי דער אַעראָפּלאַן האָט זיך פאַרקירעוועט אין אַן אַנדער ריכטונג. ער גיט אַ קוק און זעט, אַז ער האַלט נישט די האַנט ביים רודער. ער איז אַזוי דער־שעפּט, אַז ער האָט נישט געפילט, ווי ער האָט אָפּגעלאָזט די האַנט.

מאָמענטאַל גיט ער צוריק אַ כאַפּ דעם רודער אין דער האַנט אַריין און לאָזט זיך גלייך פליען אין דער ריכטונג, וואו דער הימל איז באַלויכטן פון רעפלעקטאָרן־ליכט.

# דער זיגער

דאָס ריזיקע פעלד אויף לע־בורזשע הינטער פּאַריז איז געוואָרן אָנגעפּילט מיט מענטשן. נישט געקוקט דער־רויף, וואָס אַ סך האָבן געצווייפלט, צי לינדבערג וועט אָנ־קומען, האָט אַלץ בסדר געפּליינט דער שטראָם נייגעריקע. מ׳האָט געוואָלט זיך מיט די איינענע אויגן איבערצייגן, אָנ־קוקן דעם מענטש, וועלכער איז איינער אַליין אַריבערגעפלויגן דעם אָקעאַן.

אין דעם מאָמענט ווען די שטימונג איז געווען אַ גע־דריקטע און אַ סך האָבן שוין פאַרלוירן די האָפענונג צו זען לינדבערגן, איז דער גאַנצער פאַרזאַמלטער עולם פּלוצלינג עלעקטריזירט געוואָרן פון דער ידיעה, וועלכע ס׳האָבן אי־בערגעגעבן די ראַדיאָ־הילכערס, וואָס זענען ספּעציעל געוואָרן אינסטאַלירט אויפן פלי־פּלאַץ:

— האַלאָ, האַלאָ, — האָט געשריגן אַ מעכטיק קול, — נאָר וואָס איז אָנגעקומען אַ ידיעה פון שערבורג, אַז מ׳האָט

דאָרטן געזען דעם „ספּיריט אָף סען־לואיס״. ער פליט אין דער ריכטונג צו פּאַריז.

א געמורמל גייט אַדורך איבערן גאַנצן עולם. פּנימער שיינען אויף פּאַר פרייד. די פּאָליציי און דאָס מיליטער קאָנען קוים איינהאַלטן דעם דרוק פון די מאַסן אויפן שטח פון פלי־פּלאַץ, וואו עס לאַנדן די אעראָפּלאַנען. דער עולם וויל זיין נענטער צום אָרט, וואו עס וועט זיך אַראָפּלאָזן דער מאָדערנער לאָהענגרין, דער ריטער אויפן שטאָלערנעם פויגל.

די קעפּ זענען כסדר פאַרריסן אין דער הויך. מ׳קוקט מיט באַגערטע אויגן צום הימל. ווען וועט ער זיך שוין באַווייזן, דער יאָזינגער לינדבערג? מ׳האַלט די זייגערלעך אין די הענט און מען ציילט די מינוטן.

די רעפלעקטאָרן וואַרפן איצט ריזיקע סנאָפּעס ליכט. דער הימל איז העל באַלויכטן און מאַכט אין דער פינסטערער נאַכט א מיסטעריעזן איינדרוק. אין עסקאַדרע פון צוואַנציק אעראָפּלאַנען לאָזט זיך אַרויס, כדי צו באַגעגענען דעם העלד. נאָר אזא זינגער ניט מען אָפּ אַזוי פיל כבוד.

די אַעראָפּלאַנען פליען אָפּ. מ׳הערט נישט מער זייער רוישן. עטלעכע צענדליק מינוט איז שטיל. אַלע זענען אין א געשפּאַנטן צושטאַנד.

— אָט באַלד באַווייזט „ע ר״ זיך, באַלד וועט מען „א י ם״ זען, — זאָגט אַן אַלטע פרוי מיט אזא טאָן, ווי זי וואָלט גערעדט וועגן א מלאך פון הימל.

באַלד בוואַליעט אויף דער גאַנצער פלאַץ. עס ווערט אזא שטאַרקע באַוועגונג צווישן פאַרזאַמלטן עולם, ווי א באָמבע וואָלט אַריינגעפאַלן אין מיטן פעלד. אָבער סך־הכל הערט זיך פון דער ווייטנס דאָס רוישן פון צענדליקער מאָטאָרן.

— ער איז דאָ! ער איז געקומען! אָט באַווייזט ער זיך באַלד! — שרייט מען שוין צווישן עולם.

די סנאָפּעס ליכט ווערן שטאַרקער. א בלענדנדיקע ליכטי־

קייט באַדעקט דעם הימל, ווי אַ גאָט וואָלט זיך באַדאַרפט באַוויזן... דער גערויש פֿון די מאָטאָרן ווערט שטאַרקער און אָט באַווייזט זיך צוריק די גאַנצע עסקאַדרע אַעראָפּלאַנען.

זיי פֿליען אין אַ האַלב־ראָד. אין מיטן זעט מען אַ זילבער־גרויען אַעראָפּלאַן. פֿון דער הייך מאַכט דאָס בילד אַן איינדרוק, ווי אַ גרופּע בינען וואָלטן אַרומגערינגלט זייער מלכּה.

דער זילבער־גרויער אַעראָפּלאַן מאַכט עטלעכע קרייזן און הויבט זיך אָן פֿאַמעלעך אַראָפּצולאָזן. ביי אַלעמען אין די אויגן זעט ער איצט אויס, ווי אַ לעגענדאַרישער פֿויגל.

אַלע האַלטן איין דעם אָטעם. אַ פֿאַרגליווערט שטילשווייגן הערשט אין דעם מאָמענט, ווען דער זילבער־גרויער אַעראָפּלאַן לאָזט זיך פֿאַמעלעך אַראָפּ אויפֿן פֿלי־פּלאַץ. אַלעמענס אויגן קוקן אויף דעם דאָזיקן בילד, ווי אויף אַ מיסטישער אַנטפּלעקונג. מ'האָט דעם איינדרוק, ווי דאָ וואָלט געשען עפּעס אַן אומגלויבלעכע זאַך.

דער מאָטאָר גיט אַרויס זיינע לעצטע קלעפּ, דער אַעראָפּלאַן לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד. נאָך דריי און דרייסיק שעה דערפֿילט דער „ספּיריט אָן סענט־לואיס" דאָס ערשטע מאָל די ערד. ער לויפֿט שנעל איבערן גלייכן פּלאַץ און שטעלט זיך אָפּ.

אַ געשריי פֿון צענדליקער טויזנטער העלזער רייסט זיך אַרויס, אַ געשריי פֿון באַוואונדערונג און באַגייסטערונג. די מאַסן שטורמען דעם קאָרדאָן פֿון פּאָליציי און מיליטער. אַלע זענען ווי משוגע. די געשרייען און פֿרייד־אויסרופֿן הערן נישט אויף. די ערד ציטערט אַזש פֿון די קולות.

דעם שטאָלענעם פֿויגל רינגלען אַרום: דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר, די פֿאָרשטייער פֿון דער פֿראַנצויזישער רעגירונג, העכערע מיליטער־לייט אַ רייע באַקאַנטע פֿראַנצויזישע לופֿט־פֿליער און זשורנאַליסטן. אַלע ווילן כאַפּן אַ בליק אויף דעם מענטש, וואָס וועט זיך באַווייזן פֿון דער קאַבינע.

פון אעראפלאן שטעקט ארויס א קאפ, עס הויבט זיך אויף א קערפער און א האנט שטרעקט זיך ארויס אינדרויסן. עס הערט זיך א שוואכע שטים:

— איך בין לינדבערג. וואו בין איך?

— אויפן פליפלאץ פון פאריז, — ענטפערט דער אמע־קאנער אמבאסאדאר און נעמט אן די אויסגעשטרעקטע האנט, וועלכע איז קאלט און פייכט.

מ'העלפט לינדבערגן ארויסקריכן פון אעראפלאן. ער קוקט ארום זיך, ווי א מענטש, וואס האט זיך נאר וואס אויפגעכאפט פון שלאף. אלע ווידער קוקן אויף אים, ווי אויף א דערשיינונג פון יענער וועלט, ווי אויף אן איינוואוינער פון אן אנדער פלאנעטע.

— איך בין טויט מיד, גיט מיר וואסער, — זאגט לינדבערג און האלט זיך קוים אויף די פיס.

מ'ברענגט שנעל וואסער און ער טרינקט האסטיק, נישט קאנענדיק זיך אפרייסן פון דעם דערקוויקנדיקן געטראנק. אזא פריש וואסער האט ער שוין נישט געטרונקען פון אייערנעכטן אן. אייערנעכטן? איז דאס געווען, ווען ער האט געטרונקען וואסער אין ניו־יארקער האטעל? אים דוכט זיך, אז דאס איז שוין געווען זייער לאנג, אפשר מיט חדשים צוריק...

— ווי פילט איר זיך? — פרעגט דער אמעריקאנער אמבאסאדאר.

— נישקשה... — ענטפערט לינדבערג מיט א לייכטן שמייכל, נאכדעם, ווי ער האט מיט איינמאל אויסגעטרונקען א גאנצן ליטער וואסער. — איך פיל זיך נישט שלעכט.

דער געשפרעך מיטן העלד קאן ווייטער נישט פארקומען. די געשרייען פון דעם פופציק טויזנטיקן המון פארטויבן יעדעם ווארט. די ריזיקע מהנות ווילן אנקוקן דעם וואונדערלעכן מענטש, מען וויל זען, ווי ער זעט אויס, מען וויל כאפן א

בליק אויף דער אויסערגעוויינלעכער דערשיינונג, וואָס איז געקומען פון דער ווייטער וועלט, מען וויל באַגריסן דעם העלד, וואָס האָט באַזיגט דעם אָקעאַן.

די פּאָליציי און דאָס מיליטער קאָנען קוים איינהאַלטן דעם דרוק פון מענטשן־געבראַוז. ווי אַ מעכטיקע כוואַליע גיט זיך דער עולם אַ רייס אַריין אויפן מיטן פּלאַץ, דאָרטן וואו לינדבערג האָט נאָר וואָס געלאַנדעט. דער קאָרדאָן פון פּאָליציי און מיליטער ווערט איבערגעריסן. ס'איז אוממעגלעך בייצוקו־מען דעם שטאַרקן שטראָם. די מאַסן רייסן זיך מיט פרייד־אויסגעשרייען צו דעם העלד און קיין שום קראַפט קאָן נישט איינהאַלטן דעם שטראָם פון דער דאָזיקער מענטשן־כוואַליע, וואָס נעמט פאַרגיסן דאָס אָרט, וואו לינדבערג האָט זיך אַראָפּ־געלאָזט.

עס דראָט לינדבערגן פּשוט אַ געפאַר. די באַגייסטערטע מאַסן קאָנען אים אין געדראַנג דערשטיקן. און ער איז דאָך שוואַך און אויסגעמאַטערט. וואָס טוט מען? די מאַסן שטור־מען מיט אַזאַ קראַפט, אַז לינדבערגס לעבן איז אין דער גרעסטער סכנה.

אַ פראַנצויזישער לופט־פליער פאַלט אויף אַן אָריגינעלער המצאה:

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן פון צווישן עולם אַן אַמעריקאַ־נער אין די כאַראַקטעריסטישע אַמעריקאַנער בריקן, אַרויפ־געוואָרפן אויף אים אַ רעגן־מאַנטל און אויסגערופן:

— אָט איז דער הער לינדבערג, אָט איז דער העלד, וואָס איז אַריבערגעפלויגן דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן!

— וואָס טוט איר, איר זענט משוגע געוואָרן, צו וואָס? — האָט דער אַמעריקאַנער געשריגן, נישט פאַרשטייענ־דיק, וואָס דאָ קומט פאָר.

— שווייגט אַ ווייל, ס'איז אין אָרדענונג, — האָט דער

פּיפּיקער לינדבערגס אײַנגעריכט דעם אַמעריקאַנער אין אויער אַרײַן און איך פּעכט צוגעהאַלטן.

— אָבער וואָס ווילט איר פון מיר, איך בין דאָך נישט לינדבערג! — האָט זיך דער אָרעמער אַמעריקאַנער געבעטן.

דער עולם האָט אַרומגערינגלט דעם פאַלשן לינדבערג, איך אַ הייב געטאָן אין דער הויך און שיר נישט צוקוועטשט. דער אַמעריקאַנער האָט געשריגן, אַז ער איז נישט לינדבערג, אָבער די באַגײַסטערטע און האַלב־ווילד־געוואָרענע מאַסע האָט זײַן געשריי נישט געהערט. מ'האָט אים געטראָגן אויף די הענט, געשטופּט און געשטויסן און געשריגן:

— זאָל לעבן לינדבערג! זאָל לעבן אונזער העלד, וואָס האָט זיך ניקס געווען פאַר טויט פון געזשעטער און קאַלי! זאָל לעבן דער דרײַסטער פליער, וואָס האָט באַזיגט דעם אָקעאַן.

— איך בין נישט קיין פליער, איך בין נישט קיין דרייסטער, געוואַלד, לאָזט מיך אָפּ! — האָט געשריגן דער אַמעריקאַנער, וועלכער האָט קוים געקאָנט כאַפּן אין אָטעם און געפילט, אַז אָט אָט ווערט ער דערשטיקט.

די מאַסע האָט אים אָבער נישט געהערט. זי איז געווען זיכער, אַז זי האָט אַרומגערינגלט לינדבערגן און האָט דעם אָרעמען, פאַרצווייפלטן אַמעריקאַנער נישט אַרויסגעלאָזט פון די הענט.

אַ דאַנק דעם דאָזיקן אָריגינעלן אײַנפאַל איז דער אמתער לינדבערג געראַטעוועט געוואָרן פון גרויסע אומאָנגענעמלעכ־קייטן. ווען דער באַגײַסטערטער עולם וואָלט אַזוי געטראָגן אויף די הענט דעם אמתן לינדבערג, וואָלט דער אויסגעמאַ־טערטער מידער אָקעאַן־פליער זיכער געפאַלן אין חלשות און דאַמאָלס וואָלט מען אים פּשוט צוקוועטשט.

דעם אמתן לינדבערג האָט מען אומבאַמערקט אָפּגעפירט אין דעם קאָנצעלאַריע־צימער פון לופט־פליפּלאַץ. דאָרט אהין

זענען אָנגעקומען דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר און די פּאַר־שטייער פון דער פראַנצויזישער רעגירונג. דער אַמבאַסאַדאָר האָט לינדבערגן באַלד געגעבן איבערצוזעצן פרישע וועש און אים געגעבן וואַסער זיך אָפּצוּוואַשן.

— ס'איז אַ מחיה, — האָט לינדבערג גוטמוטיק גע־ענטפערט, — איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געפילט אַזוי די פרישקייט פון וואַסער, ווי איצט.

— אָבער לאָמיר שנעל פון דאַנען אַוועקפאָרן, — זאָגט איינער פון די פאָרשטייער פון דער רעגירונג, — דער עולם קאָן זיך דערוויסן, אַז איר געפינט זיך דאָ און בישום צעטראָגן אויף פיצלעך דאָס צימער.

לינדבערג זעצט זיך אַריין אין אַ געוויינלעכן אויטאָ. אין אַמבאַסאַדאָרס אויטאָ וואָלט ער געזעסן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט און פון דעם דאָזיקן אויטאָמאָביל וואָלט שוין דאָן קיין שריד ופליט נישט געבליבן. אין דעם געוויינ־לעכן, קליינעם אויטאָ זעצן זיך אויך אַריין דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר און אַ פאָרשטייער פון דער רעגירונג. דורך אַ זייטיקן וועג פאָרט דער אויטאָ אָפּ פון לע־בורזשע קיין פּאַריז.

לינדבערג קוקט זיך אַרום. אויפן וועג קיין לע־בורזשע ציען זיך נאָך אַלץ מחנות מענטשן. מ'הויל זען דעם העלד און דער העלד פאָרט זיך דאָ פאַרביי און קיינער ווייסט נישט דערפון.

דער אויטאָ פאָרט אַריין קיין פּאַריז. די גאַסן זענען באַ־לעבט, ווי אין מיטן העלן טאָג. פאַר די רעדאַקציעס שטייען מאַסן מענטשן. מ'וואַרט אויף דער ידיעה וועגן לינדבערגס אָנקומען.

— שטעלט איך פאָר ווען די דאָזיקע מאַסן דערוויסן זיך פּלוצלינג, אַז איר פאָרט דאָ אין דעם דאָזיקן גרויען אוי־טאָ... — באַמערקט דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר מיט אַ שמייכל, — מען וואָלט דאָך אונז דערהרגעט פאַר פרייד!

לינדבערג שמייכלט. ער קוקט אויף די פּאַריזער גאַסן און אים גלויבט זיך אַלץ נישט, אַז ער איז שוין טאַקי אין פּאַ־ריז. אָט דאָס איז די שטאָט, צו וועלכער ער האָט געצילט דריי און דרייסיק שעה! וויפיל מאָמענטן זענען געווען, בעת וועלכע ער האָט פאַרלוירן די האָפענונג צו דערגרייכן צו דעם דאָזיקן אָרט, וויפיל מאָל האָבן זיך די הענט אַראָפּגע־לאָזט און אַ פולשטענדיקע אַפּאַטיע האָט באַהערשט די נשמה.

— איך האָב נאָר מורא, — זאָגט לינדבערג מיט אַ שמייכל, — אַז איך זאָל זיך נישט אויפכאַפּן פון שלאָף און דערזען, אַז איך געפין מיך ווידער אין אַעראָפּלאַן, צווישן הימל און וואַסער...

— צום גליק איז עס נישט קיין חלום, — ענטפערט דער פּרעזידענט פון דער רעגירונג, — ס׳איז אַ ווירקלעכקייט, וואָס וועט מיט גאָלדענע אותיות פאַרשריבן ווערן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

דער אויטאָ פאַרפאָרט פאַר דער געביידע פון דער אַמע־ריקאַנער אַמבאַסאַדע. לינדבערג האָט ענדלעך אַן אָרט וואו זיך אָפּצורוען.

נישט קוקנדיק, וואָס ס׳איז שוין 1 ביינאַכט, פאַרזאַמ־לען זיך אין לאָקאַל פון דער אַמבאַסאַדע עטלעכע און צענדליק זשורנאַליסטן. זיי ווייסן, אַז לינדבערג איז טויט מיד, אַז ער איז צוויי מעת־לעת נישט געשלאָפן, אָבער זיי ווילן כאָטש הערן פון אים עטלעכע ווערטער, ווי אַזוי ס׳איז דערגאַנגען די רייזע.

ער נעמט זיי אויף שטייענדיקערהייט. זיי וואונדערן זיך.

— פאַרוואָס שטייט איר, הער לינדבערג? זעצט אייך! — בעטן זיי אים.

— אַהאַ, איך בין שוין גענוג געזעסן אין אַעראָפּלאַן, — ענטפערט ער. — איך מוז מיר אויסגלייכן די גלידער.

ער דערציילט קורץ:

— מיין נסיעה איז נישט געווען אזוי אנגענעם, ווי ס'האבן מיר פאראויסגעזאגט די מעטעאראלאגישע סטאציעס. מ'האט געדארפט קעמפן מיט ווינטן, מיט רעגנס, מיט האגל און דער עיקר — מיט דעם חשק צו שלאפן... נאר ס'איז אלץ ארויך נישקשה, ווען נישט — וואלט איר מיך דא נישט געזען, מיינע הערן. איך בין צופרידן, וואס איך בין דעם עקשן ביינעקומען, איך מיין — דעם אקעאן.

נאך דעם קורצן אינטערוויו באפט זיך לינדבערג, אז ער האט דעם עראפלאן געלאזט אויפן פלי־פלאץ.

— איך קאן נישט פרא'לאזן מיין בעסטן פריינט, — דערקלערט ער, — מ'קאן אים נאך דארטן צושטערן. איך וואלט געוואלט צוריקפארן אויפן פלי־פלאץ זען, וואס מיין „ספיריט אף סען־לואיס" מאכט...

נישט קוקנדיק דערויף, וואס ער איז טויט־מיד, וויל ער וויסן וועגן גורל פון דעם שטאלערנעם פויגל, וואס האט אים אזוי געטריי געדינט אויף דעם לאנגן און געפערלעכן וועג.

קוים מיט מי קאן מען אים איבערצייגן, אז איבער זיין עראפלאן וואכן זיכערע מענטשן און, אז דעם „ספיריט אף סען־לואיס" וועט קיין בייז נישט געשען.

— איצט האב איך א בקשה, — זאגט ער צום אמבאסאדאר, — איך בעט, מ'זאל אפשיקן א דעפעשע צו מיין מוטער.

ער שרייבט אויף בלויז דריי ווערטער: „א ל ר י י ט! לינדבערג — פאריז". אבער וויפיל זאגן די דאזיקע דריי איינציקע ווערטער, וועגן וואס פאר א געוואלדיקן וואונדער דערציילן זיי!

באלד גייט ער אריין אין שלאפצימער, וואס איז ספעציעל פאר אים רעזערווירט. ער שמייכלט אזש פאר פארגע־

גינן, ווען ער ליגט זיך אויפן געלעגער און שלאָפט שנעל איין מיט אַ געשמאַקן, פעסטן שלאָף.

אייער־נעכטן איז ער געשלאָפן אין ניו־יאָרק, איצט שלאָפט ער אין פּאַריז...

צומאָרגנס מאַניפעסטירט גאַנץ פּאַריז לכבוד דעם זיגער פון אָקעאַן. אַזאַ כבוד האָט מען אין דער פראַנצויזישער הויפּט־שטאָט נאָך קיינעם נישט אָפּגעגעבן, אפילו נישט קיין געקרוינטע מאָנאַרכן, אָדער נאַציאָנאַלע העלדן.

די רעזיקע שטאָט האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ יובלדיקע סימפאָניע. לינדבערגס אויטאָמאָביל האָט זיך קוים מיט מי געקאָנט מאַכן אַ וועג דורך די פאַריזער גאַסן און בולוואַרן. ווען ער איז געפאָרן אָפּגעבן אַ וויזיט דעם פרעזידענט, האָט די באַגייסטערטע מאַסע אויפגעהויבן דעם אויטאָמאָביל אַזוי, אַז ס'איז שיער נישט געשען קיין קאַטאַסטראָפע.. די פּאָליציי האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט דעם ברויזנדיקן שטראָם מענטשן.

אויף דער געביידע פון לגוור האָט מען לכבוד לינדבערגן אַרויסגעהאָנגען די נאַציאָנאַלע פאָן. דאָס ווערט געטאָן נאָר דאַמאָלס, ווען קיין פּאַריז פאָרט אריין דער פרעזידענט פון דער רעפּובליק.

בעת זיין באַזוך אין ווערסייל האָט אַן ערן־קאָמפּאַניע אָפּגעגעבן לינדבערגן מיליטערישן כבוד און דער פרעזידענט האָט אים באַשאָנקען מיט דער העכסטער אויסצייכנונג.

זייער רירנד איז געווען די באַגעגעניש, וואָס לינדבערג האָט געהאַט מיט דער מוטער פון אומגעקומענעם נענזשעסער.

ער האָט זי ספּעציעל באַזוכט. ווען זי האָט אים דערזען, האָט זי געפרעגט:

— צי האָט איר נישט געזען ערגעץ דעם טויטן קערפּער פון מיין זון?

— דער אָקעאַן איז אַזוי גרויס און איך בין אַזוי קליין... — האָט לינדבערג געענטפערט.

טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן, ווען זי האָט פאַר לינדבערגן אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן איר זון.

— ער איז געווען אין דער מלחמה און כסדר אַרומגע־פלויגן מיטן עראָפּלאַן. עטלעכע מאָל איז ער פאַרוואונדעט געוואָרן, אָבער פונדעסטוועגן האָט ער זיך גע־אַטעוועט פון טויט. אָבער דער אָקעאַן האָט אים געפּטרט, דאָרטן האָט ער זיך נישט געקאָנט ראַטעווען. אָ, ווי איך בין מקנא אייער מוטער, הער לינדבערג, זי איז דאָך איצט די גליקלעכסטע מוטער אין דער וועלט!

דאַן האָט די אַלטיטשקע לינדבערגן אַרומגענומען און גע־זאָגט מיט אַ ווייַנערדיקער שטים:

— איר, מיין העלד, קאָנט דאָך אַלץ באַווייזן... גיט מיר צוריק מיין זון....

— דער טויט האָט אויך אויף מיר געלאָקערט, — האָט לינדבערג געענטפערט, — איך האָב זיך קוים פון אים גע־ראַטעוועט. ער וועט מיר אייער זון נישט אָפּגעבן...

די מאַניפעסטאַציעס לכבוד לינדבערגן האָבן נישט אויפ־געהערט. ער איז כסדר געווען באַלאַגערט פון זשורנאַליסטן. מ׳האָט דעם בלאָנדן, שמייכלענדיקן בחור נישט געלאָזט צו רו. ס׳האָבן זיך אויך געמאָלדן צו אים פאַרשידענע אונטערנע־מער. אַזוי האָט אַ קינאָ־געזעלשאַפט פאָרגעלייגט לינדבערגן אַ מיליאָן פראַנק, אַז ער זאָל זיך בלויז איינמאָל באַווייזן אויף דער קינאָ־לייוונט. לינדבערג האָט דעם פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן, דערקלערנדיק:

— מיינע הערן, איך בין אַ לופט־פליער און נישט קיין קינאָ־אַרטיסט. איך זאָג אייך פאָרויס, אַז איך וועל שלעכט שפּילן און דעריבער אנגאזשירט מיך נישט.

— אייערע פעאיקייטן אין שפּילן גייען אונז קנאַפּ וואָס אָן. איר וועט זיך בלויז דאַרפן איינמאָל באַווייזן אויף דער לייוונט. מיר גיבן אייך, גלויבן מיר, אַ נישקשהדיקע סומע.

— איך דאַנק אייך זייער, מיינע הערן פאַר אייער פאָרשלאַג. אָבער איך וועל אים נישט אָננעמען.

ס'האָבן נישט געהאָלפן קיין שום איינרעדענישן. לינדבערג האָט קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג. דער דאָזיקער מענטש, וואָס האָט במשך פון צוויי טעג געוואונען דעם גרעסטן רום, האָט זיך נישט געגלוסטן אין קיין מיליאָנען. זיין רייכטום איז געווען דער געוואַלדיקער זיג איבער די סטיכישע כוחות פון דער נאַטור. דעם דאָזיקן נצחון האָט ער נישט געקאָנט אָפּקויפן פאַר קיין שום געלט אין דער וועלט.

אויף דער איינלאַדונג פון בעלגישן קעניג איז לינדבערג אָפּגעפלויגן מיט זיין עראָפּלאַן קיין בריסעל, וואו מ'האָט אים אויפגענומען מיט נישט ווייניקער כבוד, ווי אין פּאַריז. נאָך דער אויפנאַמע ביים קעניג, האָט לינדבערג בתמימות געזאָגט:

— איך האָב דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן געזען אַ קעניג... ער זעט אויס פּונקט, ווי מיר אַלע...

דערנאָך איז לינדבערג אָפּגעפלויגן קיין לאָנדאָן, וואו מ'האָט אים געמאַכט אַן אמתן קעניגלעכן קבלת־פּנים. מענטשן זענען געלעגן אויף די דעכער, כדי צו זען לינדבערגס אָנקומען. די שטאָט איז לכבוד דעם גאַסט געווען דעקאָרירט און ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט פּאַראַד אין קעניגלעכן פּאַלאַץ.

דעם 1־טן יוני האָט זיך לינדבערג אויפגעזעצט אויף דער אַמעריקאַנישער שיף „מעמפּיס", וואָס האָט אים אָפּגעפירט אין זיין היימלאַנד, וואו מ'האָט שוין געוואַרט אָפּצוגעבן כבוד דעם זיגער איבערן אָקעאַן.

# דער גרויסער העלד

אין צען מינוט אַרום נאָך לינדבערגס אַראָפּשטייגן אויפֿן פּאַריזער פֿלי־פּלאַץ אין לע־בורזשע, האָט ניו־יאָרק דערהאַלטן די ערשטע ראַדיאָ־ידיעה וועגן דעם דאָזיקן אויסערגעוויינלעכן געשעעניש.

באַלד האָבן זיך צעפּייפּט די סירענעס פֿון אַלע פֿאַבריקן, די ראַדיאָ־הילכערס האָבן באַלד מודיע געווען די גוטע בשׂורה. די מיליאָנען־שטאָט האָט אויפֿגעבראַוזט פֿאַר באַגייסטערונג און פֿרייד. מענטשן האָבן זיך געקושט אין די גאַסן, אַ סך האָבן גענומען טאַנצן. די פֿרייד האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע שטאָט. ניו־יאָרק האָט געבראַוזט, ווי אַ שטורעמדיקער ים.

אין צוואַנציק מינוט נאָך לינדבערגס אָנקומען קיין פּאַריז האָט מען שוין אין ניו־יאָרק געוויזן די פֿאָטאָגראַפֿישע אויפֿנאַמע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן, ווען לינדבערג איז אויסגעשטיגן פֿון אַעראָפּלאַן. די דאָזיקע פֿאָטאָגראַפֿיע איז איבערגעשיקט געוואָרן דורך די ראַדיאָ־כוואַליעס.

אַלע ווייל זענען אָנגעקומען נייע ידיעות פֿון פּאַריז און די מאַסן, וועלכע זענען אין די טויזנטער געשטאַנען ביי די ראַדיאָ־הילכערס און רעדאַקציעס פֿון די גרויסע צייטונגען, האָבן געמאַכט הילכיקע אויסגעשרייען לכּבוד לינדבערגן. די גאַסן האָבן געדונערט פֿון די פֿרייד־אויסגעשרייען.

„איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען אין ניו־יאָרק אַזאַ ספּאָנטאַנעם אויפֿבראַוז פֿון פֿרייד, ווי אין דעם טאָג, ווען ס'איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז לינדבערג איז גליקלעך אָנגעקומען קיין פּאַריז" — דערציילט אַן אַמעריקאַנער זשורנאַליסט, — די מאַסן זענען שיר נישט משוגע געוואָרן פֿאַר פֿרייד. אַלץ האָט געטאַנצט און געזונגען".

ווען לינדבערגס מוטער האָט דערהאַלטן די ידיעה וועגן דעם נצחון פֿון איר זון איבערן אָקעאַן האָט זי זיך צעוויינט פֿאַר פֿרייד און אויסגערופֿן:

— נאָר מיט אַזאַ פֿעסטן גלויבן אין דער פֿאַרווירקלי־כונג פֿון דער אייגענער אידעע קאָן מען מנצח זיין!

זי האָט באַלד איס איבערגעשיקט אַ ראַדיאָ־דעפּעשע, אין וועלכער זי האָט געמאָלדן:

„איך בין אַזוי גליקלעך!"

איז זי דען טאַקי נישט געווען „די גליקלעכסטע מוטער אויף דער וועלט", ווי ס'האָט זי געהאַט אויסגעדריקט אין פּאַריז די מוטער פֿון אומגעקומענעם נענזשעסער?

דער אמתער יום־טוב, די אמתע מאַניפֿעסטאַציע האָט זיך געגרייט אין ניו־יאָרק אויפֿן טאָג, ווען לינדבערג האָט גע־דאַרפֿט אָנקומען אויף דער שיף „מעמפֿיס" אין ניו־יאָרקער פּאָרט.

אַזאַ פֿייערלעכן קבלת־פּנים, ווי לינדבערג האָט געהאַט ביי זיין אָנקומען דעם 11־טן יוני קיין ניו־יאָרק, האָט נישט געהאַט קיין איין מענטש אין אַמעריקע. דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָט מען אויפֿ־גענומען אַ מענטש מיט אַזאַ פּאַראַד, מיט אַזאַ כבוד. אַפֿילו דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט ווילסאָן, ווען ער איז צוריק־געקומען פֿון פֿראַנקרייך נאָכן שליסן דעם ווערסיילער שלום־טראַקטאַט, האָט אויך נישט געהאַט אַזאַ פֿייערלעכן קבלת־פּנים. דער אויפֿנאַם, וואָס מ'האָט געמאַכט פֿאַר לינדבערגן האָט איבערגעשטיגן אַלע דערוואַרטונגען.

ביים פּאָרט זענען געווען פֿאַרזאַמלט איבער הונדערט טויזנט מענטשן. אַזאַ מענטשן־מאַסע ביים פּאָרט האָט מען נאָך אין ניו־יאָרק נישט געזען.

ווען די שיף „מעמפֿיס" האָט זיך פּאַמעלעך דערנענטערט

צום ברעג, האָבן אַלע קריגס־שיפן, וואָס זענען ספּעציעל צו דעם צוועק געשטאַנען אין פּאָרט, באַגריסט דעם העלד מיט אַ פייפן פון אַלע סירענעס.

לינדבערג איז געשטאַנען אויפן קאַפּיטאַנס בריקל אין זיין ציוויל, בלויען אַנצוג און האָט האַרציק געשמייכלט, ווי ער וואָלט געפרעגט: איז עס לכבוד מיר אָט דער דאָזיקער גראַנדיעזער קבלת־פּנים?

דער פאַרזאַמלטער עולם ביים ברעג האָט אים דערקענט און אַ געשריי פון הונדערט־טויזנט העלזער האָט אָפּגעדונערט איבערן פּאָרט, אַ געשריי פול מיט התלהבות און פרייד.

איבער דער שיף האָבן אַרומגעקרייזט צוויי הונדערט עראָפּלאַנען צוזאַמען מיט דער ריזיקער לופט־שיף „לאָס־אַנדזשעלאָס", וועלכער איז אַלס דייטשער צעפּעלין אַריבער־געפלויגן דעם אָקעאַן פון אייראָפּע קיין אַמעריקע. (די אַמע־ריקאַנער רעגירונג האָט שפּעטער די דאָזיקע לופט־שיף אָפּ־געקויפט ביי די דייטשן און געענדערט איר נאָמען אויף „לאָס אַנדזשעלאָס").

פון די עראָפּלאַנען האָט מען כסדר אַראָפּגעוואָרפן בלו־מען אויף דער שיף אַזוי, אַז דער גאַנצער אויבערשטער דעק איז פאַרזייט געוואָרן מיט בלומען און אַרום לינדבערגן האָט זיך געבילדעט אַ באַרג מיט ווייסע בלומען.

ווען די שיף איז געבליבן שטיין, איז די ערשטע אַריין אינעווייניק לינדבערגס מוטער. דער זון און די מוטער האָבן זיך איינער דעם אַנדערן געוואָרפן אין די אָרעמס און זיך לאַנג געקושט. די מוטער האָט כסדר געפּליסטערט מיט אַ ציטערדיקער שטים:

— איך האָבן כסדר געהאַט אַ זיכער געפיל, אַז איך וועל דיך נאָך זען אַ זיגער.. דו, מיין קינד, האָסט מיך אָנגעשטעקט

מיט דיין אומדערשיטערלעכן גלויבן אין דעם דערפאָלג פון דיין אונטערנעמונג.

ווען לינדבערג איז געאַרעמט מיט זיין מוטער אַרויף אויפן ברעג, האָבן פון ביידע זייטן זיך אויסגעשטעלט די קאַדעטן פון דער אָפיצירן־אַקאַדעמיע, בילדנדיק אַ שפּאַליער, דורך וועלכן לינדבערג איז דורכגעגאַנגען.

ער איז איינגעשטיגן צוזאַמען מיט זיין מוטער אין אַ ספּעציעל צוגעגרייטן לוקסוס־אויטאָ. דער אויטאָ האָט אָבער קוים זיך געקאָנט דורכשלאָגן אַ וועג דורך דעם געדיכטן ים פון מענטשן. די מענטשן־כוואַליע האָט שיער נישט צוקוועטשט דעם אויטאָמאָביל. די אויסגעשרייען און פרייד־אויסרופן האָבן פאַרהילכט די גאַסן.

דער טאָג פון לינדבערג אָנקומען איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פאָלקס־יום־טוב. „דעם 11־טן יוני האָט גאַנץ ניו־יאָרק געטאַנצט“, דערציילט אַ זשורנאַליסט, „ווען איך האָב אין יענעם טאָג אַראָפּגעקוקט אויף דער שטאָט פון דעם העכסטן שטאָק פון דער העכסטער געביידע פון ניו־יאָרק, האָב איך געזען דאָס גרעסטע מענטשן־געווימל, וואָס אַ מענטש האָט ווען עס איז געזען אין לעבן“.

אינם טאָג פון לינדבערגס אָנקומען קיין ניו־יאָרק איז די בערזע געוואָרן געשלאָסן, אַ זאַך, וואָס איז געשען בלויז איינמאָל, ווען ס'איז געקומען צוריק אין 1919 קיין אַמעריקע דער אַמעריקאַנער גענעראַל פּערשינג.

אינם טאָג ווען לינדבערג איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע האָט ער דערהאַלטן הונדערט טויזנט באַגריסונגס־דעפּעשן און דריי מיליאָן בריוו, וועלכע זענען געווען בלויז אַדרעסירט:

„אונזער העלד“.

קיין גענויערן אדרעס האָט מען טאַקי נישט געדאַרפט, קיין בעסערע באַצייכענונג האָט פאַר אים נישט געקאָנט זיין. לינדבערג איז טאַקי געווען דער גרויסער העלד אין קאַמף מיט די סטיכישע כוחות פון דער נאַטור, א העלד, וועמענס נאָמען עס וועט מיט ליכטיקע אותיות זיין פאַרשריבן אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

# ביז איצט דערשינענע ביכלעך פון דער „גראָשן־ביבליאָטעק“

1. ראבערט סמיט: מאטא־האַרי — טענצערין־שפיאָן.
2. א. קעלמאן: אמעריקאנער מיליאנערן.
3. מ. הארטמאן: צווישן טראן און ליבע. (טראגעדיע פון דער האבס־בורגער דינאסטיע).
4. ס. האפקינס: גניאלע סיפיליטיקער.
5. פ. וועטשעלי: מאנאלעסקו, דער קעניג פון די גנבים.
6. ג. סלאנימסקי: ג. גאפאן, גלח־פראוואקאטאר.
7. מ. גרענאריוס: לוקרעציא באָרדזשיא.
8. י. קאנאן: גראף פאטאצקי, דער גר־צדק.
9. ראבערט סמיט: אלפרעד רעדל, דער עסטרייכישער אזעף.
10. פריטאף לארסאן: אין די נעגל פון ווייכן טויט. (נאבילעס עקספע־דיציע צום צפון־פאל).
11 ק. מאשקאוויטש: דאנטאן. דער גאון פון דער פראנצ. רעוואלוציע.
12. מ. הארטמאן: לעדי האמילטאן.
13. ב. גבריאלי: שאול וואהל, דער ייד. קעניג פון פוילן.
14. ש. בערנמאן: לעוו טראצקי, די טראגעדיע פון א רעוואלוציאנער
15. ה. פריידבערג: דער טרוימער פון אקעאנען (קריסטאף קאלומבוס).
16. קאנאן: אסתרקע, די פוילישע אסתר־המלכה.
17. מ. קאראלין: דער קייזער פון א רעפובליק (יוליוס צעזאר).
18. ב. סערלין: די העטערע אויפן טראן (יעקאטערינע II).
19. פ. זילבערמאן: שבתי צבי, דער פאלשער משיח.
20. אלעקסאנדער סיעראוו: ווי אזוי האט מען דערהרגעט אלעקסאנ־דער דעם צווייטן?
21. פמ. מייזנער: דער כישוף־מאכער פון אונזער צייט (טאמאס עדיסאן)
22. ג. סלאנימסקי: דער בונט אויף דער פאנצער־שיף „פאטיאמקין“
23. ק. מאשקאוויטש: דער נביא פון מעקא (מאכמעד).
24. י. קאנאן: יעקב פראנק.
25. מ. הארטמאן: פון טראן אויף דער תליה (מאריא סטיוארט).
26. מ. קאנטאר: כערגיי מיאסאיעדאוו (פאררעטער צי קרבן?)

(המשך אויף דער צווייטער זייט)

27 ש. בערנמאן: יעווגא אזעף — דער רעוואלוציאנער.
28. ש. בערנמאן: אזעף ראסקין — דער פראוואקאטאר.
29. מ. הארטמאן: מאנאן לעסקא.
30. קאראלין: נאפאלעאן באנאפארט.
31 א. סיעראן: איוואן דער גרויזאמער.
32. י. ק גאן: דוד הראובני (דער יידישער פירשט).
33. ק. מאשקאוויטש: ווי אזוי מ'האט אויסגעגנבעט די 10 ארעס. פון פאריזש.
34. י. ק. סימכאוויטש: די טראגעדיע דרייפוס.
35. י. ק. סימכאוויטש: דער מערטירער פון טייוולס-אינזל.
36. ש. בערנמאן: אטענטאט אויף סטאליפינען.
37. ד. קאפעלמאן: אלבערט איינשטיין.
38 א. קעלסאן: דער אטענטאט אין סאראיעווא.
39 נ. סלאנימסקי: פיאטר קראפאטקין (פירסט-רעוואלוציאנער).
40. ק. מאשקאוויטש: לענין (ערשטער טייל).
41. ק. מאשקאוויטש: לענין (צווייטער טייל).
42. ק. שימכאוויטש: דער אנפאל ביי ראנגאוו.
43. מ. הארטמאן: סארא בערנאר.
44 ש. בערנמאן: ברוך שפינאזא (דער גענייאלער אפיקורס).
45. מ. גרעגאריוס: דזשוזעפע גאריבאלדי.
46. ק. מאשקאוויטש: טארקווע מאדא.
47. ק. מאשקאוויטש: ספארטאקוס.
48. ב. סאייאנקאן: ווי אזוי מיר האבן דערהרגעט פלעווען?
49. י. ק. סימכאוויטש: גריגארי גערשוני.
50. ד. קאפעלמאן: פראנציסקא פערער.

(המשך אויף דער לעצטער זייט פון דער הילע)

י. ק. סימכאָוויטש

# דער מאָרד איז קלויסטער

(מאַצאָך־פּראָצעס)



פאַרלאַג „גראָשן־ביבליאָטעק“

וואַרשע 1932

מיטן מאַצאָך־פּראָצעס האָט געדונערט די גאַנצע וועלט.

דער נאָמען מ אַ צ אָ ך איז אפילו בײַ ייִדן אין פּוילן געוואָרן אַ שם־דבר. ייִדישע קינדער פּלעגן דעם דאָזיקן נאָמען באַנוצן אויף צו פֿאַרטיידיקן זיך פֿון אַנטיסעמיטישע באַליידיקונגען. מיט דעם נאָמען מאַצאָך האָט אויך געקלונגען די גאַנצע אייראָפּעאישע עפֿנטלעכקייט, ווײַל דער דאָזיקער פּראָצעס האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ שפּאַנענדן, אָטעם־פֿאַרכאַפּנדן, קרימינעלן ראָמאַן.

כדי צו האָבן אַ באַגריף, וואָס פֿאַר אַ רושם דער דאָזיקער פּראָצעס האָט געמאַכט אין יענער צײַט, איז גענוג צו לייענען, וואָס די צײַטונגען האָבן דעמאָלס געשריבן. אָט שרײַבט אַ פּוילישע צײַטונג ערב דעם פּראָצעס:

„מאָרגן הויבט זיך אויף אין פּיאָטרקאָווער קרייז־געריכט דער פֿאָרהאַנג פֿון דער געוואַלדיקער מאַצאָך־אַפֿערע, וועלכע האָט זיך מיט צוויי יאָר צוריק אָפּגעשפּילט צווישן די ווענט פֿון יאַסנאָגורער קלויסטער אין טשענסטאָכאָוו. מאָרגן וועט דער מערקווירדיקער העלד, דער מאָנאַך, דאַמאַזי מאַצאָך, וועלכער האָט אַזוי אויפֿגערעגט און באַליידיקט די גאַנצע קאַטוילישע וועלט, — פֿאַרשמוצט מיט בלוט די ווענט פֿון איינעם פֿון אונזערע עלטסטע קלויסטערס אין לאַנד — זיך שטעלן פֿאַרן געריכט און אַלע זײַנע מעשים וועלן זיך אויפֿדעקן פֿאַר די אויגן פֿון דער גאַנצער וועלט".

„ווי ווייט די גאַנצע וועלט, נישט נאָר אין פּוילן, איז פאַראינטערעסירט מיט דעם דאָזיקן מערקווירדיקן פּראָצעס, באַווייזט דער פאַקט, וואָס די גרעסטע אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע צייטונגען, ווי דער פּאַריזער „מאַטען", דער לאָנדאָנער „טיימס", די ווינער „נייע פרייע פּרעסע", די אַמעריקאַנער „טשיקאַגאָ טריבון" און אַנדערע גרויסע צייטונגען האָבן צוגעשיקט זייערע ספּעציעלע קאָרעספּאָנדענטן און צוגעזאָגט זייערע לעזער צו געבן גענויע באַריכטן וועגן די געריכטס־פאַרהאַנדלונגען, ווייל אויסער דער פּאָליטיש־מאָראַלישער באַדייטונג פון פּראָצעס איז די געשיכטע גופא פון דעם דאָזיקן פאַרברעכן אַזוי וואונדערלעך־מערקווירדיק, אַזוי שפּאַנענדיק־אינטערעסאַנט, ווי דער גרעסטער דעטעקטיוו־ראָמאַן.

„די מענטשן, וועלכע האָבן געהאַט די מעגלעכקייט זיך צו באַקענען מיט דעם באַשולדיקונגס־אַקט פון דעם דאָזיקן פּראָצעס, דערציילן, אַז דער דאָזיקער אַקט, וועלכער אַנטהאַלט אַ גאַנץ בוך, איז פון אָנהויב ביזן סוף אַזוי אינטערעסאַנט, אַזוי שפּאַנענד, אַז ווען מען וואָלט נישט געוואוסט, אַז דאָס איז אַ באַשולדיקונגס־אַקט, וואָלט מען געמיינט, אַז דאָס איז אַ ראָמאַן, וואָס נאָר אַ גרויסע קינסטלערישע פאַנטאַזיע קאָן אויסטראַכטן".

פון דעם אַלעם איז צו זען, וואָס פאַר אַ וועלט־רושם דער פּראָצעס האָט געמאַכט שוין בלויז צוליב זיין מערקווירדיקן, קרימינאַליסטישן כאַראַקטער. זעכציק קאָרעספּאָנדענטן פון פאַרשידענע צייטונגען אין דער וועלט זענען געקומען אין פּיאָטרקאָווער קרייז־געריכט, כדי אויסצוהערן אָט די דאָזיקע שפּאַנענדיקע געשיכטע, וואָס איר הויפּט־העלד איז געווען אַ גייסטלעכע פּערזאָן, דער מאָנאַך פון יאַסנאָגורער קלויסטער אין טשענסטאָכאָוו, דאַמאַזי מאַצאָך.

# אַ טויטער אין אַ קאַנאַפּע

דעם 13־טן יולי איז דער פּויער מאַרטשין צודאַק געפֿאָרן פֿון דאָרף הידלע אין דאָרף זאַוואַדי, וואָס געפֿינט זיך נישט ווייט פֿון נאָוואָ־ראַדאָמסק. אָן ערך אַ קילאָמעטער פֿאַר זאַוואַדי האָט צודאַק באַמערקט, ווי אויפֿן וואַסער פֿון טייכל, וואָס געפֿינט זיך נעבן וועג, שווימט מיט דעם דעק אַרויף אַ לאַנגער הילצערנער קאַסטן, איבערגעבונדן מיט שטריק.

— וואָס קאָן דאָס זיין? — האָט דער פּויער זיך געוואונדערט, באַטראַכטנדיק דעם שווימענדיקן קאַסטן, — צו וועלכן צוועק האָט מען אַ קאַסטן איבערגעבונדן מיט שטריק און אים געלאָזט אויפֿן קליינעם טייכל? דאָ איז עפּעס נישט קיין גלאַטע געשיכטע. אַ לאַנגער קאַסטן אויפֿן וואַסער מיט אַרומגעבונדענע שטריק?... דאָס שמעקט מיט עפּעס...

דער פּויער האָט זיך איבערגעצלמט, אַ פּעסטן שמיץ געטון די פֿערד און גענומען שנעל פֿאָרן. ער האָט זיך געוואָלט געפֿונען וואָס ווייטער פֿון דעם אָרט, וואו עס שווימט דער געהיימניספֿולער קאַסטן, כדי מען זאָל אים, חס־וחלילה, אין עפּעס נישט חושד זיין.

קומענדיק קיין זאַוואַדי, האָט דער פּויער קיינעם גאָרנישט דערציילט, וואָס ער האָט געזען אויפֿן וועג. ער האָט אינסטינקטיוו געפֿילט, אַז דער שווימענדיקער קאַסטן איז נישט קיין געוויינלעכע זאַך און דעריבער האָט ער באַשלאָסן צו שווייגן, כדי זיך נישט אַריינצופּלאָנטערן אין קיין אומאָנגענעמע געשיכטע.

צומאָרגנס אַרום 7 אַ זייגער אינדערפֿרי איז אַ צווייטער פּויער, אַ געוויסער יאַן דאָמבראָווסקי, אַרויסגעגאַנגען צופֿוס פֿון זאַוואַדי קיין הידלע. ער האָט אויך באַמערקט דעם שווימענדיקן קאַסטן און געבליבן שטיין נעבן ברעג פֿון טייכל. „די

געשיכטע געפעלט מיר עפעס נישט", — האָט דער פויער גע־טראַכט, — נאָר וואָס איז מיין עסק, צו וואָס זאָל איך זיך מישן אין פרעמדע געשעפטן? בעסער איז וואָס שנעלער זיך אָפּצוטראָגן פון דאַנען".

דער פויער האָט גענומען מאַכן שנעלערע טריט און ווען ער איז אָנגעקומען קיין הידלע, האָט ער געפילט, ווי ער איז אינגאַנצן דורכגענעצט אין שווייס. ער האָט אויך קיינעם נישט דערציילט, וואָס ער האָט געזען. דער אינסטינקט האָט אויך אים געזאָגט, אַז די געשיכטע מיטן קאַסטן איז נישט קיין געוויינלעכע זאַך.

אַרום דריי בייטאָג איז ער צוריק אַרויסגעגאַנגען פון הידלע און זיך געלאָזט קיין זאַוואַדי. ער האָט לכתחילה געוואָלט אויסמיידן דעם וועג, וואָס געפינט זיך נעבן טייכל און גיין אפילו דורכן וואַלד, וואָס פאַרגרעסערט דעם וועג אויף עט־לעכע קילאָמעטער. דער פויער איז אָבער גלייכצייטיק אויך געווען נייגעריק. וואָס איז מיטן שווימענדיקן קאַסטן? צי גע־פינט ער זיך נאָך אויפן טייכל? וואָס געפינט זיך אין דעם דאָזיקן קאַסטן?

אין דעם פויער האָבן געקעמפט נייגעריקייט און מורא און ענדלעך האָט געזיגט די נייגעריקייט.

ווען דאָמבראָווסקי איז צוגעקומען צום טייכל, האָט ער צו זיין שטוינונג דערזען פאָלגנדיק בילד:

דער קאַסטן איז שוין דורך אימיצן האַלב געווען אַרויס־געשלעפט פון וואַסער, די שטריק זענען געווען אויפגעבונדן און אויפן וועג האָבן זיך געוואַלגערט אַ רויט קישן און אַ מאַטראַץ.

נישט קוקנדיק, וואָס דאָמבראָווסקי האָט אינגאַנצן גע־ציטערט פאַר שרעק, האָט ער זיך דערנענטערט צום קאַסטן און ערשט דאַמאָלס האָט ער נאָך מער אויפגעציטערט און אַ וויילע געבליבן שטיין, ווי אַ געליימטער

דאָס איז נישט געווען קיין קאַסטן, נאָר אַן איבערגעקער־טע קאַנאַפּע, וועלכע איז געווען אַרומגעוויקלט מיט אַ שוואַרצן צודעק.

ערשט איצט איז פאַר דעם פּויער נאָך קלאָרער געוואָרן, אַז דאָס איז זייער אַ פּאַרדעכטיקע געשיכטע. ס'האָט זיך אים אויך געדוכט, אַז ער פילט אַ ריח פון אַ פוילנדיקן קערפּער. ער האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו דער קאַנאַפּע און אַריינגעצויגן דעם אָטעם.

אין דעמזעלבן מאָמענט איז ער אָפּגעשפּרונגען און זיך איבערגעצלמט: אַ שרעקלעכער ריח פון אַ פאַרפוילטן קערפּער האָט אים אַ זעץ געטאָן אין דער נאָז. ער האָט זיך שנעל גע־לאָזט קיין זאַוואַדי, אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן, צי אי־מיצער גייט נישט.

— דאָ איז געשען אַ שרעקלעכע געשיכטע, — האָט דאָמבראָווסקי געטראַכט, גייענדיק מיט זייער שנעלע טריט אויפן זאַמדיקן וועג און ווישנדיק זיך אַלע ווייל דעם שווייס פון שטערן, — איך מוז אָבער מאַכן אַ שווייג, ווייל אויב איך וועל דערציילן דאָס, וואָס איך האָב געזען, קאָן מען מיך איינ־זעצן און חושד זיין אין אַ מאָרד. צו וואָס זאָל איך זיך אַריינ־פּלאָנטערן אין אַ מיאוסער געשיכטע? זאָלן בעסער אַנדערע דערציילן, וואָס זיי האָבן געזען.

און דאָמבראָווסקי האָט טאַקע קיינעם גאָרנישט דער־ציילט, וואָס ער האָט געזען אויפן וועג צווישן הידלע און זאַ־וואַדי.

פאַרנאַכט האָט דאָס פּאַסטוך־יונגל יוראַשעק אַהיימגע־טריבן די בהמות אין דאָרף אַריין. דערזעענדיק די קאַנאַפּע האַלב אין וואַסער און האַלב אויפן ברעג און דאָס רויטע קישן מיט דעם מאַטראַץ זיך וואַלגערן אויפן זאַמד, האָט ער זיך אַ ווייל אָפּגעשטעלט און באַטראַכט די קאַנאַפּע. דער שוואַר־צער צודעק, אין וועלכן די קאַנאַפּע איז געווען איינגעהילט,

האָט אויף אים אַנגעוואָרפן אַן אימה. ער האָט שנעל אוועק־געטריבן די בהמות אין דאָרף אַריין און דערציילט די פּויערים, וואָס ער האָט געזען.

— נו, אויב דו האָסט געזען, טאָ גיי זשע אין דער גמינע אַריין און דערצייל, וואָס דו האָסט געזען, — האָבן די פּוי־ערים דערקלערט. — דאָס איז דיין חוב און נישט אונזער זאַך.

— איך האָב אָבער מורא... מ'וועט מיך נעמען פּאַרשן, — האָט דער פּאַסטוך זיך געננומען קווענקלען.

— וואָס איז דאָ מורא צו האָבן, וועסט דערציילן, וואָס דו האָסט געזען און — באַסטאַ! אויב דו וועסט נישט דער־ציילן, קאָן מען דיך נאָך אויף אַן אמת אנהויבן חושד צו זיין: האָסט געזען אַזאַ זאַך — און נישט געמאָלדן דעם וואָ'יט?

דאָס יונגל איז אַ ציטערנדיקער אַוועק אין דער גמינע קאַנצעלאַריע, וואָס האָט זיך געפונען פיר קילאָמעטער פון זאַוואַדי. דער גמינע־שרייבער האָט אויסגעהערט די דערציילונג פון פּאַסטוך און געפרעגט:

— מער ווי די קאָנאַפּע האָסטו נישט געזען?

— כ'האָב שוין געזאָגט, כ'האָב נאָך געזען אַ מאַטראַץ און אַ קישן.

— כ'מיין, צי דו האָסט נישט געזען ערגעץ אין דער נאָענט אַ טויטן קערפּער? — האָט ווייטער געפרעגט דער גמינע־שרייבער. — דער ענין זעט מיר אויס צו זיין זייער פאַרדעכטיק, — האָט ער זיך געווענדעט צום פּאָליציאַנט, וואָס האָט זיך געפונען אין דער גמינע־קאַנצעלאַריע.

— דאָס איז נישט קיין געוויינלעכע קאָנאַפּע, — האָט דער פּאָליציאַנט צוגעגעבן.

— איך האָב קיין שום טויטן קערפּער נישט באַמערקט, — האָט דער פּאַסטוך געענטפערט, דרייענדיק נערוועז דאָס היטל אין זיינע הענט.

— קום מיט אונז, יונגל, — האָט דער גמינע־שרייבער א זאָג געטון, אויפשטעלנדיק זיך פון אָרט, — ווייז אונז דאָס אָרט, וואו דו האָסט געזען די געהיימניספולע קאנאַפּע.

ביים שיין פון ברענענדיקע שטיקער העלצער זענען אָנגע־קומען אויפן אָרט נעבן טייכל דער גמינע־שרייבער, א פּאָלי־ציאַנט, דער פּאסטוך און עטלעכע פּויערים פון נאָענטן דאָרף. די געשיכטע מיט דער געהיימניספולער קאנאַפּע האָט שוין באַוויזן באקאנט צו ווערן צווישן די פּויערים פון אלע ארומי־קע דערפער. מ'האָט שוין גענומען זיך דערציילן פארשידענע אויסטערלישע מעשיות.

דער פּאָליציאַנט האָט מיט דער הילף פון די פּויערים גענומען אראָפּרייסן דעם צודעק פון דער קאנאַפּע. ווי נאָר מען האָט אראָפּגענומען דעם דעק, איז פון אינעווייניק ארויסגע־פאלן א ראַגאָזשע, אויף וועלכן ס'האָט זיך געפונען א גרוי־סער, קיילעכדיקער שטעמפּל.

— דאָ האָט מען באהאלטן א גנבה, — האָט דער פּאָ־ליציאַנט באמערקט, — זעט נאָר, וואָס מ'האָט אלץ ארייננגע־פּאַקט אין דער דאָזיקער קאנאַפּע!

ער האָט אָנגעהויבן ארויסצושלעפּן פון אינעווייניק און אַלטן פעלץ פון מאַלפּן־פוטער, א קישן מיט רויטן איבערצוג, צוויי קליינע מאַטראַצלעך, אָבער פלוצלינג האָט ער א ציטער געטון.

— לייכט נאָר גוט, — האָט ער א זאָג געטון, — וואָס איז דאָס? אזוי גאָר? א בר־מנן אויך? א נישקשהדיקע גע־שיכטע — א טויטער ליגט דאָ איינגעפּאַקט!

— א מאָרד, א מאָרד! — האָבן זיך דערהערט שטימען פון די פּויערים, — פּאָטער אין הימל!

פּאַר אַלעמענס אויגן האָט זיך אין שיין פון די ברענענ־דיקע העלצער פּאָרגעשטעלט א שוידערלעך בילד:

אין דער גאנצער לענג פון דער קאנאַפּע, אונטער די אלע

אַפּערגנעגומענע זאַכן איז געלעגן דער טויטער קערפּער פֿון אַ מאַנספּערזאָן, וועלכער איז געווען געקליידט בלויז אין די אונטערוועש. די וועש איז געווען באַשפּריצט מיט גרויסע בלוט־פֿלעקן. די אויגן פֿון מת זענען געווען האַלב אָפֿן, זיין געזיכט איז געווען רואיק, ווי ער וואָלט געשלאָפֿן. ער האָט געהאַט געלבלעכע האָר אויפֿן קאָפּ, געלבלעכע וואָנצן און געטראָגן אַ קליין בערדל. דער קערפּער איז געווען איינגעהילט אין אַ קאָלדרע און דער קאָפּ אַרומגעוויקלט מיט אַ ליילעך. די פֿיס און די הענט זענען געווען געבונדן מיט גאַזע־באַנדאַזשן. דאָס אויסזען פֿון טויטן האָט ביים שיין פֿון די ברענענדיקע העלצער געמאַכט אַ מיסטישן איינדרוק. נישט ווייט פֿון דער קאַנאַפּע האָט מען אויפֿן וועג געפֿונען נאָך אַ ראָגאָזשע, אויף וועלכער ס'האָט זיך אויך געפֿונען אַ גרויסער שטעמפּל.

אויפֿן אָרט פֿון פֿאַרברעכן איז געבליבן שטיין אַ וואָך און צומאָרגנס איז געקומען צופֿאָרן דער פּראָקוראָר. עס האָט זיך אָנגעהויבן די אויספֿאָרשונג אַרום דעם געהיימניספֿולן פֿאַרברעכן.

די דאָקטוירים, וועלכע האָבן באַטראַכט און דורכגעפֿירט די סעקציע פֿון קערפּער, האָבן פֿעסטגעשטעלט צען וואונדן, איבערהויפּט אויפֿן קאָפּ און אויפֿן האַלז. איין טייל פֿון שאַרבן האָט זיך אינגאַנצן געלאָזט אָפּהויבן פֿון קאָפּ, אַזוי צוקלאַפּט איז דער שאַרבן געווען. די מעדיצינישע עקספּערטן האָבן אויך דערקלערט, אַז דעם דערמאָרדעטן האָט מען געגעבן, בעת ער האָט נאָך געלעבט, זייער פֿיל קלעפּ מיט אַ שאַרפֿן אינסטרומענט, ווי אַ האַק. צוויי פֿון די קלעפּ זענען געווען אַזעלכע שטאַרקע, אַז זיי האָבן מאָמענטאַל גורם געווען דעם טויט. די ביילן און בלויע שיניאַקעס אויפֿן האַלז און ברוסט האָבן געשטאַמט פֿון קלעפּ, וועלכע זענען געגעבן געוואָרן מיט אַ טעמפּן אינסטרומענט און דורך שטיקן, כדי דער טויט זאָל קומען וואס

שנעלער. לויט דער מיינונג פון דער מעדיצינישער עקספּער־
טיזע איז דער קרבן דערמאָרדעט געוואָרן בעת ער איז געלעגן
אויף דער לינקער זייט און געשלאָפן. דאָס האָט באַוויזן די
לאַגע פון די וואונדן און דער רואיקער אויסדריק פון גע־
זיכט.

# דער לעבעדיקער מת

ווער איז געווען דער דערמאָרדעטער? אָט דאָס האָט מען
קודם־כל געדאַרפט פעסטשטעלן.

נאָך אַ קורצער חקירה ודרישה האָט די פּאָליציייאישע
אויספאָרשונג פעסטגעשטעלט, אַז דער דערהרגעטער מאַנס־
פּערזאָן, וועלכן מ'האָט געפונען אין דער קאַנאַפּע, איז דער
קעלצער איינוואוינער באַרטאָלאָמעאוש וואויטשיצקי.

ווי אַזוי האָט זיך די פּאָליציי אַזוי שנעל דערוואוסט, ווער
ס'איז די פּערזאָן פון דעם געהיימניספולן הרוג? דאָ הויבט זיך
אָן זייער אַ טשעקאַווע און אינטערעסאַנטע געשיכטע:

אין עטלעכע חדשים אַרום נאָכן געפינען די קאַנאַפּע מיטן
אומבאַקאַנטן דערמאָרדעטן, האָט זיך צום אויספאָרשונגס־
ריכטער אין נאָוואָראַדאָמסק געמאָלדן דער גוט־באַזיצער יוזעף
ווילקאָנסקי און דערציילט פאָלגנדעס:

— דעם 8־טן יולי איז קיין נאָוואָראַדאָמסק געקומען
דער קעלצער איינוואוינער באַרטאָלאָמעאוש וואויטשיצקי, כדי
צו קויפן אַ גוט אין נאָוואָראַדאָמסקער קאַנט. וואויטשיצקי
האָט זיך אָפּגעשטעלט אין האָטעל „פּאָלסקי" און זיך באַ־
קענט מיטן יידישן מעקלער לעוועק פישעלעוויטש, וועלכן ער
האָט געבעטן, אַז ער זאָל אים אויסזוכן צום קויפן עפּעס אַ
פּאַסנדיק גוט. פישעלעוויטש איז געקומען צו מיר און אָנגע־
שלאָגן דאָס געשעפט. איך האָב מסכים געווען צו פאַרקויפן
איינע פון מיינע גיטער. נאָך אין דעמזעלבן טאָג האָט מיר

פישעלעוויטש באקענט מיט וואָויטשיצקין. מיר זענען דאָן אַלע דריי צוזאַמען אָפּגעפאָרן אין דעם גוט, וואָס איך האָב געוואָלט פּאַרקויפן. וואָויטשיצקין איז דער גוט געפעלן געוואָרן און ער האָט איינגעשטימט אויפן פּרייז פון 57 טויזנט רובל. ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער וואָלט באַלד געשלאָסן די טראַנזאַקציע, נאָר אַזוי ווי ער האָט נישט ביי זיך דאָס געלט, פאָרט ער אַ היים און וועט איבערמאָרגן צוריקקומען מיטן געלט. אָבער ער איז ביז היינטיקן טאָג מער נישט געקומען.

— רעכנט איר דעריבער, אַז מ'האָט וואָויטשיצקין באַרויבט און דערהרגעט? — האָט געפרעגט דער אויספאָרשונגס־ריכטער, — גלויבט איר, הייסט עס, אַז דער געהיימניס־פולער הרוג אין דער קאַנאַפּע זאָל זיין נישט קיין אַנדערער, ווי דער דאָזיקער באַרטאָלאָמעאוש וואָויטשיצקי?

— נישט איך רעכן, נאָר איך בין דערין טיף איבערצייגט, — האָט געענטפערט ווילקאָנסקי, — און איך בין זיכער, אַז איר, הער ריכטער, וועט זיך אויך באַלד איבערצייגן, אַז מיין השערה איז אַ ריכטיקע. איך האָב אַ באַקאַנטן, אַ געוויסן יאַן מיגולסקי, וועלכער אַרבעט אין נאָוואָראַדאָמסקער פּאָסט־אַמט. נעכטן איז ביי מיר געווען מיגולסקי און ווען מיר האָבן געשמועסט וועגן דעם געהיימניספולן הרוג אין דער קאַנאַפּע, האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט דעם 12־טן יולי אין אָוונט געזען, ווי דער נומער־אָווי מיכאַלסקי און דער טרעגער משה ראָזענשטיין האָבן פון האָטעל „פּאָלסקי" אַרויסגעטראָגן אַ לאַנגן און פּירקאַנטיקן פּאַק, וועלכער איז געווען איינגעניייט אין ראָגאָזשעס, דעם פּאַק האָבן זיי אַרויפגעלייגט אויף אַ פור, וואָס געהערט צום פורמאַן בראָניסלאַוו סופּינסקי. דאָס וויכטיקסטע דערביי איז, הער ריכטער, וואָס די גאַנצע צייט, בעת מ'האָט אַרויסגעטראָגן דעם פּאַק, איז פּישעלעוויטש געשטאַנען אויף דער גאַס פאַרן האָטעל און געהיט. דאַרף מען נאָך בעסערע באַווייזן? איז דען נישט קלאָר,

אַז פּישעלעוויטש האָט וואָויטשיצקין באַרויבט און דערמאָר־
דעט?

— יאָ, באַווייזן זענען טאָקע דאָ שטאַרקע. איך וועל
מיר תּיכף היישן רופן צו זיך דעם דאָזיקן מיגולסקי. הייסט עס,
אַז דאָ איז פאָרגעקומען אַ פּשוטער רויב־מאָרד, — האָט דער
אויספאָרשונגס־ריכטער זיך געריבן די הענט פון צופרידנקייט,
וואָס ס׳איז אַזוי לייכט געלונגען גלייכצייטיק צו אַנטדעקן
ווער ס׳איז דער דערמאָרדעטער און ווער ס׳איז דער פאַרברע־
כער. — לכתחילה האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דער מאָרד
איז זייער אַ געהיימניספולער, אַז אונדז וועט אויסקומען לאַנג
צו נישטערן, איידער מיר וועלן פאַלן אויף די שפּורן פון
פאַרברעכער. און דאָ האָבן מיר מיט איינמאָל, אַ דאַנק אייך,
הער ווילקאָנסקי, געכאַפּט צוויי האָזן מיט אַמאָל. מיר האָבן
פעסטגעשטעלט, ווער ס׳איז דער געהיימניספולער הרוג און
ווער ס׳איז זיין מערדער.

דער אַרויסגערופענער מיגולסקי האָט פולשטענדיק באַ־
שטעטיקט דאָס, וואָס ער האָט דערציילט ווילקאָנסקין. ער
האָט נאָך צוגעגעבן, אַז בעת דער נומעראָווי און דער טרעגער
האָבן אַרויסגעטראָגן דעם פּאַק, האָט פּישעלעוויטש זיי גע־
זאָגט: „נו, מאַכטס שוין גיכער, אַ סוף!‟ און איז געווען זייער
דערשראָקן.

— און דער נומעראָווי און דער טרעגער? — האָט דער
אויספאָרשונגס־ריכטער געפרעגט. — צי האָבן זיי אויך אַרויס־
געוויזן אַוועלכע ס׳איז שרעק?

— דאָס איז מיר שווער געווען צו באַמערקן, ווייל איך
האָב נישט געלייגט דערויף קיין ספּעציעלן אַכט. איך האָב מיך
נאָר געוואונדערט אויף דעם לאַנגן און פּירקאַנטיקן פּאַק, וועל־
כער האָט אויף מיר געמאַכט אַן איינדרוק, ווי מ׳וואָלט אַ
טרומנע איינגעוויקלט אין ראָגאָזשעס.

אין דער פּאָליציי האָט מען דעם גוטבאַזיצער ווילקאָנ־

סקי געוויזן די פאָטאָגראַפיע, וואָס מ'האָט אַראָפּגענומען פון הרגע. ווילקאָנסקי האָט פאַרזיכערט, אַז ער דערקענט אין דעם דערמאָרדעטן וואָויטשיצקין. מ'האָט דאַן אַרויסגערופן קיין נאָוואָראַדאָמסק וואָויטשיצקיס פרוי און ווי נאָר זי האָט אַ קוק געטאָן אויף דער פאָטאָגראַפיע, איז זי געפאַלן אין חלשות. ווען מ'האָט זי אָפּגעמינטערט, האָט זי פאַרזיכערט, אַז זי דערקענט אין דעם הרגס פאָטאָגראַפיע איר מאַן. דאָסזעלבע האָט אויך דערקלערט וואָויטשיצקיס שוואָגער. ווען דער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט געבעטן, אַז ער זאָל זיך גוט איינקוקן אין דער פאָטאָגראַפיע, טאָמער האָט ער אַ טעות, האָט וואָויטשיצקיס שוואָגער געענטפערט:

— וואָס הייסט — איך האָב אַ טעות? צי קען איך נישט מיין אייגענעם שוואָגער? דאָס איז ער, באַרטאָלאָמעאוש.

— דאָס איז דאָך ער, מיין ליבער באַרטעק! — האָט די פרוי געשלוכצט, קוקנדיק אויף דער פאָטאָגראַפיע פון דעם דערמאָרדעטן.

די פּאָליציי און די אויספאָרשונגס־מאַכט האָבן שוין איצט אויף אַ האָר נישט געצווייפלט, אַז דער געהיימניספולער הרוג איז טאַקע וואָויטשיצקי. אין האָטעל „פּאָלסקי" איז געמאַכט געוואָרן אַ שטרענגע רעוויזיע און די דאָזיקע רעוויזיע האָט באַשטעטיקט דעם חשד פון ווילקאָנסקין און מיגולסקין. אין איינעם פון די האָטעל־צימערן, וואו ס'האָט געוואוינט דער נומעראָווי מיכאַלסקי, האָט מען געפונען דריי קישנס מיט בלוט־פלעקן, אויפן דאַך פון האָטעל האָט די פּאָליציי געפונען פאַרוואָרפן אַ ציכל, וואָס האָט אויך אויף זיך געהאַט בלוט־צייכנס, חוץ דעם האָט מען אין צימער, וואו וואָויטשיצקי איז איינגעשטאַנען, באַמערקט, אַז די פאַרב פון דער וואַנט, וואו דאָס בעט איז געשטאַנען, איז געווען שטאַרק אָפּגעריבן, ווי דאָס וואָלט בכיון געטאָן געוואָרן, כדי אָפּצורייניקן די וואַנט פון בלוט־פלעקן.

תיכף נאָך דער רעוויזיע זענען אַרעסטירט געוואָרן לע־וועק פּישעלעוויטש, דער נומעראַווי פון האָטעל מיכאַלסקי, דער טרעגער ראָזענשטיין און דער פּורמאַן סקופּינסקי אונטער דער באַשולדיקונג, אַז זיי האָבן באַרויבט און דערמאָרדעט וואוי־טשיצקין. באַלד האָבן אַלע צייטונגען געשריבן, אַז „ס'איז זייער לייכט אָנגעקומען צו אַנטדעקן די מערדער פון געהיימ־ניספולן הרוג אין דער קאַנאַפּע אַ דאַנק דעם פּאָסט־באַאַמטן מיגולסקי". די פּאָליציי און די אויספאָרשונגס־מאַכט האָבן טריאומפירט. קיינער האָט נישט געצווייפלט, אַז דער געהיימ־ניספולער מאָרד איז אַנטדעקט געוואָרן. די פּראָקוראַטור האָט זיך שוין אַפילו געגרייט צונויפצושטעלן דעם באַשולדיקונגס־אַקט.

די באַשולדיקטע האָט מען שרעקלעך געפּייניקט, אַז זיי זאָלן זיך מודה זיין אין דעם פאַרברעכן, אָבער זיי האָבן אַלע געטענהט, אַז זיי הויבן נישט אָן צו וויסן, וואָס מ'וויל פון זיי.

— מיר זענען אומשולדיק! — איז געווען דער ענטפער אויף אַלע ענוים קשים, וואָס די פּאָליציי האָט אָנגעווענדעט בעת דער אויספאָרשונג.

— אָבער וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ פּאַק, וואָס איר האָט אַרויסגעטראָגן פון האָטעל? — האָט דער אויספאָר־שונגס־ריכטער געפּרעגט, — און וואָס איז גראָד דאַמאָלס געשטאַנען ביים האָטעל פּישעלעוויטש? פון וואַנען נעמען זיך די דריי קישנס מיט בלוט־פלעקן ביי מיכאַלסקין אין צימער? און דאָס ציכל מיט בלוט־פלעקן אויפן דאַך — וואָס באַדייט דאָס? און די אָפּגעקראַצטע פאַרב אויף דער וואַנט, וואו איז וואוטשיצקיס בעט איז געשטאַנען? ווי קאָנט איר נאָך לייקענען אין מאָרד, ווען קעגן אייך זענען דאָ אַזעלכע קלאָרע באַווייזן?

פּישטעלעוויטש האָט דערקלערט, אַז אמת, ער איז טאַקע

געשטאַנען יענעם אָוונט בײַם האָטעל, נאָר ער האָט געוואַרט אויף זײַנס אַ באַקאַנטן, וועלכער האָט געהאַט געוואוינט אין האָטעל „פּאָלסקי". דער דאָזיקער באַקאַנטער קאָן עס באַשטעטיקן אונטער אַ שבֿועה. מיכאַלסקי האָט דערקלערט מיט אַ פאַרשעמטער שטים, אַז אין דעם בעט, וואו מ'האָט געפונען די קישנס מיט בלוט־פלעקן, שלאָפט זײַן פרוי... דאָס ציכל, וואָס מ'האָט געפונען אויפן דאַך, האָט זיך דאָרט זיכער פאַרוואַלגערט און די בלוט־פלעקן זענען אויך, חס־וחלילה, נישט פון קיין מאָרד, נאָר פון אַ נאַטירלעכער, פיזיאָלאָגישער דערשײַנונג... וואָס שײַך דעם גרויסן פּאַק אײַנגעבונדן אין ראָגאָזשעס, וואָס זײַ האָבן אַרויסגעטראָגן פון האָטעל און אַרויפגעלייגט אויף סקופּינסקיס פור, איז עס געווען אַ שטײַ־זייגער, וואָס מ'האָט געקויפט פאַרן האָטעל און דער זייגער איז שלעכט געגאַנגען, האָט מען אים צוריק עקספּעדירט צום זייגערמאַכער.

נישט קוקנדיק דערויף, וואָס סײַ דער האָטעל־אײַגנטימער און סײַ דער זייגערמאַכער האָבן עדות געזאָגט, אַז די באַשולדיקטע האָבן אַרויסגעפירט דעם זייגער אין דעם אָוונט פון 12־טן יולי, האָט די אויספאָרשונגס־מאַכט זיך ווײַטער געהאַלטן בײַ דער מיינונג, אַז פּישעלעוויטש צוזאַמען מיט מיכאַלסקין, ראָזענשטיינען און סקופּינסקין זענען באַגאַנגען דעם מאָרד איבער וואַויטשיצקין; וואָרום, ווער האָט געוואוסט, אַז וואַויטשיצקי האָט בײַ זיך אַ גרויסע סומע געלט? אײן פּישעלעוויטש. אַליין אויספירן דעם מאָרד אין האָטעל איז פאַר אים געווען אַן אוממעגלעכע זאַך. ער האָט דעריבער זיך גענומען צו הילף דעם נומעראָווי פון האָטעל. בײדע האָבן דערהרגעט וואַויטשיצקין, אַרײַנגעשטופּט דעם טויטן קערפּער אין אַ קאַנאַפּע און מיט דער הילף פון טרעגער ראָזענשטיין און דעם פורמאַן סקופּינסקי עקספּעדירט דעם „טויטן באַגאַזש" צום טײַכל, נישט ווײַט פון זאַוואַדי.

אזוי האָט געטראַכט די אויספאָרשונגס־מאַכט, אזוי האָבן געשריבן די צייטונגען, שילדערנדיק אפילו, ווי אזוי דער מאָרד איז צוגעגאַנגען. די עפנטלעכע מיינונג האָט נישט געצווייפלט אַז דאָס פאַרברעכן מיט דער געהיימניספולער קאַנאַפּע איז אַרויס, ווי „בוימל אויפן וואַסער".

די באַשולדיקטע זענען דערווייל געזעסן אין נאָוואָראַ־דאָמסקער תּפיסה, יעדער אין אַ באַזונדער קאַמער, כדי זאָלן זיך נישט קאָנען צווישן זיך פאַרשטענדיקן. אין דער פּראָקוראַטור האָט מען שוין צוגעגרייט אַלע מאַטעריאַלן צום באַשולדיקונגס־אַקט. די קאַנאַפּע מיט די ראָגאָזשעס און קישנס ווי אויך די קישנס מיט דעם ציכל, וואָס מ'האָט געפונען ביי מיכאַלסקין אין צימער, האָט מען באַצייכנט, אַז זיי געהערן צו די אַקטן פון פּראָצעס „וועגן דערמאָרדן דעם קעלצער איינוואוינער באַרטאָלאָמעאוש וואָוויטשיצקי".

אָבער פּלוצלינג ווערט דעם 1־טן סעפּטעמבער דערהאַלטן אַ ידיעה, וואָס טרעפט אַלעמען, ווי אַ באָמבע. די אויספאָרשונגס־מאַכט איז צעטומלט, די פּאָליציי איז שטאַרק פאַרשעמט, דער אויספאָרשונגס־ריכטער געפינט זיך זייער אין אַ שווערער לאַגע. אַזאַ אַנטוישונג האָט ער דאָס ערשטע מאָל אין זיין געריכטס־פּראַקטיק.

פון קראָקע איז אָנגעקומען אַ בריוו צום אויספאָרשונגס־ריכטער און דעם בריוו האָט געשריבן נישט קיין אַנדערער, ווי... באַ־טאָלאָמעאוש וואָוויטשיצקי אַליין! און אָט וואָס ער האָט געשריבן:

„ערשט היינט האָב איך געלייענט אין די פּוילישע צייטונגען פון רוסלאַנד*), אַז מ'האָט מיך דערמאָרדעט און פאַרפּאַקט אין אַ קאַנאַפּע... ווי איר זעט פון מיין בריוו, העך אויספאָרשונגס־ריכטער (מיין אונטערשריפט איז נאָטאַר־

*) קראָקע האָט דאַמאָלס געהערט צו רוסלאַנד

יאָל באַשטעטיקט), הויב איך וועגן דעם אַלעס גאָרנישט אָן צו וויסן... איך אייל מיך דעריבער, וואָס שנעלער צו שרייבן, ווייל איך וויל נישט, אַז עס זאָלן ליידן אומשולדיקע מענטשן. איך בין פון נאָוואָראַדאָמסק דעם 8־טן יולי גלייך געפאָרן קיין קראָקע. איך האָב וועגן דעם נישט מודיע געווען מיין פרוי פשוט דערפאַר, ווייל מיר זענען אַ געוויסע צייט צע־קריגט. קיין קראָקע בין איך געפאָרן, כדי צו באַזוכן מיין זון, וועלכער שטודירט אויפן יאַגעלאָנער אוניווערזיטעט. מיך וואונדערט שטאַרק, וואָס מ'האָט אין דעם הרוג דערקענט נישט קיין אַנדערן, נאָר מיך... וואַרשיינלעך איז ער זייער ענלעך צו מיר. ווען כ'האָב געלייענט אין די צייטונגען וועגן „דעם מאָרד פון באַרטאַלאָמעאוש וואויטשיצקי", האָב איך מיך אַ רגע דערשראָקן און אַ טראַכט געטון: אפשר איז עס אמת, אפשר לעב איך טאַקע נישט?... אָבער באַלד האָב איך דערפילט, אַז איך לעב און בין געזונט.

אונטערגעשריבן: באַרטאַלאָמעאוש וואויטשיצקי".

— הייסט עס, די גאַנצע אויספאָרשונג איז אַוועק אויף אַ פאַלשן וועג, — האָט דער אויספאָרשונגס־ריכטער נערוועז גענומען אַרומשפּאַנען איבער זיין קאַבינעט און כסדר נישט אויפגעהערט צו לייענען דעם בריוו פון דעם לעבעדיקן מת. — ווילקאָנסקי און מיגולסקי האָבן מיך פשוט פאַרפירט מיט זייערע דערקלערונגען. זיי זענען אָבער נישט שולדיק, ווייל יעדער בר־דעת וואָלט דאָך אַנדערש נישט געטראַכט. קעגן די באַשולדיקטע זענען דאָך געווען קאָנקרעטע באַווייזן און וואָלט זיך נישט געמאָלדן דער לעבעדיקער וואויטשיצקי, וואָלטן דאָך די פיר באַשולדיקטע פאַרמשפּט געוואָרן צו לאַנגע יאָרן תפיסה. קודם כל דאַרף מען די אומשולדיקע מענטשן באַפרייען. אָבער איצט בלייבט ווייטער אַ רעטעניש: ווער איז פאַרט דער געהיימניספולער הרוג אין דער קאַנאַפּע?

די אומשולדיקע פישעלעוויטש, מיכאַלסקי, ראָזענשטיין

און סקופּינסקי, זענען באַלד צומאַרגנס, נאָכן דערהאַלטן וואוי־טשיצקיס בריוו, באַפרייט געוואָרן פון תפיסה. דער סוד מיט דעם געהיימניספולן הרוג איז ווייטער נישט געוואָרן אויפגע־קלערט. די אויספאָרשונג איז ווידער געשטאַנען פאַר אַ גרויס רעטעניש: נישט נאָר מען ווייסט נישט, ווער ס׳איז דער מער־דער, נאָר מען ווייסט אויך נישט, ווער ס׳איז דער דערמאָר־דעטער. אין אַזאַ פאַל איז זייער שווער צו געפינען די שול־דיקע פון פאַרברעכן.

דער סוד מיט דעם געהיימניספולן הרוג אין דער קאַנאַפּע האָט נישט געלאָזט רוען נישט בלויז די אויספאָרשונגס־מאַכט, נאָר אויך די גאַנצע עפנטלעכע מיינונג. אויב דער דערמאָר־דעטער איז נישט וואוויטשיצקי, אויב דער מכלומרשטער בר־מנן האָט זיך צוריק אָפּגעפונען אַ לעבעדיקער און איז אפילו אין סוף פון חודש סעפּטעמבער געקומען פערזענלעך קיין נאָ־וואָראַדאָמסק צו ווייזן, אַז ער... לעבט, אויב די ביזאיצטיקע אויספאָרשונג איז אַוועק אויף אַ פאַלשן וועג — טאָ ווער איז פאַרט דער געהיימניספולער הרוג?

די צייטונגען האָבן אָנגעהויבן אַרויסזאָגן פאַרשידענע השערות. איין צייטונג האָט געשריבן, אַז דאָס איז אַ פּאָלי־טישער מאָרד, אַז דער דערמאָרדעטער איז געווען אַ פּראָוואָ־קאַטאָר, אַ צווייטע צייטונג האָט אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג, אַז דאָס איינפּאַקן דעם טויטן קערפּער אין אַ קאַנאַפּע, באַווייזט, אַז דער מאָרד איז פאָרגעקומען אויף אַ ראָמאַנטישן באָדן.

די אַלע השערות האָבן אָבער קיין שום קלאָרקייט אין דער ראַזיקער געהיימניספולער געשיכטע נישט אַריינגעטראָגן. סיי די פערזאָן פון דערמאָרדעטן, סיי די סיבות פון מאָרד, סיי דער שולדיקער אין פאַרברעכן — דאָס אַלץ איז געווען איינגעהילט אין אַ געדיכטן שלייער פון סודות און אויפוויקלען דעם דאָ־זיקן שלייער איז אָנגעקומען זייער און זייער שווער.

עטלעכע וואָכן איז די אויספאָרשונג געבליבן שטיין אויף

א טויטן פּונקט און די עפּנטלעכע מיינונג האָט שוין געגלויבט, אַז דאָס דאָזיקע אויסטערלישע פאַרברעכן וועט בלייבן אַ סוד אויף אייביק.

## דער פלאַנטער הויבט זיך אָן אויפצו־ וויקלען

ענדלעך איז די פּאָליציי געפאַלן אויף אַ פּלאַן אָנצוהויבן די אויספאָרשונג אַרום די ראָגאָזשעס. אויף קיין שום זאַך, נישט אויף דער קאַנאַפּע, נישט אויף די קישנס, נישט אויף דער דעק, האָט זיך נישט געפונען קיין שום צייכן, אַז מען זאָל קאָנען וויסן, פון וואַנען זיי שטאַמען. בלויז אויף די ראָ־ גאָזשעס האָבן זיך געפונען צוויי גרויסע בוכשטאַבן פון אַ שטעמפּל. די בוכשטאַבן זענען געווען רוסישע און הגם זיי זענען שוין געווען טיילווייז אָפּגעריבן, האָט מען דייטלעך דער־ קענט, אַז דאָס זענען אַ יו מיט אַ זע. חוץ דעם האָבן זיך אויף די ראָגאָזשעס געפונען פאַרשידענע נומערן און אַנדערע צייכנס.

אַזעלכע ראָגאָזשעס פלעגן אָפט באַנוצט ווערן ביים אַרויס־ שיקן באַגאַזש און פאַרשידענע סחורות מיט דער באַן. מ׳האָט דעריבער געדאַרפט פעסטשטעלן, פון וועלכער סטאַציע און דורך וועלכער באַן־דירעקציע ס׳איז אַרויסגעשיקט געוואָרן דער באַגאַזש, וואָס איז געווען געפּאַקט אין די דאָזיקע ראָ־ גאָזשעס. וואָלט מען דאָס געוואוסט, וואָלט מען שוין בים־ לעכווייז געקאָנט אויפפּלאָנטערן דעם גרויסן קנויל פון דעם געהיימניס. מ׳האָט נאָר בלויז געדאַרפט געפונען דעם ערשטן פאָדים.

וואָס קאָנען באַדייטן די אותיות יו און זע? ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַזוי שטעמפּלט דעם באַגאַזש די דרום־

מערבדיקע באַן־דירעקציע, וואָס רופט זיך אין רוסישן „יוגאָ־זאַפּאַדנאַיאַ זשעלעזנאָדאָראָזשנאַיאַ דירעקציאַ". אָבער די דרום־מערבדיקע באַן־דירעקציע האָט דאָך אַ סך סטאַציעס. פון וועלכע סטאַציע האָט מען זשע אַרויסגעשיקט דעם באַגאַזש געפּאַקט אין די דאָזיקע ראָגאָזשעס און דער עיקר — ווער האָט אים אַרויסגעשיקט?

אַ ספּעציעלער באַאַמטער איז אַרומגעפאָרן איבער אַלע באַן־סטאַציעס פון דער דרום־מערבדיקער באַן־דירעקציע און קאָנטראָלירט די נומערן פון אַרויסגעשיקטן באַגאַזש און עקס־פּעדירטע סחורות. נאָך עטלעכע וואָכן פאָרשן און גריבלען זיך אין די ביכער איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אַ געוויסער באָרנשטיין פון קרעמענעץ האָט אין חודש יולי אַרויסגעשיקט אַ טראַנספּאָרט קוישן קיין טשענסטאָכאָוו און דער דאָזיקער טראַנספּאָרט סחורה איז געווען איינגעפּאַקט אין די ראָגאָ־זשעס, וואָס מ'האָט געפונען אין דער קאַנאַפּע.

מ'האָט באַלד גענומען אויף אַ פאַרהער דעם דאָזיקן באָרנ־שטיין און ער האָט דערקלערט, אַז די דאָזיקע קוישן האָט ער אָפּגעשיקט צום טשענסטאָכאָווער קרעמער פון קוישן, שמואל יאָסל פּאָטאָק.

שמואל יאָסל פּאָטאָק איז אַרויסגערופן געוואָרן אין טשענ־סטאָכאָווער אויספאָרשונגס־אַמט. דער דאָזיקער ייד האָט לכת־חילה נישט פאַרשטאַנען, וואָס מען וויל פון אים און האָט גע־מיינט, אַז מ'האָט געמאַכט אויף אים אַ בלבול. וויניק צרות האָבן יידן, וואו עפּעס אַן עסק, טשעפּעט מען זיך צו אַ ייד. וואָס דרייט מען אים אַ קאָפּ מיט ראָגאָזשעס, וואָס פאַר אַ ראָ־גאָזשעס, ווען ראָגאָזשעס? וואָס וויל מען בכלל פון אים האָבן?

מען האָט אים אָבער באַרואיקט און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז מ'איז אים, חס־וחלילה, אין גאָרנישט חושד, עס האַנדלט זיך דאָ וועגן אַ גרויס פאַרברעכן, וואָס קאָן אַנטדעקט ווערן, ווען ער, פּאָטאָק, זאָל געדענקען און זאָגן, ווער ס'האָט ביי

אים געגומען, אָדער געקויפט די ראָגאָזשעס, אין וועלכע ס'איז געווען איינגעפּאַקט דער טראַנספּאָרט קויש, וואָס ער האָט באַקומען צוגעשיקט פון קרעמענעץ דעם 9־טן יולי.

פּאַטאַק האָט אַ ווייל געטראַכט, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט דערמאָנען, וועגן די אַלע קונים, וואָס זענען ביי אים לעצטנס געווען אין געשעפט. אַלע האָבן געקויפט קוישן, אָבער ראָגאָזשעס? ער קאָן זיך נישט דערמאָנען, ער געדענקט נישט.

— אויב איר האָט דערהאַלטן דער טראַנספּאָרט קוישן פון קרעמענעץ, דעם 9־טן יולי האָט מען ביי אייך די ראָגאָזשעס געמוזט קויפן אין די טעג צווישן 9־טן און 13־טן יולי, ווייל דעם 13־טן יולי האָט מען זיי שוין געפונען אין דער קאַנאַפּע צוזאַמען מיטן הרוג, — האָט באַמערקט דער אויספאָרשונגס־ריכטער. — דערמאָנט אייך גוט, הער פּאַטאַק, דאָס האָט געדאַרפט זיין זייער אַ הייסער טאָג, ווייל אין יענער צייט זענען געווען זייער הייסע טעג .נו, איר דערמאָנט זיך שוין? יאָ? —

דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט באַמערקט, ווי פּאַטאַק דערמאָנט זיך ביסלעכווייז אָן אַ געשעעניש, ווי ער קנייטשט נערוועז מיטן שטערן. פּאַטאַק האָט פּלוצלינג אויסגערופן:

— יאָ, איך דערמאָן מיך שוין. אי־צט געדענק איך שוין, ווי אַזוי דאָס איז געווען!

— טאָ דערציילט זשע מיר אַלץ גענוי. געדענקט, אַז דער קלענסטער פּרט איז דאָ וויכטיק.

— איך וועל מאַקי אַלץ דערציילן גענוי, אַזוי, ווי ס'איז געווען. איצט דערמאָן איך מיך שוין אַלץ. די זאַך, הער ריכטער, איז געווען אַזוי: אין עטלעכע טעג אַרום נאָכדעם, ווי איך האָב באַקומען דעם טראַנספּאָרט קוישן פון קרעמענעץ איינגעפּאַקט אין די דאָזיקע ראָגאָזשעס איז אין מיין קראָם, וואָס געפינט זיך אויפן נייעם מאַרק, אריינגעקומען עפּעס אַ הער אין מיטעלע יאָרן און געוואָלט קויפן אַ קויש. איך

האָב אים געוויזן פאַרשידענע קוישן, אָבער ער האָט אַלץ געשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז עס געפעלט אים נישט. „וואָס דען פאַר אַ קויש ווילט איר?” האָב איך אים געפרעגט. ענטפערט ער מיר, אַז די אַלע קוישן, וואָס ער זעט דאָ, טויגן נישט פאַר אים, ווייל ער מוז האָבן אַ גאָר גרויסן קויש. האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך האָב שטיין אין קעלער אַ גאָר גרויסן קויש. דער דאָזיקער קויש איז אפילו נישט געווען קיין נייער, נאָר אויב יענער וויל אַ זייער גרויסן קויש, וועט ער נישט זיין אַזוי איבערקלייבעריש. איך בין מיט דעם קונה אראָפּ אין קעלער און אים געוויזן דעם גרויסן קויש. „אָ, — זאָגט ער, — אַזעלכן דאַרף איך טאַקי”. ער האָט זיך אפילו נישט געדונגען מיטן פרייז און ווי נאָר איך האָב אים געזאָגט, אַז דער קויש דאַרף קאָסטן 4 רובל, האָט ער באַלד מסכים געווען. דערנאָך האָט ער מיר דערקלערט, אַז ער וואָלט אויך נויטיק געדאַרפט האָבן עטלעכע ראַגאָזשעס. האָב איך גענומען און אים געגעבן די ראַגאָזשעס, אין וועלכע ס'איז געווען געפּאַקט דער באַ־גאַזש פון קרעמענעץ. באַצאָלט האָט ער מיר צו 15 קאָפּיקעס פאַר אַ ראַגאָזשע. אַז מ'האָט דעם קויש אַרויפגעטראָגן פון קעלער אויפן הויף אַרויס, האָט דער קונה געבראַכט אַ דראָזש־קע און געהייסן דעם קויש מיט די ראַגאָזשעס אַרויפלייגן אויף דער דראָזשקע. ווען דער קונה האָט מיר גענומען באַצאָלן דאָס געלט, איז מיר איינגעפאַלן אים צו פרעגן וואוהין ער פירט דעם קויש. וועט איר דאָך פרעגן, וואָס איז עס מיר פלוצלינג איינגעפאַלן צו פרעגן וואוהין ער פירט מיטן קויש? איך פרעג קיינמאָל נישט אַזעלכע זאַכן ביי מיינע קונים און ס'איז נישט מיין זאַך צו וויסן, צו וואָס פאַר אַ צוועקן און פאַר וועמען זיי דאַרפן האָבן די קוישן. די זאַך איז אָבער געווען אַזוי: דער קויש איז, ווי איך האָב שוין דערציילט געווען נישט קיין נייער, ער איז שוין לאַנג געלעגן אין קעלער און איז שוין ערטערווייז געווען פאַרשימלט. האָב איך מיר געטראַכט, אַז

דער קונה וועט מיר דעם קויש אָפּגעבן צוריק. איז מיר פּשוט איינגעפאַלן צו וויסן, צו וועמען ער פירט אים. ענט־פערט מיר דער קונה: „איך פיר דעם קויש אין יאַסנאַגורער קלויסטער". האָב איך אים מער נישט געפרעגט, ווייל דער ענין האָט מיך מער נישט אינטערעסירט.

— איר געדענקט גענוי, אַז דער אומבאַקאַנטער קונה זאָל האָבן געענטפערט, אַז ער פירט דעם קויש אין קלויסטער פון יאַסנאַ־גורא? — האָט געפרעגט דער אויספאָרשונגס־ריכטער.

— יאָ, דאָס געדענק איך גענוי. אַזוי האָט ער מיר גע־זאָגט.

— און ווי האָט אויסגעזען דער דאָזיקער אומבאַקאַנטער הער? צי קאָנט איר זיך דערמאָנען?

— איך קאָן דאָס נישט געדענקען, ווייל איך האָב דע־רויף נישט געלייגט קיין ספּעציעלן אכט. איך דערמאָן זיך נאָר בלויז, אַז דאָס איז געווען אַ מענטש פון אַ יאָר דרייסיק־פירציק.

„זאָל מען די פעדים פון מאָרד דאַרפן זוכן אין אַלטן יאַסנאָגורער קלויסטער פון פּאַולינער אָרדען, אין דעם היי־ליקן אָרט, וואו עס זענען יאָר־יערלעך עולי־רגל ביז איבער אַ האַלב מיליאָן גלויביקע קאַטאָליקן? — האָט געטראַכט דער אויספאָרשונגס־ריכטער, — איז עס מעגלעך, אַז אין דעם דאָ־זיקן טעמפּל פון הייליקייט און פרומקייט זאָל האָבן פּאָרגע־קומען אַזאַ שרעקלעך פאַרברעכן? אָדער איז, אפשר, די אויס־פאָרשונג ווידער אויף אַ פאַלשן וועג? דער אומבאַקאַנטער קויפער פון קויש האָט דאָך געקאָנט זאָגן אַ ליגן. אויב עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פאַרברעכן, וואָלט ער דאָך נע־דאַרפט זיין אַ נאַר און אויסזאָגן וואוהין ער פירט דעם קויש. פונדעסטוועגן מוז מען ווייטער פאָרשן. אפשר וועט מען ווײ־

טער עפּעס דערגיין. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן האָט דער קו־פּער פון קויש זיכער געזאָגט אַ ליגן. ס'איז אומעגלעך, אַז דער מאָרד זאָל עפּעס האָבן אַ שייכות מיט דעם אַלטן און באַרימטן יאַסנאָגורער קלויסטער.״

דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט פונדעסטוועגן באַ־שלאָסן אויסצופרעגן די איינוואוינער, וואָס וואוינען צווישן טשענסטאָכאָוו און דעם אָרט, וואו מ'האָט געפונען די קאַנאַ־פּע מיטן הרוג. אפשר האָבן זיי עפּעס געזען. ווי שייך ס'זאָל קיינער נישט האָבן באַמערקט פירן אַזאַ גרויסע זאַך, ווי אַ קאַנאַפּע.

די פּאָליציי האָט גענומען אויספרעגן די איינוואוינער פון די דערפער ווי טשערפּי, יענדזשיני, רודניקי, וועלכע ליגן אויפן וועג צווישן טשענסטאָכאָוו און זאַוואַדי.

נאָך לאַנגע נאָכפרעגענישן בײַ פאַרשידענע איינוואוינער פון די דערפער ווי טשערפּי, יענדזשישי, רודניקי, וועלכע ליגן קאַוון פּרט. אָט האָבן עטלעכע פויערן און פויערטעס דער־ציילט, אַז מיט עטלעכע חדשים צוריק, אין אַ זומערדיקן אָוונט האָבן זיי באַמערקט דורכפאָרן אויפן וועג צוויי דראָזש־קעס, יעדע דראָזשקע איז געווען געשפּאַנט אין צוויי פערד. אין דער ערשטער דראָזשקע זענען געזעסן צוויי מענטשן און איינער פון זיי איז געווען געקליידט, ווי אַ גלח. אין דער צוויי־טער דראָזשקע, וועלכע איז געפאָרן הארט נאָך דער ערשטער, זענען קיין מענטשן נישט געזעסן, נאָר ס'איז געלעגן קווער איזיף אַ זייט אַ לאַנגער קאַסטן איינגעוויקלט אין אַ ראָגאָזשע.

אַ פויער פון דאָרף רודניקי האָט דערציילט, אַז ווען ער האָט די צוויי דראָזשקעס געזען איז שוין געווען צוועלף בײַ־נאַכט. די צוויי פּאַסאַזשירן, דער גלח און דער אַנדערער, האָבן זיך אָפּגעשטעלט בײַ דער שענק פון זאָפיאַ הישפּאַנסקאַ. דער פויער איז אויך דאַמאָלסט גראָד אַריין אין דער שענק אויסטרינקען אַ גלאָז ביר, האָט ער באַמערקט, ווי בײדע פּאַ־

פאַזשירן האָבן אויסגעטרונקען צו גלעזלעך קוואַס און איינער פון זיי, דער גלח, האָט געפרעגט דער אייגנטימערין פון דער שענק, צי ס'איז נאָך ווייט צום דאָרף זאַוואַדי.

פאַר דער אויספאָרשונגס־מאַכט איז איצט שוין קלאָר געווען, אַז די פערדים פון מאָרד דאָרף מען זוכן אין יאַבלאָנאָגורער קלויסטער, אַז דער קויפער פון קויש אין פּאָטאָקס קראָם האָט ריכטיק אָנגעגעבן דעם אַדרעס וואוהין ער פירט די קוישן. אַלס באַווייז דערצו האָט געדינט דער פאַקט, וואָס מ'האָט די קאַנאַפּע אַרויסגעפירט פון טשענסטאָכאָוו, וואו עס געפינט זיך דער קלויסטער און דאָס, וואָס איינער פון די צוויי פּאַסאַזשירן, וועלכע האָבן געפירט די קאַנאַפּע, איז געווען געקליידט, ווי אַ גלח. דער וועג פון דער אויספאָרשונג האָט שוין איצט זיכער געפירט אין דעם אַלטן קלויסטער.

אָבער נישט קוקנדיק דערויף, האָט זיך די אויספאָרשונג נאָך אַלץ נישט געקאָנט צוגלייבן, אַז אין די ווענט פון דעם דאָזיקן הייליקן טעמפּל זאָל האָבן געקאָנט פּאָרקומען אַזאַ שרעקלעך פאַרברעכן. מ'האָט דעריבער באַשלאָסן פריער נישט אָנצוהויבן אויספאָרשן קיין שום מענטש, וואָס האָט אַ שייכות צום קלויסטער, ביז וואַנען מען וועט נישט האָבן קיין גענויע און קלאָרע באַווייזן, אַז דער מאָרד איז טאַקי דאָרטן פאָרגעקומען.

קודם כל האָט מען זיך גענומען אויפזוכן די פירמאַנעס, וואָס האָבן געפירט די געהיימניספולע פּאַסאַזשירן און די געהיימניספולע קאַנאַפּע. דערגיין דאָס דאָזיקע איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן.

דער פויער, וואָס איז צופעליק געווען צוזאַמען מיט די צוויי פּאַסאַזשירן אין דער שענק פון זאָפיע הישפּאַנסקאַ, האָט דערקלערט, אַז די צוויי פערד, וועלכע זענען געווען איינגעשפּאַנט אין דער ערשטער קאַרעטע, וואו די פּאַסאַזשירן

זענען געפֿאָרן, זענען בײדע געװען ברױנע. ער האָט עס דײט־לעך געזען בײם שײן פֿון ליכט, װאָס האָט אַרױסגעשײנט פֿון דער שענק.

האָט מען אָנגעהױבן צו זוכן אַלע אײגנטימערס פֿון ברױנע פֿערד. די פּאָליצײ איז אַרומגעגאַנגען צו אַלע פֿורמאַנעס און געזוכט װער פֿון זײ עס פֿאַרמאָגט ברױנע פֿערד. מ'האָט אַזױ לאַנג געזוכט ביז מען האָט געפֿונען אַן אײגנטימער פֿון אַ דראָזשקע און צװײ ברױנע פֿערד, אַ געװיסן סטאַניסלאַװ פּאַװליאַק, װעלכער האָט דערצײלט פֿאָלגנדיקע געשיכטע:

— דאָס איז געװען אין מיטן יולי אַרום 8 אַ זײגער אין אָװנט. איך בין געשטאַנען מיט מײן דראָזשקע אױפֿן פּלאַץ, װאָס געפֿינט זיך פֿאַרן יאַסנאָגורער קלױסטער. איך גיב אַ קוק, זע איך, װי עס עפֿענען זיך די ברײטע טױערן פֿון קלױסטער און עס פֿאָרט אַרױס פֿון דאָרטן אַ דראָזשקע, אױף װעלכער ס'איז אין קװער געלעגן אַ לאַנגער קאַסטן אײנגעװיקלט אין ראָגאָזשעס. איך קוק מיך גוט אײַן אין דעם דראָזשקאַזש זע איך, אַז דאָס איז מײנער אַ גוטער באַקאַנטער, װינצענטי פּ י אַ נ ק אָ. גיב איך אים אַ פֿרעג: „װאו פֿאָרסטו, װײט?" ענטפֿערט ער מיר: „אין שטאָט אַרײַן". פֿרעג איך אים װײ־טער: „װאָס פֿירסטו דאָ", ענטפֿערט ער מיר: „קרישטאָלענע כוסות". װען ער איז שױן געהאַט אָפּגעפֿאָרן אַ שטיקל װעג, זענען צו מיר צוגעקומען צװײ מענטשן, װאָס זענען אױך נאָר װאָס אַרױס פֿון קלױסטער־טױער און אײנער פֿון זײ האָט מיך געפֿרעגט: „איז די דראָזשקע פֿרײ?" — „פֿרײ", האָב איך געענטפֿערט און באַלד דערקענט, אַז דער, װאָס האָט מיך געפֿרעגט, איז דער גוט באַקאַנטער גלח פֿון יאַסנאָגורער קלױסטער, ד אַ מ אַ ז י מ אַ צ אָ ך. איך קען אים שױן פֿון לאַנג, װײל איך האָב אים שױן אַ סך מאָל געפֿירט אין שטאָט אַרײַן. די בײדע לײט האָבן זיך אײַנגעזעצט אין מײן דראָזש־קע און געזאָגט צו מיר:

— „פאָר נאָך נאָך דער דראָזשקע מיטן קאַסטן ביז צו דער וואַרשעווער ראָגאַטקע.

„בין איך נאָכגעפאָרן. איין זאַך איז מיר געווען קשה, וואָס מיין באַקאַנטער איז געפאָרן דורך זייטיקע געסלעך. „וואָס פאַרסטו עפּעס אַזוי קרום? — האָב איך אים געפרעגט אויף אַ הויך קויל, האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ מאַך מיט דער האַנט: „לאָמיך שוין צורו". האָב איך אים שוין מער נישט געפרעגט און ווייטער נאָכגעפאָרן נאָך זיין דראָזשקע. מיינע פּאַסאַזשירן האָבן די גאַנצע צייט געשוויגן און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט.

„ווען מיר זענען צוגעקומען צו דער וואַרשעווער ראָגאַטקע, פרעגט מיך דער צווייטער, וואָס איז געזעסן מיטן גלח, צי איך וואָלט געוואָלט פאָרן אין דאָרף רודניקי.

— „ס'איז דאָך שוין אָבער אַזוי שפּעט, מיין הער, — האָב איך געענטפערט, נישט האָבנדיק קיין חשק צו פאָרן אַזאַ שטיק וועג.

— „וועסט באַקומען גוט באַצאָלט, פאָר! — האָט יענער געענטפערט מיט אַ וואָרלעריש באַפעל.

„האָב איך פאַרשטאַנען, אַז איך וועל דאָ פאַרדינען עטלעכע רובל, בין איך ווייטער געפאָרן, הגם די גאַנצע נסיעה האָט מיר אויסגעזען עפּעס מאָדנע. איך האָב אָבער קיין סך דערין נישט אַריינגעטראַכט, ווייל מיר איז קודם כל אָנגעגאַנגען מיין פאַרדינסט. אויפן גאַנצן וועג ביז רודניקי האָבן ביידע פּאַסאַזשירן געשוויגן, נישט אויסרעדנדיק איינער צום אַנדערן קיין וואָרט. איך האָב מיך דעריבער שטאַרק געוואונדערט: מענטשן פאָרן אין דער פינסטערער נאַכט, זיצן איינער נעבן אַנדערן און זאָלסט דאָס הערן אַ וואָרט פון זיי — גאָר־נישט, ווי ביידע וואָלטן געווען שטומע.

„אין רודניקי האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט נעבן אַ שענק. דער גלח און זיין באַגלייטער זענען אַריין אינעווייניק און

אונז ארויסגעבּרענגט צוויי פלעשער קוואס. דערנאָך זאָגט צו מיר דעם גלחס באַגלייטער:

— איר זענט שוין פריי, איר קאָנט שוין פאָרן צוריק אהיים, נאָט אייך פאַר אייער טרחה 5 רובל. טוען מיר אייך נישט קיין עולה?

— „ניין, — ענטפער איך און באַדאַנק זיי פאַר דעם קנאַקנדיקן בּלויען פינפערל. ווען איך קירעווע צוריק אויס מיין דראָזשקע, זע איך, ווי מיינע פּאַסאַזשירן זעצן זיך ארויף אויף דעם קאַסטן, וואָס ליגט אויף מיין הברס דראָזשקע. הייסט עס, טראַכט איך מיר, אַז זיי פאָרן ווייטער. פאַרוואָס זשע פאָרן זיי ווייטער נישט מיט מיר, נאָר אויפן קאַסטן, וואָס ס'איז זייער נישט באַקוועם? — פרעג איך מיין באַקאַנטן, דעם ווינצענטי פיאַנקאָ: „פאָרסט ווייטער? וואוהין?" ענטפערט ער מיר אַזוי, אַז איך פאַרשטיי נישט, וואָס ער רעדט, ווי ער וואָלט געבּרומט אונטער דער נאָז. פרעג איך אים נאָכאַמאָל:

— „ווינצענטי, פאָרסט ווייט?

„רופט זיך שוין אָן מיט אַ געבּייזער דער באַגלייטער פון גלח:

— „וואָס איז דיין דאגה וואוהין מיר פאָרן? האָסט באַקומען פאַר דיין טרחה — פאָר זשע צוריק אַ היים.

„האָב איך גאָרנישט געענטפערט, אַ שמיץ געטון די פערד און אָפּגעפאָרן, נאָר אויפן גאַנצן וועג האָב איך געפילט, אַז עפּעס האָט מען פאַר מיר פאַרהוילן, אַז מיין פריינט פיאַנקאָ האָט באַהאַלטן פאַר מיר אַ סוד. וועגן קיין אויסטערלישע זאַכן האָב איך נישט געטראַכט, ווייל ערשטנס קען איך זייער גוט דעם גלח מאַצאָך און צווייטנס ווייס איך, אַז פיאַנקאָ וואָלט זיך נישט אריינגעלאָזט אין קיין נישט כשרע ענינים. אָבער פאַרוואָס זענען זיי אַלע ווייטער געפאָרן און מיך אַי־בערגעלאָזט אין רודניקי? אָט אויף דער דאָזיקער פראַגע האָב

איך קיין תשובה נישט געקאָנט געפונען. איך האָב א גאנצע נאכט נישט אויפגעהערט צו טראכטן וועגן דער דאָזיקער גע־היימניספולער נסיעה מיטן קאסטן קרישטאָלענע כוסות.
„צומאָרגנס, א זייגער 1 בייטאָג, בין איך ווידער געשטא־נען אויפן פלאַץ פארן קלויסטער. זע איך ווי פון דער קאָש־טשעלנע גאס פאָרט ארויס פיאנקאָ און אויף זיין דראָזשקע ליגט א בינטל היי. די גאנצע דראָזשקע איז געווען פאר־שטויבט און פארשמוצט, ווי געוויינלעך, ווען מען קומט פון א ווייטן וועג. האָב איך פארשטאנען, אז פיאנקאָ איז ערשט איצט צוריקגעקומען פון דער נעכטיקער נסיעה. פרעג איך אים פון דערווייטנס:
— היי, ווינצענטי, קומסט איצט פון דער נעכטיקער רייזע?
ענטפערט ער מיר נישט, דרייט אוועק דעם קאָפּ, גיט א פעסטן שמיץ די פערד, פארקירעוועט אין א צווייטער גאס און איך האָב אים שוין נישט מער! פון דאמאָלס אָן האָב איך אים שוין נישט געזען, הגם איך געפין מיך אָפט אין גאס, אָט דאָס איז אלץ, וואָס איך ווייס".
די דערקלערונגען פון סטאניסלאַוו פאווליאַק האָבן א שטארקן שטויס געטון די אויספאָרשונגס־פּאָרויס. איצט איז שוין נישט געווען דער מינדסטער צווייפל, אז דער וועג צום שרעקלעכן פארברעכן פירט אין קלויסטער אריין.
אָבער דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט נאָך אלץ נישט געוואָלט אריבערטרעטן די שוועל פון דעם אלטן, יאסנאָגורער קלויסטער, ער האָט נישט געוואָלט אריינטראָגן אין די ווענט פון דעם דאָזיקן הייליקן אָרט דעם געריויש פון דער גאס, דעם חשד, אז אימיצער פון די קלויסטער־מענטשן זאָלן האָבן אויסגעפירט א מאָרד.
איצט איז געווען דאָס וויכטיקסטע אויסצוהערן דעם דראָזשקאזש פיאנקאָ. ער איז געווען אין קלויסטער, ער איז

פֿון דאָרטן אַרויסגעפֿאָרן מיט דער קאַנאַפּע. וואָס האָט ער דאָרט געזען? וואָס האָט ער דאָרט געהערט? ער וועט זיכער אויפֿדעקן אַ גרויסע טייל פֿון דעם געהיימניספֿולן מאָרד.

מ'האָט גענומען פּיאַנקאָן אויפֿן פֿאַרהער. בײַ דער ערשטער פֿראַגע, צי ער קען פּאַוולִיאַקן האָט ער געענטפֿערט, אַז ער הייבט אָזעלכן נישט אָן צו קענען.

— איר קענט נישט קיין שום סטאַניסלאַוו פּאַווליאַק? — האָט אים דער אויספֿאָרשונגס־ריכטער נאָכאַמאָל געפֿרעגט,— דערמאָנט אייך נאָר גוט.

— איך האָב מיך נישט וואָס צו דערמאָנען — איך קען נישט אָזעלכן.

— נו, זאָל זײַן אַזוי ווי איר זאָגט. איצט זאָגט מיר, צי האָט איר נישט מיט עטלעכע חדשים צוריק, אין אַ זומער־אָוונט, אַרויסגעפֿירט אַ קאַסטן פֿון קלויסטער?

— יאָ, איך האָב אַרויסגעפֿירט אַ קאַסטן, אין וועלכן ס'זענען געווען אייער.

— אייער, זאָגט איר? און אפֿשר גאָר קרישטאָלענע כוסות? — פֿרעגט דער אויספֿאָרשונגס־ריכטער און קוקט פֿאַרשנדיק אָן דעם דראָזשקאַזש.

— אַך, יאָ, איך דערמאָן זיך איצט, דאָס זענען טאַקי געווען קרישטאָלענע כוסות. אַ קאַסטן אייער האָב איך שוין לאַנג אַרויסגעפֿירט פֿון קלויסטער, נאָך מיט אַ יאָר צוריק.

— ווער איז געפֿאָרן מיט אייך?

— צוויי קלויסטער־דינער.

— און קיין גלח נישט?

— אַ גלח? ניין.

— וואוהין האָט איר געפֿירט דעם קאַסטן מיט די קרישטאָלענע כוסות?

— קיין קלאָמניצי. מיר האָבן דעם קאַסטן געבראַנגט צו אַ צווייטן פֿורמאַן, וועלכער איז דערמיט ווייטער געפֿאָרן.

— ווען זענט איר צוריקגעקומען קיין טשענסטאָכאָוו — דעמזעלבן טאָג, אָדער צומאָרגנס?

— שפּעט ביינאַכט. צו וואָס אייגנטלעך פרעגט מען מיך דאָס אַלץ? — האָט פּיאַנקאָ געמאַכט אַ פּאַרוואונדערטע מינע.

— דאָס וועט איר שפּעטער געוואויר ווערן. איצט ענטפערט מיר נאָך אויף איין פראַגע: צי קענט איר אַ גלח מיטן נאָמען דאַמאַזי מאַצאָך?

— ניין, איך קען נישט אַזעלכן.

— אויב אַזוי, זענט איר אַרעסטירט! — האָט שאַרף געענטפערט דער אויספאָרשונגס־ריכטער און באַפוילן אָפּצופירן פּיאַנקאָן אין תפיסה.

פּיאַנקאָ האָט לכתחילה געהאַלטן אין איין פאַרזיכערן, אַז ער ווייסט פון גאָרנישט צו זאָגן, אַז דאָס האָט זיין באַקאַנטער פּאַוואָליאַק אויסגעטראַכט אויף אים אַ בלבול, ווייל ער מיט פּאַוואָליאַקן זענען צוויי קאָנקורענטן. פּיאַנקאָ האָט דערקלערט, אַז ער זיצט אומשולדיק און געבעטן דעם אויספאָרשונגס־ריכטער, ער זאָל אים באַפרייען.

— נישט נאָר מיר וועלן אייך נישט באַפרייען, — האָט אים דערקלערט דער אויספאָרשונגס־ריכטער, — נאָר מיר וועלן זיין געצוואונגען אַרויפצוּוואַרפן אויף אייך די גאַנצע שולד פאַר דעם מאָרד איבער דעם אומבאַקאַנטן הרוג אין דער קאַנאַפּע. דאַן דראָט אייך אַ שטראָף פון 20 יאָר קאַטאָרגע. זאָגט דעריבער אויס דעם גאַנצן אמת: ווער זענען געווען די מענטשן, וואָס האָבן אייך געדונגען צו פירן דעם פּאַק? וואָס האָט זיך געפונען אין דעם דאָזיקן פּאַק? וואוהין זענט איר מיט זיי געפאָרן? אין אייערע אייגענע אינטערעסן דאַרפט איר דערציילן דעם אמת, אין קעגנפאַל וועט איר מוזן ליידן פאַר פרעמדע זינד.

— אָבער גאָט מיינער, איך בין דאָך נישט שולדיק! — האָט דער דראָזשקאַזש זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די

הענט און זיינע אקסלען האבן אנגעהויבן נערוועז צו צוקן, ווי ער וואלט זיך פאר עפעס געשראקן. דערנאך האט ער א זאג געטאן מיט ציטערנדיקער שטים, — גיט מיר א ביסל וואסער, מיר איז זייער שלעכט.

מען האט פיאנקאן דערלאנגט וואסער. ער האט געטרונקען. דערנאך האט ער א ווייל געשוויגן און מיט בעטנדיקע אויגן אנגעקוקט דעם אויספארשונגס־ריכטער.

— באפרייט מיך דערפון... האט אויף מיר רחמנות... — האט ער געבעטן מיט וויינענדיקע אויגן.

— פון וועלכן זאל איך אייך באפרייען? — האט פארוואונדערט געפרעגט דער אויספארשונגס־ריכטער.

— פון... פון זאגן... דעם אמת... — האט פיאנקא קוים ארויסגעשטאמלט.

— איך פארשטיי אייך נישט. וואס הייסט, איך זאל אייך באפרייען פון זאגן דעם אמת? מיין אויפגאבע איז דאך פון יעדן ארויסצובאקומען דעם אמת. זאגט מיר, פארוואס זאל איך אייך באפרייען פון זאגן דעם אמת?

— ווייל איך האב מורא... איך וועל האבן באגאנגען א שרעקלעכע זינד...

— אז מ'זאגט דעם אמת, באגייט מען קיינמאל נישט קיין זינד. פאר וועמען האט איר אייגנטלעך מורא?

— פאר גאט... פאר דעם דערלייזער... איך האב געגעבן א פייערלעכע שבועה... — האט פיאנקא גערעדט, ציטערנדיק אינגאנצן.

— וואס פאר א שבועה האט איר געגעבן?

— אז איך וועל נישט דערציילן, וואס איך האב געהערט און געזען...

— אבער מיטן נישט דערציילן, טוט איר דאך א גרויסע זינד. מענטשן זענען באגאנגען א גרויס פארברעכן. מיט אייער דערציילן דעם אמת קאן מען דערגיין ווער ס'זענען די

שגלדיקע פון דעם דאָזיקן פאַרברעכן און די גערעכטיקייט וועט זיי באַשטראָפן. אויב איר וועט נישט דערציילן, וועלן די שולדיקע בלייבן אומבאַשטראָפט. טאָ זאָגט זשע, איז דאָס נישט קיין שווערע זינד פון אייער זייט? ווייל דען גאָט, אז איר זאָלט בעסער האַלטן אייער שבועה און אַזוי אַרום פאַרדעקן אַ שרעקלעך פאַרברעכן, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן? ווייסט איר וואָס פאַר אַ שווערע זינד איר באַגייט דערמיט?

פיאַנקאָ האָט געציטערט און שווער געאָטעמט. אין אים איז איצט פאָרגעקומען אַ שווערער קאַמף. ער האָט געפילט, אַז דער אויספאָרשונגס־ריכטער איז גערעכט, אָבער די מורא פאַר ברעכן אַ פייערלעכע שבועה האָט אים שרעקלעך געפייניקט. פיאַנקאָס געזיכט האָט זיך אַזש אויסגעצויגן פאַר שרעק און זיינע אויגן האָבן פאַרצווייפלטע געקוקט אויפן אויספאָרשונגס־ריכטער.

— איך ווייס, אַז איך וועל דערפאַר ליידן, — האָט פיאַנקאָ ענדלעך אָנגעהויבן צו רעדן נאָך עטלעכע מינוט פון שווייגן, איינגערלעכן געראַנגל, — אַ שבועה בלייבט פאָרט אַ שבועה, אָבער מיר איז שוין אַלץ איינס. איך זע, אַז איך האָב מיך פאַרפלאָנטערט אין אַ מיאוסער געשיכטע, פון וועלכער איך וועל שוין נישט אַרויסקריכן. דער טייוול האָט מיך פריער נעדאַרפט אויפכאַפּן איידער איך האָב געמאַכט די דאַמאָלסדיקע נסיעה. נאָר ווער האָט געקאָנט וויסן, ווער האָט געקאָנט זיין אַ נביא?

— דערציילט מיר, וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ נסיעה? — האָט געפרעגט דער אויספאָרשונגס־ריכטער, פילנדיק, אַז פיאַנקאָ גייט דערציילן דעם גאַנצן אמת.

און פיאַנקאָ האָט מיט אַ ציטערנדיק קול, ווי ער וואָלט זיך געשראָקן פאַר זיינע אייגענע רייד, אָנגעהויבן צו דערציילן פאָלגנדיקע געשיכטע:

# די שרעקלעכע שבועה אין וואַלד

,,דאָס איז געווען אין מיטן חודש יולי. אַ הייסער טאָג געווען. איך בין מיר געשטאַנען מיט מיין דראָזשקע אויפן פלאַץ נעבן יאַסנאָגורער קלויסטער. אַרום פיר אַ זייגער ביי־טאָג איז צו מיר צוגעקומען דער קלויסטער־דינער סטאַניסלאַוו זאַלאָג. איך קען אים זייער גוט. זאַלאָג האָט מיך געהייסן צו־פאָרן צום גרויסן טויער פון קלויסטער, וואָס רופט זיך ,,פירשט לובאָמירסק". ווען איך בין צוגעקומען צו דעם דאָזיקן טויער, איז דאָרט געשטאַנען דער קשיאָנדז דאַמאַזי מאַצאָך, וועלכן איך קען פון קלויסטער, איך ווייס, אַז ער איז דאָרטן איינער פון די אָנגעזעענסטע גייסטלעכע.

— ,,צי האָסטו צייט אין אַנדערטהאַלבן שעה אַרום? — פרעגט ער מיך.

,,ענטפער איך אים, אַז יאָ. זאָגט ער צו מיר, אַז אַרום האַלב זעקס זאָל איך אַריינפאָרן אין קלויסטער־הויף. אין דער באַשטימטער צייט בין איך צוגעקומען צום טויער. געעפנט דאָס גרויסע טויער האָט מיר דער דינער זאַלאָג, וועלכער האָט שוין אויף מיר געוואַרט און מיך געהייסן אַריינפאָרן אין קליינעם הויף, ביז צום קאָרידאָר, וואו מען גייט אַריין אין די צימערלעך פון די מאָנאַכן. ווי נאָר איך האָב מיך אָפּגעשטעלט מיט דער דראָזשקע ביים קאָרידאָר, האָבן עטלעכע קלויסטער־דינער אַרויסגעטראָגן אַ לאַנגן פּאַק, וועלכער איז געווען איינ־געוויקלט אין ראָגאָזשעס, און דעם פּאַק אַרויפגעלייגט אויף מיין דראָזשקע. צי האָב איך זיך געדאַרפט פרעגן, וואָס אַזעל־כעס אין פּאַק געפינט זיך? איך פרעג מיך קיינמאָל נישט, נישט מיין זאַך צו וויסן, וואָס מיינע פּאַסאַזשירן פירן, נאָכ־דערצו, ווען כ'פיר אַרויס דעם פּאַק פון אַזאַ אָרט, ווי דער יאַסנאָגורער קלויסטער.

„ווען די דינער האָבן שוין געהאַט אַרויסגעליגט דעם לאַנגן פּאַק אויף דער דראָזשקע, איז אַרויסגעקומען דער קוויאַנדז דאַמאַזי (מאַצאַך). האָב איך אים געפרעגט:

— „וואוהין פאָרן מיר, ערנווירדיקער פאָטער?

„האָט מיר דער קש׳אַנדז געענטפערט:

— „מען וואָלט אייגנטלעך געדאַרפט פאָרן צו דער באַן־סטאַציע, נאָר פאָר בעסער צו דער וואַרשעווער ראָגאַטקע.

„מיר איז אפילו נישט געקומען אין זינען אריין עפּעס איבערצופרעגן. דער קש׳אַנדז הייסט פאָרן בין איך געפאָרן. איך האָב באַמערקט, ווי דער קש׳אַנדז מיטן דינער זאַלאַג האָבן זיך אַרויפגעזעצט אויף אַ צווייטער דראָזשקע און זע־נען מיר נאָכגעפאָרן. מיר זענען אַזוי געפאָרן אָן אָפּרו ביז רודניקי. אין רודניקי האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט, געטרונקען קוואַס און זאַלאַג האָט געהייסן פּאַווליאַקן, דעם צווייטן דראָזשקאַזש, פאָרן צוריק אַהיים. זיי האָבן זיך אַרויפגעזעצט אויפן לאַנגן פּאַק און מיר זענען ווייטער געפאָרן ביז דער סטאַציע קלאָמניצי.

„ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין קלאָמניצי, זענען מיינע ביידע פּאַסאַזשירן אַראָפּ אַ ווייל פון דער דראָזשקע. זיי זענען אַוועק אַ צוויי צענדליק טריט פון דער דראָזשקע און איך האָב באַמערקט, ווי זיי האָבן זיך עפּעס געסודעט. זאַלאַג האָט אָנ־געוויזן אויף מיר און דער קש׳אַנדז דאַמאַזי האָט בייז און אויפגערעגט געדרייט מיטן קאָפּ. איך האָב מיך שטאַרק גע־וואונדערט: וואָס איז דער קש׳אַנדז אַזוי אויפגערעגט און וואָס סוד׳ען זיי זיך אַזוי? נאָר קיין שום בייזער געדאַנק איז מיר נישט איינגעפאַלן און איך האָב אויפגעהערט וועגן דעם צו טראַכטן. דער קש׳אַנדז און דער דינער האָבן זיך צוריק איינגעזעצט אין דער דראָזשקע און געהייסן ווייטער פאָרן ביזן דאָרף הידלע.

„ס׳איז שוין געווען גוט פינסטער. מיר זענען אַזוי גע־

פאָרן ווייטער בערך א האַלבע שעה. אַרום איז געווען טויט שטיל און שטאַרק פינסטער. פּלוצלונג האָב איך באַמערקט, ווי מיינע פּאַסאַזשירן צינדן אָן אן עלעקטריש לעמפּל און באַרען זיך אַרום דעם פּאַק, אויף וועלכן זיי זיצן. איך האָב מיך נישט געוואָלט אומדרייען צו זען, וואָס זיי טוען, ווייל איך האָב שוין דאַמאָלס דערפילט עפּעס אן אומהיימלעך געפיל. איך האָב דייטלעך געהערט, ווי זיי שניידן אויף די ראָגאָזשעס, אין וועלכן דער פּאַק איז געווען איינגעפּאַקט.

„און אָט הער איך, ווי דער קלויסטער־דינער זאָלאָג זאָגט צו מיר:

— בלייב שטיין!

אַז מ'הייסט, בלייב איך שטיין, הגם איך וואונדער זיך זייער שטאַרק. ווייל וואָס האָבן מיר דאָ צו טון? אַ פּוסט אָרט, ווייט פון אַ ישוב, פון איין זייט אַ וועלדל, פון דער צווייטער זייט אַ טייכל, אין וועלכן עס קוואַקן זשאַבעס. וואָס פאַר אַ געשעפטן האָבן דאָ מיינע פּאַסאַזשירן?

„ווי נאָר איך בלייב שטיין, קריכן מיינע ביידע פּאַסאַזשירן אַראָפּ פון דער דראָזשקע, נעמען ביידע אָן דעם לאַנגן פּאַק, טראָגן אים צו צום טייכל און גיבן אַ וואָרף אַריין דעם פּאַק אין וואַסער אַריין. דערביי לייכט זאָלאָג צו מיטן עלעקטרישן לעמפּעלע און ביידע רעדן נישט אויס קיין וואָרט.

„טראַכט איך מיר: עפּעס איז דאָס אַ פאַרדעכטיק עסק און עס הויבט מיר אָן צוקלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן. איך פיל, ווי אַ קעלט גייט מיר דורך דורך אַלע איברים. איך טו מיר אָן אַ כח און פרעג דעם קשיאָנדז דאַמאַזי, ווען ער האַלט זיך שוין ביים אַריינזעצן צוריק אין דער דראָזשקע:

— „ערנווירדיקער פּאָטער, צו וואָס האָט איר אַריינגע־וואָרפן דעם פּאַק אין וואַסער אַריין?

— „פּאַר, פּאַר ווייטער, דאָס איז נישט דיין זאַך! — ענטפערט מיר דער קשיאָנדז.

„און דער דינער גיט נאָך אַ געשריי אויף מיר:

— „אַ ראַפּאָרט דאַרפֿן מיר דיר אָפּגעבן, צו וואָס? פֿאָר דיין וועג און — באַסטאַ!

„מילא, בין איך געפֿאָרן ווייטער. איך האָב געפֿילט, ווי אַלץ ציטערט אין מיר. רעדן, פֿרעגן עפּעס — האָב איך שוין מורא געהאַט. איך האָב אויך געהערט, ווי מיינע פּאַסאַזשירן האָבן צווישן זיך געשושקעט, ווי זיי וואָלטן נישט געוואָלט, אַז איך זאָל הערן, וואָס זיי רעדן. פֿאַרשידענע געדאַנקען זענען מיר געקומען אין קאָפּ אַריין. ס'האָט מיר שוין באַנג געטאָן די גאַנצע נסיעה. נאָר ס'איז דאָך שוין פֿאַרפֿאַלן. איך יאָג די פֿערד, כ'וויל שוין וואָס שנעלער אָנקומען צו אַ ישוב. עפּעס שרעקן מיך איצט מיינע ביידע פּאַסאַזשירן.

„מיר פֿאָרן אַריין אין אַ וואַלד. פּלוצלינג שטעלט זיך אויף דער קשיאַנדז דאַמאַזי און בויגט זיך צו הינטערווייקעבטס צו מיר. איך האָב מיך אַזש אַ וואָרף געטאָן פֿאַר שרעק.

— „וואָס האָסטו אַזאַ צאַפּל געטאָן? — פֿרעגט ער מיך.

— „ס'האָט זיך אייך אויסגעדוכט, ערנוואָרדיקער פֿאָטער, — ענטפֿער איך, כדי צו באַהאַלטן מיין שרעק.

— „זאָג מיר נאָר, דו גלויבסט אין גאָט? — פֿרעגט מיך ווייטער דער קשיאַנדז דאַמאַזי.

— אַ שאלה, צי איך גלויב, אוודאי גלויב איך, — ענטפֿער איך און וואונדער זיך, הלמאי דער קשיאַנדז שטעלט מיר אַזאַ קשיה.

— און פֿרום ביזטו? — פֿרעגט ער מיך ווייטער.

— אוודאי בין איך פֿרום, — ענטפֿער איך און פֿיל, אַז די דאָזיקע פֿראַגן צילן צו עפּעס. דערביי פֿיל איך ווי עס ווערט מיר אומהיימלעכער פֿון מינוט צו מינוט, עס שטיקט מיך אַזש אין האַלז און עס שווינדלט מיר פֿאַר די אויגן. „מיט וואָס פֿאַר אַ געדאַנקען טראָגן זיך די דאָזיקע צוויי מענטשן אַרום?” טראַכט איך מיט אַ שרעקלעכן חשד־געפֿיל.

— ,,אויב דו ביזט פרום און דו גלויבסט אין גאָט און אין דעם דערלייזער, — זאָגט צו מיר ווייטער דער קשיאָנדז דאַמאַזי — דאַן צלם זיך דריי מאָל איבער און זאָג מיר נאָך פּאָלגנדיקע שבועה: ,,איך, ווינצענטי פּיאַנקאָ, שווער בײַ גאָט, בײַ דער הייליקער מוטער און בײַ אַלע הייליקע, אַז איך וועל קיינעם נישט דערציילן, וואָס איך האָב היינטיקע נאַכט געזען און געהערט. און ווען די פּאָליציי וועט מיך אַרעסטירן און אַפילו פּייניקן, וועל איך נישט אויסזאָגן און ווען מען וועט מיך האַלטן הדשים און יאָרן אין תפיסה, וועל איך אויך נישט אויסזאָגן, וואָס איך האָב געהערט און געזען אין דער היינטיקער נאַכט. און טאָמער וועל איך, ווינצענטי פּיאַנקאָ, יאָ אויסזאָגן, זאָל מיך דער טויט נעמען און מיין נשמה זאָל זיך אייביק מאַטערן אין גיהינום צווישן די גרעסטע רשעים".

נו, זאָג נאָך! — האָט דער קשיאָנדז געגעבן אויף מיר אַזאַ געשריי, אַז איך האָב געפילט, אַז אָט אָט פאַרליר איך פון שרעק דאָס באַוואוסטזיין.

,,איך האָב אַ ציטערנדיקער איבערגעחזרט זיינע ווערטער און אָפּגעגעבן די שבועה. איך האָב דאַמאָלס אַזוי געציטערט פון שרעק, אַז איך וואָלט דאַן אַליין געטון וואָס דער קשיאָנדז דאַמאַזי וואָלט מיך געהייסן. איך בין געווען זיכער, אַז טאָמער שווער איך נישט, וועלן זיי מיך אויפן אָרט דערהרגענען. אַזאַ געפיל האָב איך געהאַט.

,,נאָך דער שבועה האָט אויף מיין שטערן אַרויסגעשלאָגן אַ קאַלטער שוויים. איך האָב מער נישט געקאָנט אויסרעדן קיין וואָרט און אויך מיינע פּאַסאַזשירן האָבן מער נישט גע־רעדט צו מיר. אַרום דריי בײַנאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין נאָוואָראַדאָמסק, צו דער באַן־סטאַציע. דאָ האָט מיר דאַמאַזי באַצאָלט פאַר דער נסיעה 30 רובל און געהייסן צוריקפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו.

— ,,דו זאָלסט פאָרן דורך אַן אַנדער וועג, — האָט ער

מיר אַנגעזאָגט, — נישט דורכן זעלבן וועג, דורך וועלכן מיר זענען געקומען. זאָלסט אויך געדענקען אָן דער שבועה. וועסטו אימיצן דערציילן, וועסטו תיכף שטאַרבן. געדענק, וואָס איך זאָג דיר אָן!

„פאָרנדיק צוריק אהיים, האָב איך אַ גאַנצן וועג נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם אומגליק, וואָס האָט מיך געטראָפן, ווייל איך האָב געפילט, אַז ס'איז דאָ אָפּגעטון געוואָרן עפּעס אַ מוראדיקע זאַך. געווי וואָס אַזעלכעס האָב איך מיר אַליין נישט געקאָנט פאָרשטעלן. קיין טשענסטאָכאָוו בין איך אָנגעקומען אַרום איינס אַ זייגער בייטאָג. ווען מ'האָט אין עטלעכע טעג אַרום אָנגעהויבן צו רעדן וועגן דעם טויטן קערפּער, וואָס מ'האָט געפונען אין דער קאַנאַפּע, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז עס געווען יענער פּאַק, וואָס איך האָב געפירט ביז צום טייכל נעבן זאַוואַדי. איך האָב דאַמאָלס איבערגעלעבט שרעקלעכע טעג פון געוויסנביסן און שרעק. איינמאָל האָב איך געטראָפן זאַלאָגן, פרעגט ער מיך, פאַרוואָס איך בין אַזוי טרויעריק. ענטפער איך אים גלייך:

— „יענע נסיעה לאָזט מיך נישט צורו ביז היינטיקן טאָג. אַלע רעדן דאָך וועגן אַ טויטן אין אַ קאַנאַפּע, וואָס מ'האָט געפונען אין טייכל ביי זאַוואַדי.

„זאַלאָג האָט מיך אַ ווייל אָנגעקוקט און דראָענדיק מיר אַ זאָג געטון:

— „זאָל דיך גאָט באַשירעמען, זאָלסט זיך אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט וועגן אונזער דאַמאָלסדיקער רייזע. דו הערסט?

— „איך האָב דאָך געשוואוירן, — האָב איך געענטפערט, — אָבער עס פייניקט מיך שרעקלעך.

— „זיי נישט קיין נאַר און שווייג, — האָט זאַלאָג געענטפערט. — ס'דאַרף דיך גאָרנישט פייניקן.

אין עטלעכע טעג אַרום האָט מיך זאַלאָג ווידער באַגעגנט און ער האָט מיר געזאָגט:

— הער, ווינצענטי, די פּאָליציי פרעגט אוים אַלע דראָזשקאַזשעס פון טשענסטאָכאָוו, צי זיי האָבן נישט אין הודש יולי אַרויסגעפירט אַ קאַסטן פון קלויסטער. ווען מ׳וועט דיך אויספרעגן, זאָלסטו זיך האַלטן פעסט. דער קשיאָנדז דאַכאַזי האָט מיר געזאָגט, אַז אויב דו וועסט ברעכן דיין שבועה, וועסטו ווערן פאַרשאָלטן פון גאָט און דו וועסט שטאַרבן מיט אַ מיתה־משונה־טויט.

„וואָס האָב איך געקאָנט טון? איך האָב געמוזט שווייגן. איצט איז מיר שוין אַלץ איינס, סיי ווי סיי בין איך שוין אומגליקלעך!" — האָט פּיאַנקאָ פאַרענדיקט זיין דערציילונג פאַרן אויספאָרשונגס־ריכטער.

# אין יאַסנאָגורער קלויסטער

איצט איז שוין די אויספאָרשונג געווען אויפן ריכטיקן וועג. הייסט עס, אַז אין די ווענט פון דעם יאַסנאָגורער קלויס־טער האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ שרעקלעך פאַרברעכן, אַז דאָרט, וואוהין עס זענען עולי־רגל מיליאָנען פרומע קאַטאָליקן, איז דורך אומווירדיקע הענט פאַרשוועכט געוואָרן. אָבער וואָס איז אַזעלכעס דאָרטן פאָרגעקומען? וואָס פאַר אַ טראַגעדיע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין קלויסטער? איז דער קשיאָנדז־מאַ־נאַך, דאַמאַזי מאַצאָך, דער אייגנטלעכער אויספירער פון פאַר־ברעכן אָדער ער האָט בלויז אָוועקגעפירט דעם טויטן קערפּער? און ווער איז דער דער־מאָרדעטער? צוליב וועלכע צוועקן האָט מען אים דערהרגעט?

אָט אויף די אַלע פראַגן האָט די אויספאָרשונג איצט געדאַרפט געבן אַן ענטפער און כדי צו געבן אַן ענטפער אויף די דאָזיקע פראַגן האָט מען געמוזט אָנהויבן די אויספאָרשונג אין יאַסנאָגורער קלויסטער גופא. ס׳איז נישט געווען קיין אַנ־

[illegible]
פֿון דעם אַלטן קלויסטער און דאָרט אָנהויבן די אויספֿאָרשונג.

דעם 20־טן סעפּטעמבער זענען אין קלויסטער אַראָפּגע־קומען אַ קאָמיסאַר און דער אויספֿאָרשונגס־ריכטער און אָנ־געהויבן אויספֿרעגן די דינערשאַפֿט.

די דינערשאַפֿט פֿון קלויסטער האָט דערציילט, אַז אין קאָרידאָר פֿון קלויסטער־האָטעל, נעבן דער טיר נומער 1, איז אַ לאַנגע צייט געשטאַנען אַ שוואַרצע קאַנאַפּע, וועלכע איז אין מיטן חודש יולי פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. דעם דאָזיקן קאָ־רידאָר פֿלעגט שטענדיק אויפֿרוימען און האַלטן אין אָרדנונג דער דינער יוזעף בלאַשיקעוויטש.

צוויי קלויסטער־דינער האָבן דערציילט, אַז אין מיטן יולי האָבן זיי אַרויסגעטראָגן פֿון גלח דאַמאַזיס צעלע אַ שווערן לאַנגן פּאַק, פֿאַרנייט אין ראָגאָזשעס און פֿאַרבונדן מיט שטריק. אין אַרויסטראָגן דעם פּאַק האָט זיי אויך צוגעהאָלפֿן בלאַשיקעוויטש און געמוזן האָבן זיי עס אויף זאָלאַגס בקשה.

ווען מ'האָט די קלויסטער־דינער געוויזן די קאַנאַפּע, האָבן זיי מיט שרעק און פֿאַרוואונדערונג באַשטעטיקט, אַז דאָס איז די זעלבע שוואַרצע קאַנאַפּע, וואָס איז אַ לענגערע צייט געשטאַנען אין קאָרידאָר פֿון קלויסטער־האָטעל.

— פֿון וואַנען האָט איר אַרויסגעטראָגן דעם פֿאַרנייטן פּאַק אין די ראָגאָזשעס? — האָט נאָכאַמאָל אַ פֿרעג געטאָן דער אויספֿאָרשונגס־ריכטער.

— מיר האָבן דאָך שוין געזאָגט — פֿון דאַמאַזיס צעלע.

„הייסט עס, אַז דער מאָרד איז פֿאָרגעקומען אין דער דאָ־זיקער צעלע, וואו ס'וואוינט דאַמאַזי מאַצאָך", — האָט גע־טראַכט דער אויספֿאָרשונגס־ריכטער און איז איצט שוין גע־ווען איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פֿון זייער השערה — „אָבער צי האָט דער דאָזיקער מאַצאָך טאַקי אויסגעפֿירט דעם מאָרד?"

אין עטלעכע טעג אַרום איז די אויספאָרשונג אויף דער־גאַנגען ווער ס'איז דער נעהיימניספולער הרוג.

ווען מ'האָט דעם גלח פּאַוועל צעפּרינסקי, וואָס האָט געוואוינט אין קלויסטער, געוויזן די פאָטאָגראַפיע פון דער־מאָרדעטן, האָט ער זיך, איינקוקנדיק אַ ווייל, אויסגערופן:

— דאָס איז דאָך וואַצלאַוו מאַצאָך! יאָ, יאָ — וואַצלאַוו, דאַמאַזיס קוזין! גאָט מיינער, ער פלעגט דאָ אָפט קומען אין קלויסטער צו דאַמאַזין.

אויך דער קלויסטער־פעלדשער פעליקס פּיליפּאָוויטש האָט דערקענט אין דער פאָטאָגראַפיע פון דערמאָרדעטן דעם קוזין פון גלח דאַמאַזי מאַצאָך — וואַצלאַוו מאַצאָך.

— דאָס איז דאָך דער באַאַמטער פון דער פּאָסט אין גראַניצאַ, וואַצלאַוו מאַצאָך, — האָט פּיליפּאָוויטש דער־קלערט. — איך פלעג מיט אים שטענדיק שמועסן, ווען ער פלעגט קומען אין קלויסטער אַריין צו דאַמאַזין. זאָל אים דאַ־מאַזי האָבן דערהרגעט? דאָס איז דאָך שוידערלעך!

זאָל מאַצאָך האָבן דער־הרגעט זיין קוזין? אָט די דאָזיקע פראַגע האָבן איצט אַלע געשטעלט. אָבער צוליב וואָס איז דער דאָזיקער מאָנאַך באַגאַנגען אַזאַ שרעקלעך פאַרברעכן, וועלכעס איז לויט אַלע סמנים געווען פאָרויס געפּלאַנט און צוגעגרייט?

די קלויסטער־דינער האָבן פעסטגעשטעלט, אַז דער פעליץ, די קאָלדרע און די קישנס, וואָס מ'האָט געפונען אין דער קאַ־נאַפּע צוזאַמען מיטן הרוג, האָבן געהערט צום גלח דאַמאַזי מאַצאָך. דער פעלדשער פּיליפּאָוויטש האָט פעסטגעשטעלט, אַז די גאַזע־באַנדאַזשן, מיט וועלכע עס זענען געווען אַרומ־געבונדן דעם טויטנס הענט און פיס, אַז מיט די דאָזיקע גאַזע־באַנדאַזשן האָט דער פעלדשער אַרומגעבונדן מאַצאָכס האַלז, ווען דער גלח האָט געהאַט אַ געשוויר.

אויף דער קלויסטער־מאַלער קלעין האָט דערציילט זייער אַ כאַראַקטעריסטישע געשיכטע. אין מיטן יולי איז צו אים

אריינגעקומען דאמאָזי מאַצאָך און געבעטן, אַז ער זאָל אים צושיקן פאַרב אין דער צעלע אריין. קלעץ האָט די פאַרב צוגעשיקט מיט דעם יונגל מאַלינאָווסקי. ווען מאַלינאָווסקי איז אריין אין מאַצאָכס צעלע, האָט ער געזען, ווי דאָס בעט איז אָפּגערוקט אין מיטן צימער און נעבן דער וואַנט, וואו דאָס בעט איז געשטאַנען, איז צוגערוקט די שאַנק. מאַצאָך איז גראָד אין דער צעלע נישט געווען. באַלד איז ער אָנגעקומען, אַרויסגענומען ביים יונגל די פאַרב און אים געהייסן אַרויסגיין.

— אפשר זאָל איך אייך צוהעלפן? — האָט דאָס יונגל געפרעגט, זעענדיק, ווי דער גלח קלויבט זיך אַליין צו מאָלן די וואַנט.

— גיי דערווייל אַרויס, קום אריין אין אַ צען מינוט! — האָט מאַצאָך געזאָגט.

ווען דאָס יונגל איז צוריק אריינגעקומען אין אַ צען מינוט אַרום, איז דאָס אָרט אויף דער וואַנט, נעבן וועלכער די שאַנק איז געשטאַנען, געווען שוין פאַרמאָלט און מאַצאָך האָט געהייסן דעם יונגל אויסמאָלן די רעשט ווענט. ווען דאָס יונגל האָט שפּעטער דערציילט די געשיכטע דעם מיסטער זווינעב, קלעצן, האָט קלעץ געענטפערט:

— מאַצאָך האָט שוין אַזעלכע משוגעדיקע איינפאַלן.

נאָכדעם ווי מאַצאָכס צעלע איז געוואָרן אויסגעמאָלט, האָט זאַלאַג אויסגעוואַשן די פּאָדלאָגע און זי אויסגעשמירט מיט אייל־פאַרב.

אָט דאָס אַליז האָבן דערציילט די פאַרשידענע עדות פון קלויסטער און אויפן סמך פון זייערע דערקלערונגען איז איצט שוין נישט געווען דער מינדסטער צווייפל, אַז דעם מאַרד איבער דעם פּאָסט־באַאַמטן וואַצלאַוו מאַצאָך האָבן אויסגעפירט דער גלח און מאָנאַך פון יאַסנאָגורער קלויסטער, דאַמאָזי מאַצאָך, און דער קלויסטער־דינער סטאַניסלאַוו זאַלאַג.

די דאזיקע השערה איז געווארן באשטעטיקט מיט דעם פאקט, וואס באלד נאך דער ערשטע ידיעה, אז דער דראזש־קאזש פיאנקא איז ארעסטירט, זענען מאצאך און זאלאג פארשוואונדן געווארן פון קלויסטער. מאצאך האט מכלומרשט דערקלערט, אז ער פארט צו קרובים קיין ווארשע און זאלאג האט געזאגט, אז ער פארט אוועק קיין אמעריקע. ווען די אויספארשונגס־מאכט איז געקומען מאכן די ערשטע אויספארשונג אין קלויסטער, האט זי שוין דארטן נישט געטראפן נישט מאצאכן און נישט זאלאגן.

פאר אלעמען איז איצט קלאר געוועזן, אז די דאזיקע צוויי איינוואוינער פון קלויסטער זענען באגאנגען דאס שרעקלעכע פארברעכן, וועלכעס איז נאך שרעקלעכער געווען דערמיט, וואס ס'איז אויסגעפירט געווארן צווישן די ווענט פון דעם אלטן יאסנאגורער קלויסטער, פארשוועכנדיק אזוי ארום דאס ארט, וואוהין עס קומען עולי־רגל זיין אזויפיל פרומע קאטאליקן.

אבער וואוהין זענען די דאזיקע צוויי מענטשן פארשוואונדן געווארן? דער עיקר — וואו איז אנטלאפן מאצאך? ס'איז קלאר געוועזן, אז די הויפט־שולד טראגט דער מאנאך און, אז דער קלויסטער־דינער האט בלויז צוגעהאלפן צום פארברעכן. א מאנאך, א גלח — א פארברעכער? און נאך וואס פאר א פארברעכער! א ראפינירטער מערדער, וועלכער האט זיין קרבן מיט אן אייז־קאלטער רואיקייט ארויסגעפירט עטלעכע צענדליק קילאמעטער פון שטאט אין א פארפאקטער קאנאפע און די קאנאפע אריינגעווארפן אין א טייכל.

די ידיעה, אז דער מערדער פון געהיימניספולן קרבן אין דער קאנאפע איז א מאנאך פון יאסנאגורער קלויסטער, האט אויפגערודערט דאס גאנצע לאנד. די דאזיקע ידיעה האט ממש געקלונגען אומגלויבלעך. איז עס מעגלעך? אין אלטן יאסנא־

גורער קלויסטער — א מאָרד? און דער מערדער — א מאַ־
נאַך און א גלח דערצו?

אָבער צו וועלכע צוועקן איז דער דאָזיקער מאָרד אויס־
געפירט געוואָרן? אַלע האָבן פארשטאַנען, אז דאָ האָט זיך גע־
מוזט אָפּשפּילן א שרעקלעכע, שוידערלעכע טראַגעדיע. אַלע
האָבן דעריבער געוואָלט וויסן ווער ס'איז דער דאָזיקער מאַ־
נאַך, אין וואָס פאַר א באַציאונגען ער איז געווען מיט דעם
דערמאָרדעטן, וואָס זענען געווען די סבות פון דעם דאָזיקן
רעטזעלהאפטן מאָרד?

אָבער וואו איז דער מערדער פארשוואונדן? וואו איז
מאַצאָך אהינגעקומען?

# דאַמאַזי מאַצאָך אַנטלויפט

א טאָג פריער איידער די פּאָליציי איז געקומען מאַכן די
אויספאָרשונג אין קלויסטער גופא, איז אין דער וואוינונג,
וואָס האָט זיך געפונען נעבן דער צוקער־פאַבריק „שרעדניא־
וואָ״, נישט ווייט פון קעלץ, געקומען צו פאָרן דער גלח דאַ־
מאַזי צוזאמען מיט א געוויסער העלענע מאַצאָך. געקומען זע־
נען זיי ביידע מכלומרשט צו גאַסט צו העלענעס שוועסטער,
זאָפּיא זאַיאָנטשקאָווסקא, וועלכע האָט געוואוינט מיט איר
מאַן נעבן דער צוקער־פאַבריק. די זאַיאָנטשקאָווסקיס האָבן
דעם גלח מיט העלענען אויפגענומען זייער גוט, מ'האָט זיך
צוגעפּרערדט וועגן פארשידענע ענינים. דערנאָך האָט זאָפּיע
א פרעג געטאָן ביי איר שוועסטער:

— זאָג מיר נאָר, העלענע, וואָס הערט זיך עפּעס ביי
וואַצלאַוון? איך האָב אים שוין לאַנג נישט געזען.

זאָפּיע האָט נישט באַמערקט, ווי העלענע איז בלאַס גע־
וואָרן און געגעבן א לייכטן ציטער.

— כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת, כ'האָב אים שוין אויך א לענגערע צייט נישט געזען, — האָט העלענע געענטפערט און שווער אָפּגעאָטעמט, — מיין מאַן איז מיט עטלעכע וואָכן צוריק אוועקגעפאָרן קיין לעמבערג צו זיינס א קוזין און ער שרייבט גאָרנישט קיין בריוו.

— אזא פּאַסקודניאַק! — האָט זאָפיע אויסגערופן, — פּאָרט אוועק און פּאַרגעסט אָן אייגענעם ווייב. אזוי זענען זיי אַלע די מענער! וואָס זאָגט איר דערצו, ערנוווירדיקער פּאָטער? — האָט זי זיך געווענדט צו דעם גלח, וואָס איז געזעסן מאָדנע פאַרטראַכט און נערוועז געמישט די בלעטער פון א בוך.

— וואָס זאָל איך זאָגן? א שלעכטער מענטש, גאָט וועט אים שוין דערפאַר שטראָפן... איך קלויב זיך טאַקי צו פאָרן קיין אויסלאַנד אים אויפצוזוכן, — האָט דער גלח צוגעגעבן, — איך זוך טאַקי א „פּולפּאַסעק",*) כדי אריבערצוגיין די גרענעץ, כ'וויל נישט פטרן צייט אויף אויסצואַרבעטן זיך אָן אויסלענדישן פּאַס. אפשר ווייסטו, זאָפיע, וואו איך וואָלט געקאָנט באַקומען א „פּולפּאַסעק"?

— דאָ אין אונזערע קאַנטן איז עס שווער צו קריגן, — האָט זאָפיע געענטפערט, — אין טשענסטאָכאָוו, וואָס ליגט ביי דער גרענעץ, איז עס פיל לייכטער ארויסצובאַקומען.

— א, יאָ, ביזט טאַקי גערעכט...

— פּאָרט טאַקי דער ערנווירדיקער פּאָטער אויפזוכן וואַצלאַוון? — האָט זאָפיע געפרעגט, — אָט דאָס הייסט האָבן אזא גוטן אַפּוטרופּוס, ווי אונזער גייסטלעכער פּאָטער איז.

— ווען נישט דער פּאָטער דאַמאַזי, וואָלט איך שוין

*) די אײַנוואוינער פון די גרענעצ־שטעטלעך אין צאַרישן רוסלאַנד פלעגן קאָנען באַקומען א צײַגניש פרײַ אריבערצוגײַן די גרענעץ. אזא צײַגניש פלעגט מען רופן „פולפאַסעק"?

לאנג פארפאלן געווארן, — האט העלענע באמערקט, — ער זארגט ווענן מיר מער, ווי מיין אייגענער מאן האט געזארגט.

— פארוואס ביזטו אזוי בלאס? — האט זאפיע פלוצלונג א פרעג געטון העלענען, זעענדיק, ווי העלענעס געזיכט איז געווארן ווייס, ווי קרייד. — זארגסט זיך אזוי, וואס וואצלאוו שרייבט נישט?

— בלאס? איך? כ'פיל עס נישט... — האט העלענע גע־ענטפערט און זיך באמיט צו שמייכלען, אבער איר שמייכל איז באלד פארוואנדלט געווארן אין א שרעקלעכער גרימאסע און זי האט זיך פונאנדערגעוויינט.

דאמאזי מאצאק האט א געשריי געטון:

— וואס איז דאס פאר א געוויין? איך פאר נאך וואצלאוון און איך וועל אים ברענגען.

— איך פארשטיי אויך נישט דיין וויינען, — האט זאפיע צוגעגעבן, — אז א מאן שרייבט נישט עטלעכע וואכן קיין בריוו, ווערט מען שוין אזוי פארצווייפלט! לאז אפ, העלענע, הער שוין אויף צו וויינען.

אבער העלענען איז שווער געווען צו בארואיקן. זי האט א שעה צייט נישט אויפגעהערט צו וויינען און ווען זי האט זיך ענדלעך בארואיקט, האט זי זיך געלייגט שלאפן און גע־שלאפן ביז צומארגנס אינדערפרי.

צומארגנס איז דאמאזי ארויסגעפארן פון שרעדניאווא, זאגנדיק, אז ער פארט קיין טשענסטאכאוו און פון דארטן וועט ער שוין אויף א „פולפאכעק" פארן קיין אויסלאנד. ער האט זיך געזעגנט מיט די זאיאנטשקאווסקים און מיט העלע־נען און צום סוף האט ער געזאגט צו העלענען עטלעכע ווער־טער, וועלכע האבן די זאיאנטשקאווסקים שטארק פארוואונ־דערט.

— זאלסט קומען צו מיר, דו הערסט? — האט מאצאק געזאגט צו העלענען.

— גוט... — האָט העלענע געענטפערט און שווער א זיפץ געטון.

ווען דער גלח איז אָפּגעפאָרן, האָט זאָפיע געפרעגט ביי דער שוועסטער:

— וואוהין הייסט ער דיך קומען?

— כ'ווייס נישט... לאָז מיך צורו... — האָט העלענע געענטפערט און זיך ווידער פונאַנדערגעוויינט.

זאָפיע האָט פאַרוואונדערט אָנגעקוקט איר וויינענדיקע שוועסטער און שפּעטער האָט זי געזאָגט צום מאַן:

— דו הערסט, מיכאַל, מיט העלענען איז עפּעס נישט אין אָרדנונג. דער מאָנאַך פּייניקט זי שוין ווידער. די גאַנצע געשיכטע מיט וואַצלאַווס נישט שרייבן קיין בריוו זעט מיר אויס צו זיין זייער פאַרדעכטיק. זאָג אַליין, וואָס האַלט העלענע עפּעס אין איין וויינען?

— נו, יאָ, די דאָזיקע גאַנצע געשיכטע געפעלט מיר אויך נישט, — האָט דער מאַן געענטפערט.

דערווייל איז דאַמאַזי מאַצאָך, אָנשטאָט צו פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו, געקומען קיין גוואָזניצע צום אָרטיקן גלח באַוועל טשאַפּליאַ און אים געבעטן, אַז ער זאָל אים דינגען אַ פּור קיין אָלקוש.

— אין אָלקוש וואוינט אַ גוטער האַרץ־דאָקטאָר, — האָט מאַצאָך דערקלערט טשאַפּליאַן, — ביי מיר איז לעצטנס עפּעס נישט אין אָרדנונג מיטן האַרץ.

גראָד איז צו טשאַפּליאַן דאַמאָלס געקומען צופאָרן אַ פּור, כדי צו פירן דעם גלח צו אַ קראַנקן אין אַ דאָרף אַריין, אויף צו זאָגן ודוי. אַזוי ווי דאָס דאָזיקע דאָרף איז אויסגעקומען אויפן וועג קיין אָלקוש, האָט מאַצאָך געבעטן טשאַפּליאַן, אַז ער זאָל אים, מאַצאָכן, לאָזן פאָרן צום קראַנקן.

— איך וועל שוין מיטן קראַנקן זאָגן ודוי און אייך איינבּרענגען אַ וועג, — האָט מאַצאָך דערקלערט.

טשאַפּליאַ האָט מסכים געווען און מאַצאָך איז אָפּגע־פאָרן מיט דער פור. ער איז געקומען אין דאָרף אריין, אָפּגע־זאָגט מיטן קראַנקן ודוי און דערנאָך ווייטער געפאָרן קיין אָל־קגש. קיין אָלקוש איז מאַצאָך אָנגעקומען אַ זייגער איינס בייטאָג. איצט איז ער געווען אַנדערש געקליידט, ווי שטענ־דיק. אָנשטאָט דעם ווייסן כאַלאַט, ווי עס טראָגן די מאָנאַכן פון פּאַוֹלינער אָרדען, האָט ער געטראָגן אַ שוואַרצע סוטאַננע. ער האָט אויך געטראָגן ברילן, הגם ביז איצט האָט מאַצאָך קיינמאָל קיין ברילן נישט געטראָגן.

אין אָלקוש, אויפן מאַרק, האָט מאַצאָך געדונגען אַ דראָזשקע, וואָס האָט געהערט צום יידישן דראָזשקאַזש גימפּל אוּרמאַן און זיך געהייסן פירן אין אַ רעסטאָראַן אריין.

— אין רעסטאָראַן וועל איך נישט אַריינגיין, — האָט מאַצאָך דערקלערט דעם דראָזשקאַזש, — מיר וועלן פאָרן ווייטער, איך וויל נאָר, אַז דו זאָלסט מיר קויפן דאָרטן אַ פלעשל בראָנפן.

מיט אַ שעה פריער איידער מאַצאָך איז אָנגעקומען קיין אָלקוש, האָבן די צייטונגס־יונגלעך אריינגעבראַכט אין רע־סטאָראַן פון באָלעסלאַוו פּיעכאָצקי, וואוהין דער דראָזשקאַזש איז שפּעטער צוגעפאָרן מיט מאַצאָכן, די צוויי סאָסנאָוויצער צייטונגען, די „איסקראַ" און דעם „קוריער". אין די דאָזיקע צייטונגען איז געווען אָפּגעדרוקט די פּאָר אַלעמען איבער־ראַשנדיקע נייעס, אַז דעם טויטן קערפּער אין דער קאַנאַפּע ביי זאַוואַדי האָט מען ארויסגעפירט פון יאַכנאָגוער קלויס־טער און, אַז דער מערדער איז טאַקי נישט קיין אַנדערער, ווי דער קשיאָנדז דאַמאַזי מאַצאָך. וואָס שייך די פּערזאָן פון דער־מאָרדעטן האָבן די דאָזיקע צייטונגען געשריבן, אַז דער דער־מאָרדעטער איז געווען אַ פראַנצויזישער דעטעקטיוו, וועלכער איז געקומען קיין טשענסטאָכאָוו, כדי אויסצופאָרשן און אַנט־דעקן די שולדיקע אין דער באַרימטער גנבה אין יאַסנאָגורער

קלויסטער, בעת וועלכער מ'האָט צוגעגנבעט טייערע איידל־שטיינער און די בריליאַנטענע אויגן פון דער „הייליקער מוטער־סטאַטוע". היות, ווי דער גלה דאַמאַזי מאַצאָך, האָבן געשריבן די צייטונגען, איז געווען פאַרמישט אין דער דאָזיקער גנבה, האָט ער אָפּגערוימט פון וועג דעם פראַנצויזישן רעטעקטיוו.

די דאָזיקע סענסאַציאָנעלע ידיעה האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם צווישן די רעסטאָראַן־געסט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ שאַרפער ויכוח. אַ טייל געסט האָט מיט כעס און אויפרעגונג גערעדט וועגן דער ידיעה, וואָס באַליידיקט דעם כבוד פון דער קירכע, אַנדערע געסט ווידער האָבן געהאַלטן, אַז אַלץ קאָן מעגלעך זיין, אַז אויסוואורפן קאָנען זיך געפונען אומעטום און עס איז נאָך נישט קיין באַליידיקונג פאַר דער קירכע, אויב אין איר געפינט זיך אַן אויסוואורף. די דיסקוסיע איז געפירט געוואָרן זייער שאַרף און היים. ס'האָט זיך אויך אריינגעמישט אין דעם הייסן געשפּרעך די בופעט־אָנגעשטעלטע וואַלעריאַ מייכער, וועלכע האָט דערקלערט:

— די דאָזיקע באַשולדיקונג קעגן קשיאָנדז דאַמאַזי איז נישט מער, ווי אַ נידערטרעכטיקער בלבול. גראָד קען איך זייער גוט דעם דאָזיקן מאָנאַך פון יאַסנאָגורער קלויסטער. איך בין צו אים עטלעכע מאָל געקומען זיך מתודה זיין. דאָס איז אַ זעלטן איידעלער מענטש. אַ קלוגער און אַזאַ גוטער, אַז ס'איז אַ מחיה אים צו הערן רעדן. נאָכן מתודה זיין זיך, פלעגט ער מיר אַלעמאָל אַ קוש טון אין שטערן און זאָגן מיט אַזאַ זאַנפטיקער שטים: „גאָט וועט דיר מוחל זיין דיינע זינד", און ווען איך פלעג ארויסגיין פון זיין צעלע, האָב איך באמת געפילט, אַז גאָט האָט מיר מוחל געווען מיינע זינד... ווי קאָן מען אויסטראַכטן אויף דעם דאָזיקן מענטש אַזאַ בלבול? דאָס איז דאָך אומדערהערט. איך אַליין וועל גיין

עדות זאָגן, אַז דער קשיאַנדז דאַמאַזי איז אַ ריינע, אומבאַ־
פלעקטע נשמה...

— ווער איז דאָס פאַרפאָרן פאַרן רעסטאָראַן? — האָט
פלוצלונג אַ פרעג געטאָן דער רעסטאָראַן־אייגנטימער פּיעכאַצ־
קי, אַרויסקוקנדיק דורכן פענסטער, — אַ גלח גאָר? יאָ, ס'איז
אַ גלח. וואָס וויל ער דאָ?

אין דעמזעלבן מאָמענט איז אַריינגעקומען דער דראָזש־
קאַזש, מיט וועלכן מאַצאָך איז געפאָרן, און געבעטן אַ פלעשל
בראָנפן. די פאַרקויפערין האָט דערקלערט, אַז אין רעסטאָראַן
פאַרקויפט מען נאָר בראָנפן אויפן גלעזל, אויב ער וויל אַ
פלאַש בראָנפן, קאָן ער עס באַקומען אין מאָנאָפּאָל, וואָס גע־
פינט זיך נישט ווייט פון רעסטאָראַן.

דער דראָזשקאַזש איז אַרויסגעגאַנגען און דערקלערט מאַ־
צאָכן, אַז ער לויפט צו אין מאָנאָפּאָל קויפן דעם בראָנפן. די
דראָזשקע איז דערווייל געבליבן שטיין פאַרן רעסטאָראַן.

די בופעט־אָנגעשטעלטע, וואָס האָט זיך אַזוי אָנגענומען
פאַר מאַצאָכס כבוד, האָט געוואָרפן אַ בליק צום פענסטער און
גענומען באַטראַכטן דעם גלח, וואָס איז געזעסן אין דער
דראָזשקע. פלוצלונג האָט זי אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און
אויסגערופן:

— הייליקע מוטער! דאָס איז דאָך דער קשיאַנדז דאַמאַ־
זי! — און איינקוקנדיק זיך גוט אין פענסטער האָט זי אַ דער־
שראָקענעם באַשטעטיקט, — יאָ, יאָ, דאָס איז ער טאַקי!

אַלע געסט זענען צוגעלאָפן צום פענסטער צו באַטראַכטן
דעם מענטש, וועגן וועלכן די צייטונגען שרייבן, אַז ער האָט
אויסגעפירט דעם מאָרד אין יאַכנאָגאָרער קלויסטער. עטלעכע
געסט האָבן דערקלערט, אַז מ'דאַרף תיכף צו ווּיסן געבן דער
פּאָליציי, ווייל ווי ס'איז צו זען, גרייט זיך דער קשיאַנדז
דאַמאַזי צו אַנטלויפן איבער דער גרענעץ.

— אויב די צייטונגען שרייבן, אַז ער האָט אויסגעפירט

רעם מאָרד, וואָס זשע טוט ער דאָ פראַנק און פריי אין אַל־דערש, ווי ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון דער פּאָליציים הענט און גרייט זיך צו אַנטלויפן איבער דער גרענעץ. מען וואָלט אים דעריבער תיכּף געדאַרפט פאַרהאַלטן!

דער רעסטאָראַן־אייגנטימער פּיעכאָצקי האָט אָבער דער־קלערט, אַז מ'קאָן זיך נישט שטיצן בלויז אויף די ידיעות פון די צייטונגען, מ'טאָר נישט לאָזן אַרעסטירן אַ גייסטלעכע פּערזאָן בלויז אויפן סמך פון דעם, וואָס די צייטונגען שרייבן.

— איבעריקנס, — האָט פּיעכאָצקי צוגעגעבן, — וויל איך נישט, אַז מ'זאָל דעם דאָזיקן קשיאָנדז אַרעסטירן פאַר מיין רעסטאָראַן. דערנאָך וועט מען זאָגן אויף מיר, אַז איך בין אַ שפּיאָן, אַז איך האָב אַרויסגעגעבן דער פּאָליציי אַ קשיאָנדז. מיין רעסטאָראַן קאָן צוליב דעם אַ סך ליידן, איך קאָן פאַרלירן אַ סך געסט.

בעת די געסט און דער רעסטאָראַן־אייגנטימער האָבן צווישן זיך געשמועסט, צי מען זאָל מאַכאָן יאָ פאַרהאַלטן, אָדער נישט פאַרהאַלטן, האָט דער דאָזשקאָזש דערווייל גע־ברענגט די פלאַש בראָנפן און באַלד אָפּגעפאָרן מיט זיין פּאַ־סאַזשיר אין דער ריכטונג צו דער עסטרייכישער גרענעץ.

איינער פון די רעסטאָראַן־געסט אַ געוויסער באַנאַשיק האָט זיך נישט געקאָנט באַרואיקן, ער האָט אינסטינקטיוו געפילט, אַז מאַצאָך וויל אַנטלויפן קיין אויסלאַנד. ער איז דעריבער תיכּף אַוועקגעלאָפן אין דער אָלקושקער פּאָליציי און דערציילט וועמען ער האָט געזען. מ'האָט באַלד גענומען נאָכ־יאָגן דעם קשיאָנדז, מ'האָט געזוכט אויפן גאַנצן שאָסיי ביז דער גרענעץ, אָבער פון מאַצאָכן האָט מען שוין מער קיין שפּור נישט געפונען.

דאָס געהיימניס פון שרעקלעכן פאַרברעכן איז ווידער נישט אויפגעקלערט געוואָרן. בלויז דער מערדער האָט געקאָנט אויפדעקן דעם שלייער פון דעם סודותפולן פאַרברעכן אין דער

צעלע נומער 38 פון יאסנאָגורער קלויסטער, בלויז דער קשיאַנדז ראַמאַזי האָט געקאַנט וואַרפן אַ שיין אויף די אומ־שטענדן און סבות פון מאָרד, אויף דער גאַנצער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דעם אַלטן טשענסטאָכאָווער קלויסטער.

אָבער מאַצאָך האָט געוואָלט, אַז די דאָזיקע געהיימניס־פולע טראַגעדיע זאָל בלייבן אַ סוד אויף אייביק, כדי ער זאָל קאָנען ראַטעווען די אייגענע הויט.

# אין דער נעץ פון אייגענעם געוויסן

ארויספּאָרנדיק פון אָלקוש און אָפּפּאָרנדיק עטלעכע קי־לאָמעטער, האָט מאַצאָך געהייסן דעם דראָזשקאַזש פּאַרקירע־וועו אין אַ דאָרף, וואו עס וואוינען גרענעץ־שמוגלער. דער דראָזשקאַזש איז אָנגעקומען אין דאָרף זשוראַדע און פאַרפאָרן פאַר דער שטוב פון גרענעץ־שמוגלער ווינצענטי וואַדאַס.

ארייננקומענדיק אין שטוב, האָט מאַצאָך געמאַכט אַ שנאַפּס פון דער פלאַש בראָנפן, וואָס ער האָט מיט זיך גע־פירט פון אָלקוש. ער האָט אויך מכבד געווען מיט בראָנפן דעם דראָזשקאַזש און וואַדאַסן, דערנאָך האָט ער דערציילט דעם שמוגלער אַ מעשה, אַז ער מוז זיך אריבערכאַפּן איבער דער גרענעץ, ווייל ער איילט זיך צו אַ קראָקעווער דאָקטאָר און קאָן נישט וואַרטן אויף קיין אויסלענדישן פּאַס.

וואַדאַס האָט זיך אונטערגענומען דעם קשיאָנדז אריבער־צופירן איבער דער גרענעץ און געפאָדערט דערפאַר 20 רובל.

— דו קריגסט אפילו 50 רובל, קיין געלט שפּילט נישט ביי מיר קיין ראָל, — האָט מאַצאָך דערקלערט.

מאַצאָך האָט געוואַרט ביז ס'וועט ווערן נאַכט, דאַן האָט וואַדאַס איבערגעטון דעם קשיאָנדז אין פּויערישע קליידער און דורך אַ וואַלד אריבערגעפירט קיין עסטרייך. דערוויסנ־

דיק זיך פֿון וואַרשע, אַז זיי זענען שוין אין עסטרייך, האָט מאַטשאָק אַרומגעכאַפּט דעם גרענעץ־שמוגלער און אים אָנגע־הויבן צו קושן און האַלדזן.

— איך וועל דיר קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן, — האָט מאַ־טשאָק געזעגנט מיט אַ פּריילעכער, צופֿרידענער שטים, — איך וועל שטענדיק בעטן גאָט פֿאַר דיר, אַז דו זאָלסט תּמיד מצליח זיין, ווי דו האָסט היינט מצליח געווען.

— וואַרטן אויף אייך אין עסטרייך, ביז וואַנען איר וועט צוריק אַריבערגיין די גרענעץ? — האָט דער גרענעץ־שמוג־לער געפֿרעגט.

— אָ, ניין, ניין, צו וואָס? מיין קורע אין קראָקע וועט לאַנג געדויערן, — האָט מאַטשאָק געענטפֿערט.

ווען דער דראָזשקאַזש, מיט וועלכן מאַטשאָק איז געפֿאָרן, איז צוריקגעקומען קיין אָלקוש, האָט אים די פּאָליציי באַלד פֿאַרהאַלטן און גענומען אויף אַ פֿאַרהער. דער דראָזשקאַזש האָט דערציילט דעם גאַנצן אמת, אַז מאַטשאָק איז אַריבער די גרענעץ און געפֿינט זיך שוין, אַוודאי, אין קראָקע. דאַן האָט די אָלקושער פּאָליציי זיך געווענדט צו דער קראָקאָווער מאַכט, אַז זי זאָל אויפֿזוכן מאַטשאָקן און אים צושטעלן צו דער גרע־נעץ. גלייכצייטיק איז אַ טשענסטאָכאָווער פּאָליציי־קאָמיסאַר מיט מאַטשאָקס פֿאָטאָגראַפֿיע אַרויסגעפֿאָרן קיין עסטרייך, אויפֿצוזוכן מיט דער הילף פֿון דער קראָקעווער פּאָליציי דעם פֿאַרברעכער.

ווען דער טשענסטאָכאָווער פּאָליציי־קאָמיסאַר איז אָנגע־קומען קיין טשעבינאַ, אויף דער ערשטער עסטרייכישער באַן־סטאַציע נאָך דער גרענעץ, איז שוין אויף דער סטאַציע געשטאַנען אַ פֿאַכאַזשיר־צוג גרייט אָפּצופֿאָרן קיין קראָקע. ווען דער קאָמיסאַר, אָנגעטון אין זיין אָפֿיציעלער אוניפֿאָרם, איז אַרויס אויבן פֿעראָן, האָט ער באַמערקט, ווי אויף אַ באַנק זיצט אַ קשיאָנדז און לייענט אַ צייטונג.

דער קאָמיסאַר האָט פּאָרזיכטיק אַרויסגענומען מאַצאָכס פּאָטאָגראַפיע און אויף איר אַ קוק געטאָן: ס'איז נישט געווען דער מינדסטער ספק: דער קשיאַנדז, וואָס איז געזעסן אויף דער באַנק און געליינט די צייטונג, איז געווען נישט קיין אַנדערער, ווי דאַמאַזי מאַצאָך.

אַליין אַרעסטירן אים, האָט דער רוסישער קאָמיסאַר נישט געהאַט קיין רעכט, ער האָט דעריבער זיך שנעל געלאָזט גיין צו דעם דיזשורנע פון דער סטאַציע.

ווי נאָר דער קשיאַנדז, וועלכער איז געזעסן אויף דער באַנק, האָט באַמערקט אַ רוסישן פּאָליציי־קאָמיסאַר, האָט ער אַ וואָרף געטאָן די צייטונג און אַריינגעשפּרונגען אין אַ וואַגאָן. דער פּאָליציי־קאָמיסאַר איז איצט געווען שוין זיכער, אַז ער האָט געהאַט פאַר זיך דעם מערדער פון קלויסטער. אָבער ווי אַזוי כאַפּט מען אים, ווען דער צוג האָט שוין גערירט פון אָרט? דער פּאָליציי־קאָמיסאַר האָט נישט לאַנג געטראַכט און נישט קוקנדיק אויף דער דראָענדיקער געפאַר, איז ער אַריינגעשפּרונגען אין צוג, וואָס איז שוין געגאַנגען שנעל געלאָפן. אַ האָר האָט געפעלט, אַז ער זאָל אַרונטערפאַלן אונטער די רעדער און צעשניטן ווערן. אָבער ס'האָט אים אָפּגעגליקט. ער איז געפאָרן איצט אין איין צוג מיט דעם מערדער, וועגן וועלכן אַלע צייטונגען האָבן שוין געשריבן, אַז „ער איז פאַרפאַלן געוואָרן, ווי אַ שטיין אין וואַסער אַריין".

דער קאָמיסאַר האָט באַלד מודיע געווען דעם אויבער־קאָנדוקטאָר פון צוג, וועגן דעם, ווער עס פאָרט אין איינעם פון די וואַגאָנעס און געבעטן, אַז ווי נאָר דער צוג וועט אָנקומען קיין קראָקע, זאָל מען אים העלפן פאַרהאַלטן דעם פאַרברעכער.

ווען דער צוג איז אָנגעקומען קיין קראָקע, איז מאַצאָך געווען פון די ערשטע, וואָס זענען אַרויס פון די וואַגאָנעס. ער האָט זיך גלייך געלאָזט צום וואָקזאַל־אַריינגאַנג, אָבער דאָ

האָבן אים שוין עטלעכע עסטרייכישע פּאָליציאַנטן פאַרשטעלט דעם וועג. אין דער זייט איז געשטאַנען דער רוסישער פּאָלי־צײַ־קאָמיסאַר.

— איר זענט אַרעסטירט! — האָט אים מיט אַ שאַרפער שטים דערקלערט איינער פון די פּאָליציאַנטן.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ סקאַנדאַל, ווי וואַגט איר צו אַרעסטירן אַ גייסטלעכן! — האָט מאַצאָך אויסגערופן און אָפּגעשטופּט פון זיך די פּאָליציאַנטן, וועלנדיק ווייטער גיין.

— איר זענט נישט קיין גייסטלעכער, נאָר אַ מער־דער! — האָט אַ געשריי געטון צו מאַצאָכן דער רוסישער פּאָליציי־קאָמיסאַר.

מאַצאָך איז געבליבן שטיין אַ טויט־בלאַסער, נישט קאָ־נענדיק אויסרעדן קיין וואָרט. ער האָט געקוקט אויף די פּאָ־ליציאַנטן, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט, מיט אַזאַ בליק, ווי ער וואָלט זיך געבעטן: „איך בעט אייך רחמים, לאָזט מיך אָפּ“. דערנאָך האָט ער אַראָפּגעלאָזט די הענט און אַ זאָג געטון מיט אַ צעבראָכענער שטים:

— אַרעסטירט מיך, איך בין ווערט די שטראָף.

---

נאָך אין דעמזעלבן טאָג איז מאַצאָך איבערגעפירט גע־וואָרן קיין טשענסטאָכאָוו. דאָס גאַנצע לאַנד האָט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם געוואַרט אויף מאַצאָכס דערקלערונגען. אַלע האָבן געפילט, אַז דאָ וועט אויפגעדעקט ווערן אַ גרויס גע־היימניס, וואָס האָט אויך אַ שייכות צו דער באַרימטער גנבה, וועלכע איז פאָרגעקומען אין יאַסנאָגוּרער קלויסטער. דער געזעלשאַפטלעכער אינטערעס צו מאַצאָכס דערקלערונגען איז געווען אַזוי גרויס, אַז טשענסטאָכאָוו איז געווען פאַרפלייצט פון צענדליקער צייטונגס־קאָרעספּאָנדענטן, וועלכע האָבן שוין מיט אומגעדולד געוואַרט אויף די סענסאַציאָנעלע דערקלע־רונגען, וואָס מאַצאָך דאַרף געבן. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז

די דאָזיקע דערקלערונגען וועלן זיכער זיין סענסאַציאָנעלע און איבעראַראַשנדע.

ווען מ'האָט מאַצאָכן אַריינגעפירט אין צימער פון אויס־פאָרשונגס־ריכטער, איז ער געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. אויפן ערשטן בליק האָט זיך געקאָנט אויסדוכטן, אַז דער דאָזיקער מענטש פילט זיך צובראָכן און איז פול מיט חרטה, אָבער דאָס געניטע אויג פון אויספאָרשונגס־ריכטער האָט באַמערקט אויף מאַצאָכס געזיכט אַ באַהאַלטענעם, איראָנישן שמייכל, ווי ער וואָלט געהאָפט זיך אַרויסצודרייען פונם גאַנצן שווערן עסק.

— זענט איר זיך מודה אין פאַרברעכן? — האָט אים דער אויספאָרשונגס־ריכטער געפרעגט.

— מיין פאַרברעכן וואָלט געווען נאָך גרעסער, ווען איך וואָלט זיך נישט מודה געווען אין דעם מאָרד, — האָט מאַצאָך געענטפערט מיט אַ פרומער, יראת־שמים־דיקער שטים. — מיינט נישט, אַז איך בין אַנטלאָפן קיין עסטרייך, כדי זיך אויסצובאַהאַלטן פון די הענט פון דער גערעכטיקייט. איך בין געפאָרן קיין קראָקע, כדי זיך צו קויפן ציווילע קליידער און דערנאָך האָב איך געהאַט בדעה צו פאָרן קיין וואַרשע און זיך איבערגעבן אין די הענט פון גענעראַל־גובערנאַטאָר...

— דאָס, וואָס איר האָט געהאַט בדעה צו טון, איז איצט פאַר אונז נישט וויכטיק, — האָט אים דער אויספאָרשונגס־ריכטער איבערגעריסן, — איר דערציילט מיר נאָר, ווי אַזוי איז געקומען דערצו, אַז איר, אַ גייסטלעכע פּערזאָן, אַ מאָנאַך פון דעם אַלטן יאַסנאָגורער קלויסטער, זאָלט האָבן אויסגעפירט אַ מאָרד און נאָך דערצו אין קלויסטער גופא? דערציילט מיר דעם גאַנצן אמת, פאַרהוילט פון מיר גאָרנישט.

— יאָ, דעם אמת וועל איך פאַר אייך דערציילן, דעם גאַנצן אמת, האָט מאַצאָך אָנגעהויבן, — דאָס אומגליק, וואָס האָט מיך געטראָפן שטעלט זיך פאַר אַזוי. דעם 9־טן יולי איז

צו מיר אין קלויסטער געקומען צו גאַסט מיין קוזין, דער פּאָכט־באַאַמטער פון גראַניצאַ, וואַצלאַוו מאַצאַך. ער האָט דאַ־מאָלס געהאַט אַגרלויב און געוואוינט אין וואַרשע. געקומען איז ער אייגנטלעך זיך צו דערוויסן פון זיינע טשענסטאָכאָ־ווער קאָלעגן, צי איז שוין פון גראַניצאַ אָנגעקומען פאַר אים זיין געהאַלט. איך האָב מיין קוזין אויפגענומען זייער האַר־ציק און פריינדלעך און ער האָט פאַרבראַכט אין מיין קלויס־טער־צימער צוויי טעג. אויפן דריטן טאָג, אַ זייגער צען אין אָונט, ווען מיר האָבן זיך אויסגעטאָן צו לייגן זיך שלאָפן, איז פאָרגעקומען צווישן אונז ביידע אַ שאַרפער שמועס. מיין קוזין האָט מיר פאָרגעוואָרפן, פאַרוואָס איך האָב ביז איצט נישט אויסגעפועלט פאַר אים אַ שטעלע פון אַ באַאַמטן פון דער 3־טער קאַטעגאָריע אין וואַרשע. היות, ווי איך האָב אַ סך באַקאַנטע אין דער באַאַמטן־ספערע אין וואַרשע, האָב איך אים געהאַט צוגעזאָגט צו שאַפן אַזאַ שטעלע. הערנדיק זיינע פאָרוואורפן, האָב איך אים געענטפערט, אַז איך בין שוין צוויי מאָל געווען ביים נאַטשעלניק פון פּאָסט און טעלעגראַף, נאָר צוליב דער כענאַטאָרישער רעוויזיע און צוליבן ערעסט פון פיל באַאַמטע האָב איך גאָרנישט געקאָנט מאַכן. נישט קוקנ־דיק אויף מיין דערקלערונג, האָט זיך וואַצלאַוו אָנגעהויבן צו זידלען. דאָס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן און איך האָב אַ געשריי געטון צו אים, אַז ער זאָל שווייגן, ווייל ער איז נישט מער, ווי אַ שנעק.

„דאָ איז געשען אַ זאַך, וואָס האָט מיך אינגאַנצן אַרויס־געבראַכט פון געדולד. ווי נאָר איך האָב אים אָנגערופן „שנעק", איז ער צוגעשפרונגען צו מיר און מיר אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש. דאָן האָט מיך באַהערשט אַ שרעקלעכער כעס, פון וועלכן איך האָב זיך בשום אופן נישט געקאָנט באַפרייען. ווילד פאַר צאָרן פון דער פיזישער באַליידיקונג, האָב איך אַ כאַפּ געטון אַ העקל, וואָס איז גראָד געלעגן אין מיין צימער

און אַ זעץ געטאָן דערמיט מיין קוזין אין קאָרק אריין. ער איז באַלד אומגעפאַלן. דער צאָרן האָט אין מיר נישט אויפגעהערט צו געוועלטיקן. זעענדיק, אַז ער ליגט שוין אויף דרערד, האָב איך אים געגעבן נאָך צוויי קלעפּ מיט דער האַק. נאָר וואָס געדענק איך שוין נישט, ווייל ס'האָט מיר אַ מיש געטאָן אין קאָפּ. איך האָב באַמערקט, אַז ער לעבט נאָך. אַליין נישט ווייסנדיק פאַרוואָס, האָב איך אים אַראָפּגעצויגן די הויזן און אָנגעהויבן צו שטיקן, ביז ער האָט אויסגעהויכט די נשמה.

,,דערזעענדיק, אַז מיין קוזין איז טויט, בין איך געוואָרן אינגאַנצן צומישט און אָנגעהויבן אַרומצולויפן איבערן צימער, ברעכנדיק זיך די הענט פאַר פאַרצווייפלונג. איך האָב אַ כאַפּ געטאָן אַ רעוואָלווער און זיך געוואָלט דערשיסן, אָבער אַן אינעווייניקסטע שטים האָט מיר געזאָגט, אַז איך זאָל עס נישט טאָן. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך געווײנט איבערן טויטן קערפּער און גאָט געבעטן, אַז ער זאָל מיר מוחל זיין מיינע זינד. געווען מינוטן, ווען איך האָב געפילט, אַז איך גיי אַראָפּ פון זינען. אינדערפרי בין איך אַ ביסל געקומען צו זיך און זיך לאַנג געוואַקלט, וואָס איך האָב צו טאָן: גיין אין דער פּאָליציי און אַלץ דערציילן? אָדער אפשר זיך מודה זיין פאַר דעם אויפזעער פון קלויסטער? נאָר סוף כל סוף איז צו ביידע זאַכן נישט דערגאַנגען און ווען ס'איז שוין גאָר ליכטיק געוואָרן, האָב איך איינגעוויקלט דעם מת אין אַ ליילעך, אַריינגעלייגט אים אין אַ שענק און געגומען פאַרטרייבן די שפּורן פון בלוט אויפן טיש, אויף די ווענט, אויף דער פּאָדלאָגע. שפּעטער האָב איך אַרויסגעריסן דעם קלויסטער־דינער זאַלאָג, צו וועלכן איך האָב געהאַט פּילשטענדיקן צוטרוי און אים דערציילט, אַז וואָצלאַוו מאַצאָך האָט זיך דערשאָסן און, נישט קאָנענדיק צוזען, ווי ער ליידט ביי דער גסיסה, האָב איך אים צוגעטויט מיט אַ האַק"...

— האָט איר זאַלאָגן, הייסט עס, געזאָגט אַ ליגן? —

האָט דער אויספאָרשונגס־ריכטער מאַצאָכן איבערגעריסן די רייד.

— נו, יאָ, איך בין דאָך געווען געצוואונגען, ער האָט דאָך געזען די פאַרבלוטיקטע האַק... — האָט מאַצאָך געענט־פערט מיט אַ נישט זיכערער שטים.

— און פאַרוואָס זשע זענט איר אויך מיר געצוואונגען צו זאָגן בלויז ליגנס? — האָט דער אויספאָרשונגס־ריכטער אַ זאָג געטון, שאַרף באַטאָנענדיק יעדעס וואָרט און, באַטראַכטנ־דיק גענוי יעדן צוק פון מאַצאָכס געזיכט־מוסקולן. — זאָגט מיר, פאַרוואָס לייקנט איר?

— איך לייקן נישט, איך דערצייל אַלץ אַזוי ווי ס'איז געווען, — האָט מאַצאָך געענטפערט און מיט דערשראָקענע אויגן אָנגעקוקט דעם אויספאָרשונגס־ריכטער.

— ביי אייך האָט מען געפונען אַן אויסלענדישן פּאַס אויפן נאָמען פון אַ געוויסער העלענע מאַצאָך. ווער איז די דאָזיקע פרוי?

— דאָס איז.. מיינס אַ שוועסטער... — האָט מאַצאָך קוים אַרויסגעשטאַמלט די ווערטער. — זי האָט געזאָלט פאָרן קיין אויסלאַנד, האָב איך איר אויסגעאַרבעט אַן אויסלענדישן פּאַס.

— צו וואָס האָט איר דעם פּאַס געטראָגן מיט זיך און אַפילו אים מיטגענומען קיין אויסלאַנד?

— איך האָב צוליב צעמישטקייט פּשוט פאַרגעסן איר אָפּצוגעבן דעם פּאַס.

— דעם פּאַס האָט איר דאָך אויסגעאַרבעט נ אָ כ ן מאָרד, נישט אמת?

— יאָ... — האָט מאַצאָך זיך פּשוט געשטיקט מיט דעם דאָזיקן וואָרט.

— וואו געפינט זיך די דאָזיקע פרוי?

— איך ווייס נישט... זי האָט געוואוינט אין וואַרשע,

נאָר זי איז פֿון דאָרטן אַפּגעפֿאָרן... זי האָט מיר נישט געשריבן וואָס זי וואוינט...

— ווייסט איר נישט, וואו עס וואוינט אייער שוועסטער? — האָט אים דער אויספֿאָרשונגס־ריכטער פֿאַרשנדייק אָנגעקוקט.

— ניין. פֿון וואַנען זאָל איך וויסן, אַז זי האָט מיר וועגן דעם נישט געשריבן?

— צי ווייסט די דאָזיקע פֿרוי, אַז איר האָט דערמאָרדעט אייער קוזין? — האָט דער אויספֿאָרשונגס־ריכטער פּלוצלינג אַ פֿרעג געטאָן נאָך אַ ווייל שטילשווייגן.

מאַצאָך האָט אַ קוק געטאָן אויפֿן אויספֿאָרשונגס־ריכטער מיט אַ פּאָר אויפֿגעריסענע, דערשראָקענע אויגן און איז שרעקלעך בלאַס געוואָרן.

— פֿאַרוואָס מאַטערט איר מיך אַזוי? איר פּייניקט מיך שוין צופֿיל! — האָט מאַצאָך אויסגערופֿן און גענומען ציטערן מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט באַקומען קאַנוואולסיע.

— נישט איך פּייניק אייך, נאָר דער אמת פּראָטעסטירט קעגן אייך. אַ״ם גייסטלעכע פּערזאָן האָט איר נישט געדאַרפֿט לייקענען, נאָר דערציילן דעם גאַנצן אמת און איר זאָגט ליגן, ווי דער ערגסטער פֿאַרברעכער.

— פּייניקט מיך נישט! — האָט מאַצאָך אַ געשריי געטאָן און אַנידערגעוואָרפֿן דעם קאָפּ אויפֿן טיש. — וואָס ווילט איר פֿון מיר? אָ, ווייז צו מיר!

— אייך פּייניקט דער אמת, דערציילט מיר בעסער, ווי אַלץ איז פֿאָרגעקומען, וועט אייך לייכטער ווערן.

— איך האָב דערציילט דעם אמת... יאָ... — האָט מאַצאָך גענומען שווער קרעכצן און מ׳האָט געזען, ווי ער ראַנגלט זיך מיט זיך אַליין.

— איר זאָגט, אַז איר האָט אייער קוזין דערהרגעט אין מיטן קריגן זיך. דאָס איז דאָך אָבער נישט אמת, איר האָט

אים דאָך געגעבן דעם ערשטן קלאַפּ, ווען ער איז געשלאָפן, — האָט דער אויספאָרשונגס־ריכטער א זאָג געטון, באַטאָנענדיק די לעצטע ווערטער.

— הא? וואָס? — איז מאַצאָך אויפגעשפּרונגען, — איר ווייסט אַלץ?! גאָט מיין גאָט! און ער האָט ווי א ווילדע חיה אָנגעהויבן ארומצולויפן איבערן צימער.

(פאָרטזעצונג אין צווייטן בוכל).

# ביז איצט דערשינענע ביכלעך פון דער „גראָשן־ביבליאָטעק"

7. מ. גרענאריוס: לוקרעציא בארדזשיא.
8. י. קאגאן: גראף פאטאצקי, דער גר־צדק.
9. ראבערט סמיט: אלפרעד רעדל, דער עסטרייכישער אזעף.
10. פריטאף לארסאן: אין די נעגל פון ווייסן טויט. (נאבילעס עקספע־דיציע צום צפון־פאל).
11. ק. מאשקאוויטש: דאנטאן. דער גאון פון דער פראנצ. רעוואלוציע.
12. מ. הארטמאן: לעדי האמילטאן.
13. ב. גבריאלי: שאול וואהל, דער ייד. קעניג פון פוילן.
14. ש. בערגמאן: לעוו טראצקי, די טראגעדיע פון א רעוואלוציאנער.
15. ה. פריידבערג: דער טרוימער פון אקעאנען (קריסטאף קאלומבוס).
16. קאגאן: אסתרקע, די פוילישע אסתר־המלכה.
17. מ. קאראלין: דער קייזער פון א רעפובליק (יוליוס צעזאר).
18. ב. סערלין: די העטערע אויפן טראן (יעקאטערינע II).
19. פ. זילבערמאן: שבתי צבי, דער פאלשער משיח.
20. אלעקסאנדער סיעראוו: ווי אזוי האט מען דערהרגעט אלעקסאנ־דער דעם צווייטן?
21. סט. מייזנער: דער כשוף־מאכער פון אונזער צייט (מאמאס עדיסאן).
22. נ. סלאנימסקי: דער בונט אויף דער פאנצער־שיף „פאטיאמקין".
23. ק. מאשקאוויטש: דער נביא פון מעקא (מאכמעד).
24. י. קאגאן: יעקב פראנק.
25. מ. הארטמאן: פון טראן אויף דער תליה (מאריא סטיוארט).
26. מ. קאנטאר: סערגיי מיאסאיעדאוו (פאררעטער צי קרבן?)
27 ש. בערגמאן: יעוונא אזעף — דער רעוואלוציאנער.
28. ש. בערגמאן: אזעף ראסקין — דער פראוואקאטאר.
29. מ. הארטמאן: מאנאן לעסקא.
30. קאראלין: נאפאלעאן באנאפארט.
31 א. סיעראוו: איוואן דער גרויזאמער.
32. י. קאגאן: דוד הראובני (דער יידישער פירשט).
33. ק. מאשקאוויטש: ווי אזוי מ'האט אזויסגעגנבעט די 10 ארעס. פון פאוויאק.
34. י. ק. סימכאוויטש: די טראגעדיע דרייפוס.
35. י. ק. סימכאוויטש: דער מערטירער פון טייוולס־אינזל.
36. ש. בערגמאן: אטענטאט אויף סטאליפינען.
37. ד. קאפעלמאן: אלבערט איינשטיין.
38 א. קעלסאן: דער אטענטאט אין סאראיעווא.
39 נ. סלאָנימסקי: פּיאָטר קראָפּאָטקין (פירשט־רעוואָלוציאָנער).
40. ק. מאשקאוויטש: לענין (ערשטער טייל).
41. ק. מאשקאוויטש: לענין (צווייטער טייל).
42. ק. שימכאוויטש: דער אנפאל ביי ראגאוו.
43. מ. הארטמאן: סארא בערנאר.
44. ש. בערגמאן: ברוך שפינאזא (דער געניאלער אפיקורס).
45. מ. גרענאריוס: דזשוזעפע גאריבאלדי.

י. ק. סימכאָוויטש

# מאַצאָך ־ פּראָצעס

(צווייטער טייל)



פאַרלאַג „גראָשן־ביבליאָטעק“

וואַרשע, 1932

— יאָ, מיר ווייסן אַלץ, — האָט דער אויספאָרשונגס־ריכטער דערקלערט, הגם ער האָט גאָרנישט געוואוסט און נישט געקאָנט וויסן, אָבער ער האָט אַזוי אַרום געצוואונגען מאַכאַכן זיך מודה צו זיין אין אַלעם.

די עקספּערטן פון דער מעדיציניש ער עקספּערטיזע האָבן פעסטגעשטעלט, אַז וואַצלאַוו מאַצאַך איז דערמאָרדעט גע־וואָרן בעת ער איז געשלאָפן און דאָ דערציילט גאָר דער קשיאַנדז אַ מעשה, אַז ער האָט זיך געוואָרפן אויף זיין קרבן אין מיטן דער קריגעריי. דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאַמאַזי לייקנט, אַז ער דערציילט נישט וועגן די אמתע סבות פון מאָרד און ווי אַזוי דער מאָרד איז פאָרגעקומען. מאַצאַך האָט געוואָלט דעם גאַנצן ענין מאַכן זייער פשוט: ער האָט זיך געקריגט מיט זיין קוזין און זייענדיק אין אַ זייער אויפגערעגטן צושטאַנד, האָט ער וואַצ־לאַוון דערהרגעט. ער האָט דעריבער חרטה אויף זיין טאַט און איז זיכער, אַז די שטראָף וועט נישט זיין אַזוי גרויס. פאַר הרגענען אַ מענטש אין אַן אויפגערעגטן צושטאַנד קומט אַ מילדערע שטראָף. וועגן דעם האָט דער קשיאַנדז דאַמאַזי גע־וואוסט, האָט ער דעריבער דערציילט אַ נישט געשטויגענע נע־שיכטע. דערהערנדיק אָבער פון אויספאָרשונגס־ריכטער, אַז מען ווייסט אַלץ, איז מאַצאַך אַריינגעפאַלן פשוט אין אַ צו־שטאַנד פון משוגעת. אַרומלויפנדיק איבערן צימער, האָט ער זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און געשריגן:

— ווער האָט מיך אויסגעגעבן? זאָגט, ווער האָט אַלץ דערציילט?

— באַרואיקט אייך און זעצט אייך אוועק, — האָט אים דער אויספאָרשונגס־ריכטער אויפמערקזאַם געמאַכט, — איר זענט דאָך נישט אַזאַ נאַאיווער צו גלויבן, אַז איך וועל אייך

זאָגן וועד עס האָט מיר אַלץ דערציילט. איך ווייס נאָר, אַז דאָס, וואָס איר האָט מיר דערציילט איז ליגנט און אויב איר ווילט זיין ערלעך — דערציילט דעם גאַנצן אמת, דערציילט מיר אויך, ווער ס'איז די פרוי פון דערמאָרדעטן און וואו זי געפינט זיך איצט?

מאַצאָך האָט זיך צוריק שווער אַוועקגעזעצט אויף דער שטול און אַ זאָג געטון מיט אַ געבראָכענער שטים:

— הער אויספאָרשונגס־ריכטער, ס'איז מיר דאָס אַלץ אַזוי שווער צו דערציילן... ס'איז אַזאַ שרעקלעכע געשיכטע...

— איך ווייס דערפון און דעריבער דערציילט.

מאַצאָך האָט אָנגעהויבן צו דערציילן. זעקס שעה צייט האָט ער דערציילט וועגן דעם גאַנצן פאַרלויף פון דער סענסאַציאָנעלער געשיכטע, צו וועלכער אַפילו דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט זיך צוגעהערט מיט אַ שפּאַנענדן אינטערעס.

# דער פאַרליבטער מאָנאַך

אין יאָר 1903 האָט זיך מאַצאָך באַקענט מיט אַ טאָכטער פון אַ פּאָסט־באַאַמטן, אַ געוויסע העלענע קזשיזשאַנאָווסקאַ, וועלכע איז דאַמאָלס אַלט געווען 19 יאָר. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער האָט שוין אַ יאָר צייט געהערט צום פּאַאולינען־אָרדען פון יאַסנאָגורער קלויסטער און געווען אַ גייסטלעכער, האָט זיך מאַצאָך מיט דעם דאָזיקן מיידל אָנגעהויבן זייער אָפט צו טרעפן און איינגיכן זיך אין איר אַזוי פאַרליבט, אַז ער האָט געפילט, אַז אָן איר איז אים שווער צו לעבן.

אָבער דאָס מיידל האָט אים נישט געגעבן די זעלבע ליבע, הגם זייערע באַציאונגען זענען געווען זייער אינטימע. זי האָט דאַמאָלס געאַרבעט אַלס טעלעפאָניסטין אין לאָדזש און האָט ליב געהאַט אָפט אַ הוליע צו טון. דער מאָנאַך פון יאַסנאָגורער קלויסטער האָט אין זיין ווייסן באַלאַט זיך נישט

געקאַנט באַווייזן מיט העלענען אין עפנטלעכע ערטער. ער האָט אויך מורא געהאַט זיך איבערצוגטגן אין ציווילע קליי־דער, טאָמער וועט מען אים דערקענען. העלענען האָט אָבער נעצווינגן צום רוישיקן לעבן און זי האָט זיך פאַרליבט אין דעם מעכאַניקער יוליאַן בגלזאַצקי און ווען דער דאָזיקער בגלזאַצקי האָט זיך אריבערגעקליבן קיין וואַרשע, איז אים העלענע נאָכגעפאָרן.

מאַצאָך איז דאָן אויך געקומען קיין וואַרשע און העלע־נען געמאַכט שאַרפע אייפערזוכטס־סצענעס. ער האָט אפילו געדראָט, אַז ער וועט זי און זיך דערהרגענען. דאָן האָט הע־לענע דערקלערט:

— וואָס זאָל איך טון, איך וויל לעבן אַ גוטן טאָג, האָסט דאָך נישט קיין מעגלעכקייט מיר צו פאַרשאַפן די אַלע פאַרגעניגנס, וואָס איך פאָדער.

פון יענעם מאָמענט אָן האָט דער מאָנאָך אָנגעהויבן אויסצוגעבן גרויסע סומעס געלט אויף העלענען. פון וואַנען ער האָט געהאַט אַזויפיל געלט, כדי צו דערפילן העלענעס פאָדערונגען, וועלן מיר זיך דערוויסן ווייטער. ער האָט זי כסדר געשטיצט מיט געלט און אפילו אריינגעלייגט אין באַנק אויף איר נאָמען אַ סומע פון פינף טויזנט רובל.

אָבער נישט קוקנדיק דערויף, האָט ער נאָך אַלץ מורא געהאַט, אַז ער וועט העלענען פאַרלירן. זי איז געווען שיין און רייצנד און אַרום איר האָבן זיך געדרייט אַ סך פאַרער־רער. דער פאַרליבטער מאָנאָך פלעגט זיך שרעקלעך פייניקן פאַר אייפערזוכט. דאָס שרעקלעכסטע פון אַלעם איז געווען, וואָס ער האָט מיט העלענען נישט געקאָנט חתונה האָבן. דער מאָנאָך האָט געמוזט רעזיגנירן פונם געדאַנק, אַז העלענע זאָל ווערן זיין געזעצלעכע פרוי. טאָ ווי לאַנג וועט דאָס דאָ־זיקע מיידל וועלן זיין מיט אים צוזאַמען, ווי לאַנג וועט זי געהערן צו אים? זי וועט דאָך סוף כל סוף חתונה האָבן און דאָן וועט ער זיך מוזן מיט איר שיידן. דאָס לעצטע האָט ער זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן. דער מאָנאָך פון יאַסנאָגורער קלויסטער איז אַזוי שטאַרק געווען פאַרליבט אין דער שיי־

נער טעלעפאָניסטין, אַז ער האָט בשום אופן נישט געוואָלט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז העלענע קאָן פון אים אוועק.

סוף כל סוף האָט ער געפועלט ביי העלענען, אַז זי זאָל זיך באַזעצן אין טשענסטאָכאָוו. ער האָט איר געדונגען אַ צימער אין קלויסטער גופא. דאָס צימער האָט געהערט צו דעם קלויסטער־מוזיקאַנט מאָרזשקאָווסקי, וועלכער האָט פון פאַרליבטן מאָנאַך באַקומען דערפאַר אַ היפשע סומע געלט. פאַר מאַצאָכן איז דאָס דאָזיקע צימער אין קלויסטער געווען זייער „באַקוועם". ער האָט דאָרטן געקאָנט פאַרברענגען מיט זיין געליבטער און גלייכצייטיק דערפילן די פליכטן פון אַ מאָנאַך אין קלויסטער...

פאַר זייטיקע מענטשן פלעגט ער זי רופן „קוזינקע" און זאָגן איר „דו". אַלע זענען דעריבער געווען איבערצייגט, אַז דאָס שענע מיידל איז דעם מאָנאַכס אַ קוזינקע. ס'זענען געווען אַפילו אַזעלכע מאָנאַכן אין קלויסטער, וואָס האָבן זיך שטאַרק געוואונדערט איבער דער פאַרדעכטיקער נאָנטקייט, וואָס עס הערשט צווישן מאַצאָכן און זיין „קוזינקע". דער מאָנאַך דאַמאַזי פלעגט זיך אומעטום באַווייזן מיט איר צוזאַמען, מ'פלעגט זיי ביידן זען צוזאַמען אויף די קלויסטער־וואַלן, אין פעלד הינטער דער שטאָט און אין די טשענסטאָכאָווער אַלעען. אויף דער פראַגע פון עטלעכע מאָנאַכן, ווי קומט עס, אַז אַ גייסטלעכע פערזאָן, אַ מאָנאַך און אַ גלח, זאָל אַזוי בפרהסיא פאַרברענגען מיט אַ פרוי, האָט מאַצאָך געענטפערט:

— מיין קוזינקע האָט זינט אַ לענגערער צייט אויפגעהערט צו גלויבן אין גאָט. די משפחה האָט מיך דעריבער געבעטן, אַז איך זאָל זי צוריק אַרויפפירן אויפן הדרך־הישר. איך האָב זי דעריבער איינגעלאַדן אַהער צו מיר און איך פיר מיט איר פאַרש־דענע מוסר־שמועסן. אַ דאַנק מיין איינפלוס ווערט דאָס מיידל פון טאָג צו טאָג גלויביקער און איר נשמה וועט געראַטעוועט ווערן...

די אַלטע מאָנאַכן האָבן געגלויבט אין מאַצאָכס רייד און אים געוואונטשן דערפאָלג אין זיין אַרבעט צו ראַטעווען

א מענטשלעכע נשמה פון זינד. אָבער די דינער פון קלויסטער האָבן אויף מאַצאָכס באַציאונגען מיט העלענען געקוקט גאַר אַנדערש. זיי האָבן קלאָר געזען, אַז דער „מאָנאַך דאַמאַזי איז פאַרליבט איבער די אויערן אין דעם מיידל" און, אַז די באַציאונגען צווישן דעם מאָנאַך און דעם מיידל זענען ווייט נישט קיין אומשולדיקע.

איינער פון די קלויסטער־דינער האָט אַפילו איינמאָל געזען, ווי דער „מאָנאַך דאַמאַזי האָט אַרומגענומען העלענען און זי געקושט מיט אַזאַ קראַפט, אַז זי האָט שפּעטער געהאַט אַ רויט פּנים"... דער קלויסטער־דינער האָט די געשיכטע דערציילט דעם אויפזעער ריימאַן. ריימאַן האָט אויסגעזידלט דעם קלויסטער־דינער פאַר אויסטראַכטן אַ בלבול אויף דעם מאָנאַך דאַמאַזי.

— אָבער איך האָב דאָך אַליין געזען... — האָט דער קלויסטער־דינער געפּרוווט איבערצייגן.

— ביזט אַ נאַר, דאָס האָט ער זי, אודאי, געקושט אין קאָפּ אַריין, ווען זיי האָבן זיך געזעגנט. אויב דו וועסט נאָכאַמאָל קומען מיט אַזעלכע בלבולים און מסירות אויף די מאָנאַכן, — האָט דער אויפזעער געשריגן, — וועל איך דיר פון דאַנען אַרויסוואַרפן!

פון דאַמאָלס אָן האָבן די דינער מורא געהאַט הויך צו רעדן וועגן די אַלע זאַכן, וואָס זיי האָבן באַמערקט צווישן מאַצאָכן און העלענען. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז פאַר דערציילן דאָס אַלץ, וואָס זיי זעען, וועט מען זיי אַרויסטרייבן פון קלויסטער, האָבן זיי דעריבער געשוויגן.

מאַצאָך האָט געפילט, אַז די דינער האָבן מורא צו רעדן און ער האָט דעריבער שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט זיינע פליכטן אַלס מאָנאַך און גאַנצע טעג פאַרבראַכט מיט העלענען. ס'זענען געווען פאַלן ווען די דינער האָבן פאַרטאָג געטראָפן מאַצאָכס צעלע אַ ליידיקע און ערשט בייטאָג אים געזען אַרויסגיין פון מאַרזשקאָווסקי'ס וואוינונג, וואו העלענע האָט פאַרנומען אַ באַזונדער צימער. זיי האָבן אָבער געמאַכט אַ שווייג, נישט וועלנדיס האָבן צו טאָן מיטן אויפזעער.

פאַר דעם מאָנאַך סטאַרטשעווסקי האָט זיך מאַצאָך מודה געווען, אַז ער האָט העלענען ליב, ווייל זי קאָן גוט שפּילן און זינגען, אָבער ער האָט פאַרזיכערט, אַז זיין ליבע צו העלענען איז אַ ריין פּלאַטאָנישע און, אַז „ער האָט זיך צו איר נאָך קיינמאָל נישט צוגערירט"...

אין דערזעלבער צייט האָט מאַצאָך געגומען אָרלויב, זאָגנדיק, אַז ער פאָרט זיך היילן קיין אויסלאַנד און איז צוזאַמען מיט העלענען אַוועקגעפאָרן קיין קראָקע. ער האָט דאָסמאָל געטראָגן ציווילע קליידער און האָט זיך אין האָטעל, וואוהין ער איז פאַרפאָרן מיט העלענען, איינגעמאָלדן אַלס „סטעפאַן קאָוואַלסקי, אַ פּאָסט־באַאַמטער פון פּיאָטרקאָוו". העלענען האָט ער איינגעמאָלדן אַלס זיינע אַ שוועסטער.

אין קראָקע האָבן דער „פּאָסט־באַאַמטער, סטעפאַן קאָוואַלסקי" און זיין „שוועסטער" פאַרבראַכט אַ גאַנצן חודש און באַזוכט אַלע ערשטקלאַסיקע רעסטאָראַנען און קאַבאַרעטן. מאַצאָך האָט געשאָטן מיט געלט אויף אַלע זייטן. ער מיט זיין געליבטער האָבן געטרונקען די טייערסטע ווינען, געוואוינט אין דעם שענסטן האָטעל פון דער שטאָט, געקויפט אין די מאַגאַזינען צירונג און טייערע קליידער. דערנאָך זענען מאַצאָך מיט העלענען געפאָרן קיין זאַקאָפּאַנע, פאַרבראַכט עטלעכע טעג אין די בערג און נאָך הגליען אַ וואָך צייט ווידער אין קראָקע איז דאָס פּאָרל געפאָרן קיין ווין.

פון וואַנען האָט מאַצאָך געהאַט אַזויפיל געלט? ווי אַזוי האָט זיך דער מאָנאַך פון יאַסנאָגורער קלויסטער געקאָנט דערלויבן אויף אַזעלכע טייערע לוסט־רייזעס, אויף אַזאַ בּרייט, פאַרשווענדעריש לעבן?

בעת דער ערשטער רעוויזיע אין מאַצאָכס פאַרטפעל, האָט מען ביי אים געפונען אַ סומע פון צוואַנציק טויזנט רובל. אויף דער פראַגע, וועמענס געלט דאָס איז, האָט ער דערקלערט, אַז דאָס געלט האָט אים געגעבן זיינס אַ רייכער קרוב, אַ געוויסער פּיאַסעצקי. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אַזאַ פּיאַסעצקי איז גאָרנישט בנמצא און, נישט קוקנדיק אויף אַלע אָרגומזוכענישן, האָט מען אַזאַ „רייכן קרוב" פון

מאַצאַכן גאָרנישט אויסגעפּגעגען. זעענדיק, אַז ער איז אַריינ־געפאַלן, האָט מאַצאָך דערקלערט, אַז ער האָט דאָס דאָזיקע געלט געוואונען אויף דער לאָטעריע.

— ווען האָט איר דאָס דאָזיקע געלט געוואונען? — האָט אים דער אויספאָרשונגס־ריכטער געפרעגט.

— מיט אַ האַלב יאָר צוריק, — איז געווען דער ענטפער.

— און פון וואַנען האָט איר געהאַט געלט אויף די אַלע לוקסוס־רייזעס און דעם בריטן לעבן, וואָס איר האָט געפירט מיט העלענען? — האָט אים דער אויספאָרשונגס־ריכטער גע־פרעגט.

מאַצאָך האָט זיך אָנגעהויבן צו פּלאָנטערן. מ׳האָט גע־זען, אַז דאָס, וואָס ער וויל איצט זאָגן, קומט אים אָן פיל שווערער, ווי דאָס מודה זיין זיך אינם מאָרד. ער האָט זיך געראַנגלט מיט די לעצטע כוחות, ער האָט דערציילט צענדלי־קער נישט געשטויגענע נישט געפלויגענע מעשיות, אָבער דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט אים כסדר באַוויזן, אַז ער לייקנט. נאָך אַ שווערן אינערלעכן קאַמף, ווערנדיק צוגעדריקט צו דער וואַנט, האָט מאַצאָך ענדלעך זיך מודה געווען, אַז אין פאַרלויף פון די לעצטע פיר יאָר, דאָס הייסט, פון 1906 אָן, האָט ער סיסטעמאַטיש געגנבעט געלט פון דער קלויסטער־קאַסע און אויך צוגענומען פאַר זיך די געלטער, וואָס עס גיבן די עולי־רגל קיין טשענסטאָכאָוו. איינמאָל האָט ער אַרויסגעגנבעט 9.000 רובל, אַ צווייט מאָל 5.000, דערנאָך האָט ער גענומען געלט, וויפיל ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט, ווייל איבערן געלט, וואָס עס פלעגן געבן די עולי־רגל איז נישט געווען קיין שום קאָנטראָל. וויפיל ער האָט אַזוי אָנגעגנבעט געלט, האָט מאַצאָך אַליין נישט געקאָנט געדענקען.

האָבנדיק אין זיין רשות אומבאַגרענעצטע געלט־סומעס, האָט דער מאָנאַך זיך געלאָזט וואוילגיין אויף וואָס די וועלט שטייט. העלענע איז שוין איצט נישט אָפּגעטרעטן פון דעם רייכן פאַרערער אירן און, זעענדיק, אַז מאַצאָך האָט ביי זיך שטענדיק גרויסע סומעס געלט, האָט זי אין מערץ, 1908,

פאַרלאָזט דעם פּאָסטן אַלס טעלעפאָניסטין אין לאָדזש און זיך אַריבערגעצויגן קיין וואַרשע.

צו וואָס האָט זי געדאַרפט אַרבעטן, ווען פאַר איר האָט שוין געזאָרגט דער מאָנאַך פון יאַסנאָגורער קלויסטער, דאַ־מאַזי מאַצאָך? זי האָט געוואוסט, ווי אַזוי אויסצונוצן זיין ליבע צו איר. צי זי האָט געוואוסט, אַז ער גנבעט געלט פון דער קלויסטער־קאַסע? לכתחילה האָט ער איר וועגן דעם נישט דערציילט, אָבער שפּעטער, ווען זי האָט אים אַליין דערין אָנגעהויבן חושד זיין, האָט ער זיך מודה געווען פאַר איר, אַז ער „נעמט, אָבער נישט קיין באַדייטנדיקע סומעס״.

אין וואַרשע האָט מאַצאָך געדונגען פאַר העלענען אויף די יעראָזאָלימער אַלעען אַ דירה פון דריי צימערן און אַ קיך. פאַר דעם בלויזן מעבל האָט ער באַצאָלט 3.000 רובל. די דאָ־זיקע וואוינונג איז געווען אײַנגעאָרדנט מיט דעם שענסטן און גרעסטן קאָמפאָרט.

אין וואַרשע לעבט העלענע אַ גוטן טאָג און טוט גאָר־נישט. אויף אַלעם גיט מאַצאָך. אין אַ קורצע צייט אַרום האָט זי שוין אַפילו אָנגעזאַמלט אין נאָך אַ באַנק אַ סומע פון 5.000 רובל. זי וואַרפט זיך מיט געלט אויף לינקס און אויף רעכטס און גייט געקליידט אין די טייערסטע קליידער. פאַר אַ סך מענטשן שטעלט זי זיך פאָר אַלס „גרעפין קושיזשאַ־נאָווסקאַ״ און עס הויבן זיך אָן צו איר שדכענען אַ סך יונגע־לייט. זי מוז אָבער אָפּוואַרפן אַלע חתונה־פאָרשלאָגן, ווייל מאַצאָך, וועלכער קומט אָפט צו פאָרן קיין וואַרשע, היט זי שטאַרק און דערלאָזט נישט, אַז אַרום איר זאָלן זיך דרייען יונגעלייט. ס׳איז געווען, אַז דער אייפערזיכטיקער מאָנאַך זאָל טרעפן אין איר וואוינונג אַ יונגנמאַן, ווי עס הויבן זיך אָן דראָאונגען און סקאַנדאַלן.

— איך וועל נישט דערלויבן, אַז דו זאָלסט זיך מיט אימיצן קושן! — שרייט דאַן מאַצאָך, — דו געהערסט צו מיר אינגאַנצן און אויב דו דאַרפסט מיך מיט אַן אַנדערן, ביזטו ווערט די גרעסטע שטראָף.

העלענע פלעגט זיך שטענדיק פאַרענטפערן. זי האָט דעם

מאַנאַך נישט געוואָלט פאַרלירן. די אָרעמע טעלעפּאָניסטין, וועלכע האָט איצט געוואוינט אין אַ רייך־איינגעאָרדענטער דירה און זיך גערופן „גרעפין קזשיזשאַנאָווסקאַ" האָט מער נישט געקאָנט זיך אומקערן צו איר פריערדיקן, אָרעמען לעבן. איבעררייסן מיטן גלח, וואָלט באַדייט פאַרלירן די אַלע באַקוועמלעכקייטן, וואָס זי האָט געוואוינען, וואָלט געהייסן — ווערן צוריק אַן אָרעמע טעלעפּאָניסטין. און העלענע האָט דאָס בשום אופן נישט געוואָלט. חוץ דעם האָט זי פאַר מאַצאַכן מורא געהאַט. ער פלעגט איר דאָך אָפט דראָען, אַז אויב זי וועט אים פאַרלאָזן, וועט ער זיך און זי דערשיסן. זי האָט אים זייער גוט געקענט און געוואוסט, אַז ער קאָן די דאָזיקע דראָאונג אויספירן.

מאַצאַך האָט אָבער כסדר מורא געהאַט, אַז ער וועט העלענען פאַרלירן. אין אַ געשפרעך מיטן מאָנאַך סטאַרטשעווסקי, האָט מאַצאַך זיך געקלאָגט, אַז נישט קוקנדיק אויף די גרויסע סומעס געלט, וואָס ער גיט אויס אויף העלענען, וועט זי פון אים אַנטלויפן. ער האָט דערציילט:

— זי זוכט אָפט געזעלשאַפט פון יונגעלייט. איך בין כמעט יעדע וואָך אין וואַרשע און איך טרעף אין העלענעס וואוינונג פאַרשידענע מענטשן. העלענע פאַרזיכערט מיך, אַז זיי זענען אירע אַלטע באַקאַנטע און איך האָב דעריבער נישט קיין שום גרונט צו זיין איפערזיכטיק. אָבער פון וואַנען קאָן איך וויסן, צי זי זאָגט מיר אמת? פון וואַנען קאָן איך וויסן, צי קומענדיק קיין וואַרשע, וועל איך העלענעס וואוינונג שוין נישט טרעפן פאַרשלאָסן און זי וועט האָבן מיט אימיצן אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד.

— מאַך זי חתונה מיט דיינס אַ נאָנטן, לאָמיר זאָגן, מיט אַ ברודער, וועסטו זי דאָך שטענדיק האָבן אין דיין משפחה, — האָט געעצהט סטאַרטשעווסקי, — דאַמאָלס וועסטו שוין דערפאַר נישט מורא האָבן.

— און וואָס וועל איך טון, אַז זי וועט נישט וועלן?

— נו, דאָס איז שוין דיין זאַך, — האָט סטאַרטשעווסקי

געענטפערט, נישט וועלנדיק ווייטער שמועסן וועגן אזעלכע „זינדיקע'' ענינים.

מאצאכן איז דער דאזיקער פארשלאג געקראכן אין קאפ אריין. העלענע מוז ווערן זיינס א שוועגערין, דאמאלס וועט ער שוין האבן איבער איר א חזקה, דאמאלס, וועט זי שוין זיין זיכערער אין זיינע הענט. דער פיפיקער מאנאך האט אבער די זאך נאך בעסער איינגעאָרדנט: ער האט העלענען געמאכט סיי פאר זיינס א שוועגערין און סיי פאר אן אלמנה...

# „די אלמנה העלענע מאַצאָך"

אין יאנואר 1909 האט דאמאזי איינגערעדט זיין 19־יעריקן ברודער פראנטשישעק, אז ער זאל חתונה האבן מיט העלענען און אים צוגעזאגט צו געבן דערפאר טויזנט רובל נדן.

דער ברודער איז געווען א שרייבער אין א גמינע, האט געוואוינט אין א פארווארפן ווינקל און האט ווייניק אנונג געהאט וועגן דעם לעבן פון זיין ברודער, דעם מאנאך. דאמאזי איז ספעציעל אראפגעפארן צו פראנטשישעקן אין דעם דארף ליפע און אים אנגעשלאגן דעם שדוך מיט העלענען.

— אין ווארשע וואוינט א רייך מיידל, א געוויסע העלענע קזשיזשאנאווסקא, — האט מאצאך דערציילט דעם ברודער, — איז דאס דאזיקע מיידל איינמאל געקומען צו מיר קיין טשענסטאכאוו אין קלויסטער אריין און האט מיר דערקלערט, אז זי וואלט נישט געוואלט חתונה האבן מיט קיין גרויסשטעטישן, זי האט מיך געבעטן, אז איך זאל פאר איר אויסזוכן א חתן פון דארף, א שטילן פרומען בחור. איך האלט דעריבער, פראנטשישעק, אז דאס וואלט פאר דיר געווען זייער א פאסיקער שדוך. דארפסט וויסן, מיין ברודער, אז אויב נישט איך, ווער דען זאל זיין דיין פארזארגער? טויזנט רובל איז א היפשע סומע און דו וועסט דיר פאר דעם דאזיקן געלט קאנען עפענען א געשעפט אין ווארשע — חוץ דעם איז דאס מיידל זייער א פיינע און אן איידעלע.

דער ברודער האָט זיך זייער דערפרייט מיט דעם דאָ־
זיקן פאָרשלאַג, האָט דאמאזין הארציק געדאנקט פאר זיין גו־
טער באַציאונג. ס'איז אָפּגעשמועסט געוואָרן, אַז פראנטשי־
שעק זאָל קומען קיין טשענסטאָכאָוו, וואו העלענע וועט ספּע־
ציעל קומען אונ דאָרטן וועט מען שוין שליסן דעם שידוך.

מיט העלענען איז דער ענין צוגעגאנגען פיל שווערער.
העלענע האָט דערקלערט, אַז זי האָט דערוויל גאָרנישט בדעה
חתונה צו האָבן. פעלט איר דען עפּעס ביי דאמאזין? אונ
וואָס איילט זיך דער מאָנאַך, זי אַזוי שנעל חתונה צו מאכן?

וועענדיק, אַז העלענע איז איינגעעקשנט, האָט מאַצאָך
איר דערקלערט מיט אַ כיטרע שמייכעלע.

— דו ביזט אַ נאַר, העלענע. גלויבסטו דען, אַז איך וויל
טאַקי, אַז דו זאָלסט חתונה האָבן מיט מיין ברודער? דאָס
וועט דאָך זיין אַ פאַלשע חתונה — כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך
דער מאָנאַך צעלאַכט.

— וואָס הייסט אַ פאַלשע חתונה? איך פאַרשטיי
נישט, — האָט העלענע פאַרוואונדערט אָנגעקוקט דעם גע־
ליבטן אירן.

— דאָס הייסט אַזאַ חתונה, — האָט מאַצאָך געענטפערט
אונ אויף זיין פּנים האָט זיך ברייט צעגאָסן אַ צופרידענער
כיטרער שמייכל, — ווען דער פאַקטישער מאַן וועט זיין דער
פּאָטער דאמאזי פון יאַסנאָגורער קלויסטער אונ דער אָפּי־
ציעלער מאַן — דער גמינע־שרייבער פראַנטשישעק מאַצאָך.
פאַר מיר איז גענוג, אַז דו וועסט שוין מער זיך נישט רופן
העלענע קרזשיזשאַנאָווסקאַ, נאָר העלענע מאַצאָך... איצט
פאַרשטייסטו?

— מיר געפעלט נישט אַזאַ טאָפּלטע שפּיל, — האָט העל־
לענע זיך גערקרימט .

— וואָס אַרט עס דיך? סוף כל סוף וועסטו דאָך מוזן
חתונה האָבן, כדי נישט אָנצוגיין פאַר דער געזעלשאַפט פאַר
אַן אַלט מיידל. האָב זשע בעסער חתונה מיט מיין ברודער.
דאַמאָלס וועלן מיר ביידע האָבן פרייע הענט. מיין ברודער
איז אַ שנעק, איך וועל מיט אים קאָנען מאכן, וואָס איך וועל

וועלן. זאג, וועט עס נישט זיין באקוועמער פאר אונז ביידן.

סוף כל סוף האט העלענע איינגעשטימט. זי איז געווען אפהענגיק פון מאנאך און האט זיך אויך געפונען אונטער זיין איינפלוס. מאצאך פלעגט שטענדיק מיט איר אזוי לאנג איינטענהן, אז זי פלעגט תמיד איינגיין אויף זיינע פאר־שלאגן, ווי אומבאקוועם זיי זענען נישט געווען פאר איר.

פראנטשישעק איז געקומען קיין טשענסטאכאוו, אין קלויסטער אריין, און דא האט מאצאך פארגעשטעלט העלענען פארן ברודער. די באקאנטשאפט איז געשלאסן געווארן און העלענע האט נאך דעמזעלבן אוונט שפאצירט מיט פראנטשי־שעקן אין די אלעען.

אין עטלעכע טעג ארום האבן זיך אין מאזשקאווסקיס דירה, וואו העלענע האט געהאט פארנומען א צימער, ווען זי האט געוואוינט אין קלויסטער, פארזאמלט עטלעכע מאנאכן צוזאמען מיט מאצאכן, העלענען און פראנטשישעקן און מ'האט געפראוועט תנאים. די פרומע געסט האבן זיך גע־לאזט וואוילגיין און געשמאק געטרונקען די ווייגען און לי־קערן, וואס דער „מחותן" מאצאך האט געשטעלט.

פראנטשישעק איז זייער צופרידן געווען פון שידוך. דער עיקר איז ער געווען צופרידן דערפון, וואס זיין כלה איז א שיינע. לויט מאצאכס עצה איז פראנטשישעק צוריקגעפארן אין דארף אריין אויף זיין אמט. ער פלעגט נאר קומען אלע זונטיק צו זיין כלה, וועלכע האט איצט צוריק געוואוינט אין מאזשקאווסקיס דירה. מאצאך האט דעם ברודער אזוי דער־קלערט:

— דערווייל, ביז צו דער חתונה, ארבעט נאך אין דער גמינע. דיין כלה וועט איבערבלייבן אין טשענסטאכאוו, איך וועל זי איינארדנען אין קלויסטער און אכטונג געבן אויף איר. מעגסט זיין פולשטענדיק רואיק, דא וועט איר קיין שום בייז נישט טרעפן.

— צי וועט זי זיך נישט לאנגווייליקן א גאנצע וואך אין קלויסטער? — האט פראנטשישעק געפרעגט.

— לאנגווייליקן? עך, רעדסט נארישקייטן, זי וועט דא

תפילה טון, זינגען אין כאָר, אַרומפּירן די עולי־רגל איבער אַלע ערטער. ווייניק אַרבעט איז דאָ אין קלויסטער? פאַרגעס נישט, אַז דיין העלענע איז זייער אַ פרומע.

— כ׳דאַנק דיר פאַר דיין גוטהאַרציקייט, — האָט פראַנ־טישישעק זיך געזעגנט מיטן ברודער, — אַלע זונטיק קום איך צופאָרן.

די ערשטע עטלעכע זונטיקן האָט פראַנטשישעק גאָרנישט באַמערקט. ער האָט שפּאַצירט מיט זיין כלה, געווען מיט איר צוזאַמען ביי באַקאַנטע, פאַרבראַכט אויך מיט איר אין קלויס־טער צוזאַמען מיט דעם ברודער. העלענע איז געווען צו איר זייער וואַרעם, האָט אים געצערטלט און אפילו געקושט. דאָס האָט זי געטון לויט מאַצאַכס אָנווייזונג, כדי „דער שנעק, פראַנטשישעק, זאָל גאָרנישט חושד זיין״.

אָבער איינמאָל, קומענדיק זונטיק אין קלויסטער אַריין, האָט פראַנטשישעק נישט געטראָפן דאָרט, נישט העלענען און נישט דעם ברודער. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט ביי די דינער, האָבן זיי אים געזאָגט, אַז דער „פאָטער דאַמאַזי״ איז אוועק־געגאַנגען מיט העלענען נאָך באַלד אינדערפרי.

— וואוהין זענען זיי געגאַנגען? — האָט פראַנטשישעק געפרעגט.

— פון וואַנען זאָלן מיר וויסן? ער גייט אַלע טאָג מיט איר אַוועק און גיט אונז נישט אָפּ קיין דין־וחשבון.

— אַלע טאָג גייט ער מיט איר אַוועק? — האָט פראַנ־טשישעק אַ פרעג געטון און ס׳האָט אים אַ זעץ געטון אין האַרץ אַריין. — איר ווייסט עס אויף זיכער?

— אוודאי... אַזוי איז... — האָט זיך איין דינער אָנגע־רופן מיט אַ צווידייטיקן טאָן, זעענדיק פראַנטשישעקס פאַר־וואונדערונג.

— אפשר ווייסט איר פאָרט, וואו איך וואָלט זיי גע־קאָנט טרעפן?

— מ׳זאָגט, אַז זיי שפּאַצירן אָפט נעבן טייך.

פראַנטשישעק איז שנעל אוועקגעלאָפן אויפזוכן העלענען מיט מאַצאַכן. דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז דער ברודער

פאַרראַט אים, אָבער דער שׂכל הישר האָט קעגן דעם פּראָ־טעסטירט. איז דען מעגלעך, אַז זיין ברודער, דער פרומער מאָנאַך דאַמאַזי, וועלכער האָט אים אליין געראַדט דעם שידוך און באַקענט מיט העלענען, זאָל אָפּטאָן אַזאַ געמיינקייט? ניין, דאָס לאָזט זיך גאָרנישט צוגלויבן. אָבער וואוהין גייען זיי אַוועק אַלע טאָג? וועגן דעם האָט העלענע ביז איצט נישט דערציילט, איז דאָך אַ סימן, אַז זי היט זיך פאַר אים, אַז צווישן איר און דאַמאַזין קומט עפּעס פאָר. וואָס זשע קומט צווישן זיי פאָר? פראַנטישישעק האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ און נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס דאָ קומט פאָר.

ער איז געווען שטאַרק אומרואיק און געלאָפן צום טייך, וואו ער האָט גערעכנט צו טרעפן דעם ברודער מיט העלענען. אַ לענגערע צייט האָט ער אַרומגעבלאָנדזשעט ביים ברעג און קיינעם נישט געזען. ער איז צוריקגעלאָפן אין קלויסטער, אָבער דאַמאַזי מיט העלענען זענען נאָך אַלץ נישט געווען. פראַנטישישעק איז שוין געבליבן וואַרטן אין קלויסטער. עס זענען אַוועק היפּשע עטלעכע שעה, ביז וואַנען דאַמאַזי מיט העלענען זענען אָנגעקומען.

— וואַרטסט שוין לאַנג? — האָט העלענע געפרעגט מיט אַ נעקיגצלטן שמייכל, דריקנדיק מכלומרשט פראַנטישי־שעקן וואַרעם די האַנט און, זעענדיק, אַז ער איז אָנגעכמורעט און ביין, האָט זי געזאָגט מיט אַ צערטלעכן טאָן, — דער פּאָטער דאַמאַזי האָט מיך מיטגענומען צו אַ קראַנקן, אַרום וועלכן מיר זענען אַרומגעגאַנגען כמעט אַ גאַנצן טאָג. ער איז אַזאַ גוטער דער פּאָטער דאַמאַזי! שטעל דיך פאָר, דער קראַנ־קער איז שוין געווען אַזוי געפערלעך, אַז ער האָט שוין גע־האַלטן ביי שטאַרבן. איז געקומען דיין ברודער, האָט דער קראַנקער אויפגעשיינט, ער האָט זיך אויפגעזעצט און אָנגע־הויבן צו רעדן... אמתע וואונדער!

פראַנטישישעק האָט שוין באַלד געגלויבט אין העלענעס רייד, אויף זיין געזיכט האָט זיך שוין געהאַט באַוויזן אַ שמייכל, אָבער אינמיטן איז אַריינגעקומען מאַצאָק און האָט פראַנטישישעקן גוטברודעריש אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע:

— נו, פראַנעק, וועסט מאַכן אַ כוסה?

מאַצאַכס אויגן זענען געווען פאַרשיכורט, זיין נאָז — רויט און ער האָט זיך געוואַקלט אויף די פיס. פון מויל האָט געשלאָגן אַ שאַרפער ריח פון בראָנפן. „איז ער געווען ביים קראַנקן אין אַזאַ צושטאַנד?" האָט פראַנטשישעק געטראַכט און פאַר אים איז איצט קלאָר געוואָרן, אַז העלענע האָט דערציילט אַ ליגן.

— וואָס זיצסטו אַזוי פאַרטראַכט, פראַנעק? — האָט מאַצאַך ווידער געפרעגט, — ביזט, אודאי, בייז, וואָס מיר זענען איצט געקומען? ניי, דאָס זענען נאַרישקייטן!

— וואו גייסטו מיט העלענען אַלע טאָג? — האָט פראַנטשישעק פּלוצלינג אַרויסגעשאָסן.

העלענע האָט אַ ציטער געטאָן, מאַצאַך האָט מיט אַ טעמפּן, שיכורן בליק אָנגעקוקט דעם ברודער און פּלוצלינג ווילד גענומען לאַכן:

— כאַ־כאַ־כאַ, ער איז דאָך אייפערזיכטיק, כאַ־כאַ־כאַ, כ'זאָל אַזוי לעבן, ווי ער איז אייפערזיכטיק! נאַרישער פראַנעק דו, וואָס האָסטו מורא, איך וועל דיין... מיין... כ'מיין... דיין העלענען אויפעסן?

— רעד נישט אַזוי, פאָטער דאַמאַזי, — האָט העלענע אָנגענומען מאַצאַכן פאַר דער האַנט און אים אַרויסגעפירט פון צימער.

דערנאָך האָט זי געזאָגט צו פראַנטשישעקן:

— ביים קראַנקן האָט מען אים געגעבן צו טרינקען אַ סך ווייַן און בראָנפן, ווייסט ער נישט, וואָס ער רעדט. דו זעסט דאָך, אַז ער איז שיכור... דאַרפסט אים מוחל זיין...

— פאַרעד מיר נישט די ציין!... — האָט פראַנטשישעק בייז אַרויסגעברומט, — איך זע שוין, וואָס דאָ טוט זיך.

— וואָס טוט זיך דען דאָ? — האָט העלענע געפרעגט מיט אַ בתמימותדיקן טאָן, אָבער זי האָט באַמערקט אין פראַנטשישעקס אויגן, אַז ער ווייסט וועגן אירע באַציונגען מיט מאַצאַכן.

— דו נארסט מיך! דו מיינסט, איך בין א יונגעלע, צי וואָס? — האָט פראַנטשישעק אויסגערופן.

— מיט וואָס נאַר איך דיך? — האָט העלענע ווייטער געפרעגט מיט אַן אומשולדיקן טאָן.

— דו ביזט ביי קיין קראַנקן נישט געווען, דו גייסט מיט מיין ברודער אוועק אַלע טאָג. איך ווייס פון אַלעם. איר נאַרט מיך ביידע אָפּ. מיין אייגענער ברודער פאַרראַט מיך!

העלענע האָט אַ ווייל שווייגנדיק אָנגעקוקט פראַנטשישעקן, ווי זי וואָלט געזוכט אַ מיטל צו באַפרייען זיך פון דער דאָזיקער אומאָנגענעמער לאַגע, און וועלכער זי האָט זיך איצט געפונען.

— פראַנטשישעק, — האָט זי ענדלעך אָנגעהויבן צו רעדן, — מ'טאָר נישט זיין אייפערזיכטיק לגבי אַן אייגענעם ברודער. דאָס איז דאָך דיין ברודער, דאַרפסטו האָבן צו אים צוטרוי. יאָ, אמת, איך גיי מיט אים אָפט שפּאַצירן. טאָ וואָס פאַר אַ חטא איז עס? נאָך דער חתונה וועל איך אויך מיט אים פאַרברענגען, ווייל מיר זענען ביידע זייער גוטע פריינט. וועסטו דאַמאָלס אויך זיין אייפערזיכטיק?

— נאָך דער חתונה וועל איך נישט וואוינען אין טשענסטאָכאָוו, ווייל איך האָב שוין פאַרלוירן דעם צוטרוי צו דאַמאַזין. איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט זיך געפינען נעבן אים.

— נו, איך גלויב, אַז דער פאָטער דאַמאַזי האָט אויך דערביי עפּעס צו זאָגן... — האָט העלענע אַ זאָג געטון מיט אַן איראָנישן שמייכל.

— מיין ברודער? ניין, איצט נישט. דו ביזט מיין כלה און ער האָט איבער דיר גאָרנישט צו זאָגן. איך וויל נישט, אַז ער זאָל זיך ווייטער מישן אין מיינע ענינים.

העלענע האָט געשוויגן. זי האָט נישט געוואָלט פאַרשאַרפן דעם שמועס, זי האָט זיך פריער געוואָלט באַראַטן מיט מאַצאָכן, ווי צו האַנדלען. מאַצאָך האָט געהייסן שפּילן די ראָל, ביז צו דער חתונה, נישט פאַרשאַרפן די באַציאונגען, ביז העלענע וועט ווערן פראַנטשישעקס ווייב.

— נאָכדעם קאָנסטו אויף אים פייפן! — האָט מאַצאָך

געזאָגט צו איר מיט אַ ציניש טאָן, — דאַמאָלס וועט ער שוין מעגן זיך אויסקלייבן אַ צווייט ווייב. אז דו וועסט הייסן העלענע מאַצאָך, וועל איך זיין אַ גליקלעכער.

פּראַנטשישעק האָט זיך געוואָלט איבערצייגן, צי דאָס, וואָס די דינער האָבן אים דערציילט, איז אמת. איז ער דער־ריבער אַראָפּגעקומען איינמאָל קיין טשענסטאָכאָוו אין אַ וואָ־כעדיקן טאָג, נישט מודיע זייענדיק פריער דערפון העלענען. ער איז געקומען זייער פרי און אָנגעקלאַפּט אין מאָזשקאָווסקיס וואוינונג.

— איז די פריילין העלענע דאָ אין איר צימער? — האָט ער געפרעגט ביי דער פרוי מאָזשקאָווסקאַ, וועלכע האָט אים געעפנט די טיר.

— זי איז דאָ, אָבער מ׳קאָן איצט צו איר נישט אַריינ־גיין... — האָט געענטפערט מיט אַ געהיימניספולן שמייכל די פרוי מאָזשקאָווסקאַ.

— פאַרוואָס?

— הם... זי שלאָפט נאָך... — האָט די פרוי געשטאַמלט.

— עס מאַכט נישט אויס, איך גיי דאָך גאַנץ אָפט אַריין צו איר אין צימער, ווען זי שלאָפט נאָך.

— אָבער איצט קאָן מען נישט...

— פאַרוואָס?

— ווייל מ׳קאָן נישט און — דערלײדיקט! — האָט די פרוי שוין דערקלערט מיט אַ געבייזער.

פּראַנטשישעק האָט אָפּגעשטופּט די פרוי און גענומען גלייך גיין צו העלענעס צימער. די פרוי מאָזשקאָווסקאַ האָט אָנגעהויבן הויך צו שרייען און צו זידלען, פאַרשטעלנדיק פּראַנטשישעקן דעם וועג.

— מ׳האָט דאָך אייך געזאָגט, אַז מ׳קאָן נישט, טאָ וואָ־זשע קריכט איר? — האָט זי געשריגן, — איך וועל אייך פון דאַנען אַרויסוואַרפן!

פּראַנטשישעק האָט זי אָבער נישט געהערט. ער האָט זי מיט כח אָפּגעשטופּט און צוגעלאָפן צו דער טיר פון העלענעס צימער. וועלנדיק זי אויפּעפענען.

אָבער אין דעמזעלבן מאָמענט האָט זיך די טיר ראַש אויפגעפּראַלט און מאַצאַך האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל, צונויפגטרעפנדיק זיך פּנים אל פּנים מיטן ברודער. דער פּיפּי־קער מאָנאַך האָט זיך באַלד אָריענטירט אין דער סיטואַציע און, אַרויפלייגנדיק אַ פינגער אויף די ליפּן, האָט ער שטיל אַ זאָג געטון:

— שטילער, העלענע איז קראַנק. וואָס שרייט איר דאָ?

פראַנטשישעק האָט אָבער באַמערקט דעם באַהאַלטענעם געלעכטער פון דער פרוי מאָזשקאָווסקאַ, ער האָט אויך באַמערקט דאַמאַזיס נאַכט־מלבושים און פאַר אים איז איצט אַלץ געווען קלאָר. ער האָט נישט געלייגט קיין אכט אויף מאַצאַכס ווערטער און איז מיט שנעלע טריט אריין אין העלענעס צימער. ווען ער האָט אַ קוק געטון אויף העלענעס געזיכט און אויף דעם בעט, האָט ער שוין אויף אַ האָר נישט געצווייפלט, אַז דער מאָנאַך האָט זיך אין העלענעס צימער מיט קיין פרומע זאַכן נישט פאַרנומען...

— איך האָב אייך געכאַפּט! — האָט ער אויסגערופן,— איר האָט מיך די גאַנצע צייט אויף אַ געמיינעם אופן אָפּגענאַרט! העלענע איז נישט געווען מיין כלה, נאָר דיין מעטרעסע, דו אויסוואורף!

דאַמאַזי האָט געשוויגן. לכתחילה האָט ער זיך געוואָלט וואַרפן אויף פראַטשישעקן און אים גוט אָנקלאַפּן די ביינער, אָבער ער האָט מורא געהאַט פאַר אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל. ער האָט געגעבן אַ וואונק צו העלענען, אַז זי זאָל עפּעס זאָגן.

— פראַנטשישעק, ס'איז אַלץ אמת, — האָט זי דערקלערט מיט אַ רואיקן טאָן, ווי זי וואָלט זיך צוגעגרייט דערצו, — איך געהער צו דאַמאַזין. אויב דו ווילסט מיט מיר חתונה האָבן, אַז איך זאָל ווייטער געהערן צו דיין ברודער, בין איך מסכים, אויב נישט, קאָנסטו גיין!

פראַנטשישעק האָט זי אָנגעקוקט מיט אויסגעגלאָצטע, פאַרוואונדערטע אויגן, ווי ער וואָלט זיך נישט צוגעגלויבט צו די ווערטער, וואָס ער הערט דאָ. ער איז געשטאַנען אַזוי אַ

ווײַל אין מיטן צימער, דאָ געוואָרפֿן אַ ווילדן בליק אויף מאַ־צאַכן, דאָ אויף העלענען, דערנאָך האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן מיט בײדע הענט פֿאַרן קאָפּ און אויסגערופֿן:

— וואָס טוט זיך דאָ? וואָס קומט דאָ פֿאָר? צי געפֿין איך זיך אין אַ משוגעים־הויז?!

— אויב דיר געפֿעלט נישט דער שידוך, פֿאַר אַ הײם, — האָט מאַצאַך רואיק געענטפֿערט, — אַנדערש קאָן עס נישט זײַן. קאָנסט חתונה האָבן מיט העלענען, אָבער זאָגן איר אַ דעה, ווי זי האָט זיך צו פֿירן, האָסטו קײן רעכט נישט.

— כ׳וויל אײַך בײדע מער נישט אָנקוקן, כ׳וויל שוין אַנטלויפֿן פֿון דאַנען, — האָט פֿראַנטשישעק דערקלערט.

— אויב דו ווילסט, פֿאָר אַ הײם, אָבער כ׳ווײס דאָך, אַז דו האָסט נישט קײן געלט, טאָ נאַדיר 500 רובל, — האָט מאַצאַך דערקלערט און דערלאַנגט דעם ברודער אַ פּאַק אַסיג־נאַציעס.

— צו וואָס גיסטו מיר דאָס געלט? — האָט פֿראַנטשי־שעק נעפֿרעגט, נישט פֿאַרשטײענדיק, פֿאַרוואָס מאַצאַך איז פּלוצלינג געוואָרן אַזאַ גוטער.

— איך וויל, אַז דאָס, וואָס דו האָסט הײַנט געזען און אַלץ, וואָס דו ווײסט, זאָל בלײַבן בלויז בײַ דיר, — האָט מאַ־צאַך דערקלערט און שאַרף אָנגעקוקט דעם ברודער.

— דו ווילסט, אַז איך זאָל שווײַגן, אַז איך זאָל דיך נישט קאָמפּראָמיטירן? — פֿאַר אַ גוטן פּרײַז קאָן איך עס טון. 500 רובל איז צו ווייניק ,דאָס איז אַ צו קלײנער פּרײַז פֿאַר דײַנע געמײנקײטן!

— שווײַג, ווײַל איך וועל דיר גאָרנישט געבן! — האָט מאַצאַך אַ טופּע געטאָן מיטן פֿוס, — אויב דו וועסט ווײַטער אַזוי צו מיר רעדן, וועל איך דיך הײסן אַרויספֿירן פֿון קלוי־סטער און דערקלערן דיך פֿאַר אַ פּשוטן גנב.

— און איך וועל דערצײלן, ווי אַזוי דו האָסט מיך אָפּ־גענאַרט, — האָט פֿראַנטשישעק דערקלערט מיט אַ גיפֿטיקן שמײכל.

— נאַדיר 1000 רובל און גיי! — האָט מאַצאָך אויס־גערופן און אַ שליידער געטון דעם ברודער דאָס געלט.

פראַנטשישעק האָט צונויפגענומען די אַסיגנאַציעס פון דער ערד און, נישט געזעגנענדיק זיך מיט העלענען, איז ער אַרויסגעלאָפן פון צימער.

ער איז נאָך דעמזעלבן טאָג צוריק אַוועקגעפאָרן אין זיין דאָרף און מער זיך אין טשענסטאָכאָוו נישט באַוויזן. ער איז זיך ווייטער געזעסן אין דער גמינע־קאַנצעלאַריע און געשריבן, זייענדיק צופרידן, וואָס ער האָט נישט אַלץ פאַרלוירן. די 1000 רובל נדן, וואָס דאַמאָלס האָט אים צוגעזאָגט, האָט ער דאָך, ער האָט נאָר בלויז פאַרלוירן העלענען, אָבער דאָס געלט — נישט... איצט וועט ער זיך קאָנען לעבן רואיק און נישט פיי־ניקן זיך אין דעם גיהינום פון אייפערזוכט.

אין אַ צען טעג אַרום נאָך פראַנטשישעקס אַוועקפאָרן, איבערצייגנדיק זיך, אַז קיינער ווייסט נישט וועגן דער לעצ־טער סצענע, וואָס איז פאָרגעקומען אין העלענעס צימער, האָט מאַצאָך אָנגעהויבן צו דערציילן אַלע זיינע באַקאַנטע, ווי אויך העלענעס קרובים, אַז זיין ברודער איז געשטאָרבן. „ליגנדיק שוין אויפן טויטן־בעט, פילנדיק, אַז ער גייט שוין שטאַרבן,— האָט מאַצאָך דערציילט, — האָט פראַנטשישעק געשיקט נאָך אַ גלח און אים געבעטן, אַז ער זאָל זיי פאַרבינדן. צען מינוט נאָך דער חתונה־צערעמאָניע האָט פראַנטשישעק אויסגעהויכט די נשמה".

דאָסזעלבע האָט אויך אַלעמען דערציילט העלענע. זי האָט אַזוי גלענצנד געשפּילט די ראָל, אַז בעת זי האָט דער־ציילט די דאָזיקע צוגעטראַכטע געשיכטע, האָט זי זיך פאַר־שטעלט די אויגן מיט אַ טיכל און גענומען וויינען... זי האָט אויך געטראָגן טרויער נאָך איר מכלומרשט פאַ־שטאָרבענעם מאַן.

אין אַ בריוו צו איר שוועסטער, זאָפיע זאַיאָנטשקאָווסקאַ, האָט העלענע אפילו געשריבן, אַז זי האָט נאָך איר פאַרשטאָר־בענעם מאַן באַקומען אַ ירושה פון עטלעכע טויזנט רובל. הע־

לענע האָט איצט פאַר אַלעמען געשפּילט די ראָל פון דער „אַלמנה נאָכן פאַרשטאָרבענעם פראַנטשישעק מאַצאָך".

אָבער שפּילן די ראָל איז נישט געווען גענוג. מ'האָט געדאַרפט אויך האָבן דאָקומענטן, וועלכע זאָלן באַווייזן, אַז העלענע האָט טאַקע חתונה געהאַט מיט פראַנטשישעקן און, אַז דער דאָזיקער פראַנטשישעק איז געשטאָרבן. און אַזעלכע דאָקומענטן וואָלט דאָס גאַנצע עסק געקאָנט דורכפאַלן.

וואָס זשע טוט דאַן מאַצאָך? ער גיט זיך אַן עצה אויף פאָלגנדיקן אופן: ער באַשטעלט ביי דעם טשענסטאָכאָווער גראַווירער ציגאַנאָווסקי אַ מעטאַלענעם סטעמפּל מיט דעם מלוכה־הערב אין מיטן און מיט אַ קיילעכדיקער געהעריקער אויפשריפט, וואָס האָט געלויטעט: „באַאַמטער פאַר ציווילע ענינים אין פּאַזשעמיעכי". האָבנדיק אין זיין רשות אַזאַ אָפּיציעלע חתימה, האָט מאַצאָך אויסגעפילט אַ דאָקומענט, אַז פראַנטשישעק מאַצאָך האָט דעם 10־טן פעברואַר, 1909, חתונה געהאַט מיט העלענע קזשיזשאַנאָווסקאַ און אויפן דאָקומענט האָט ער אַרויפגעלייגט דעם פאַלשן סטעמפּל. גלייכציייטיק אַרבעט מאַצאָך אויס אויפן זעלבן אופן אַ טויט־שיין, אַז פראַנטשישעק מאַצאָך איז געשטאָרבן און מיט דער גלייכציייטיקער באַשטעטיקונג, אַז העלענע איז די אַלמנה נאָכן פאַרשטאָרבענעם.

מיט די דאָזיקע צוויי פאַלשע דאָקומענטן פאָרט מאַצאָך אָוועק קיין דזשעוויצע, ראַדאָמער קאַנט, וואו העלענע איז געווען צוגעשריבן, און פאָדערט פון אָרטיקן וואָיט, אַז ער זאָל אים אַרויסגעבן אַ פּאַס אויפן נאָמען פון העלענע מאַצאָך.

— אָבער בלויז אויפן סמך פון די דאָזיקע צוויי דאָקומענטן קאָן איך אייך, ערנווירדיקער פאָטער, קיין פּאַס נישט אַרויסגעבן. ערשטנס מוז איך האָבן אַן אויסצוג פון די מעלדונגס־ביכער און צווייטנס מוז די דאָזיקע העלענע מאַצאָך קומען פערזענלעך אַהער.

— צי זענען די רייד פון אַ גייסטלעכער פערזאָן ביי אייך נישט באַגלויבט? — פרעגט מאַצאָך אין אַ שאַרפן טאָן.

— יאָ, אָבער מיינע אַמטלעכע פליכטן... ערנווירדיקער פּאַטער, — דערקלערט דער וואָיט.

— לאָזט אָפּ מיט אייער אָבער, — בייזערט זיך מאַ־צאַך, — דאָס איז אַן אומדערהערטע באַציאונג צו אַ גייסט־לעכער פּערזאָן. אויב איך דערקלער אייך אַזוי, דאַרפט איר האָבן דעם פולשטענדיקן צוטרוי צו מיר.

דער וואָיט האָט זיך לאַנג געקווענקלט, אָבער סוף כל סוף האָט ער דרך־ארץ געהאַט פאַר דער גייסטלעכער פּערזאָן און האָט אַרויסגעגעבן אַ פּאַס אויפן נאָמען פון דער „אלמנה העלענע מאַצאָך".

# דער מאָרד אין דער קלויסטער־צעלע

מאַצאָך האָט מורא געהאַט, אַז זיין שווינדל מיטן פאַלשן סטעמפל זאָל נישט אַרויסקומען. העלענע האָט אויך געהאַלטן אין איין טענהן, אַז איר ראָל אַלס „אלמנה מאַצאָך" קאָן אויפגעדעקט ווערן. דאַמאָלס קאָנען זיי נאָך ביידע האָבן אויף זיך אַ פּראָצעס און זייער צוזאַמענלעבן וועט דערפון ליידן.

מאַצאָך האָט דעריבער ווידער באַשלאָסן צו פאַרקנסענען העלענען מיט זיינס אַ קרוב, וואָס הייסט דעמזעלבן פאַמיליען־נאָמען, וואָס ער. זיין אויסוואַל איז געפאַלן אויף זיין קוזין וואַצלאַוו מאַצאָך, מיט וועלכן דער מאָנאַך איז אפילו געווען צוקריגט, אָבער ער האָט באַשלאָסן צו דעם צוועק ספּעציעל מיט יענעם זיך איבערצובעטן.

וואַצלאַוו מאַצאָך, דער שפּעטערדיקער קרבן פון מאָנאַך, האָט פינף יאָר געאַרבעט אין טשענסטאָכאָווער פּאָסט־אַמט און האָט די גאַנצע צייט געוואוינט אין טשענסטאָכאָוו ביי אַ גע־וויסן יאַן כענטשינסקי, מיט וועלכן ער איז געווען שטאַרק באַפריינדעט. מיט דאַמאַזין איז וואַצלאַוו דאַמאָלס געווען צע־קריגט און פלעגט זיך וועגן מאָנאַך זייער שלעכט אויסדריקן.

וואַצלאַוו האָט איינמאָל דערציילט כענטשינסקין, אַז דאַ־מאַזי האָט אים, וואַצלאַוון, עטלעכע מאָל פאָרגעלייגט צו פאָרן צוזאַמען צו פּראָסטיטוטקעס. ווען וואַצלאַוו האָט זיך דערפון

אַפּגעזאָגט, איז דאַמאַזי מאַצאַך געפאָרן צו דעם צוועק קיין וואַרשע. בכלל האָט וואַצלאַוו שטאַרק נישט געהאַלטן פון דעם מאָנאַך.

ווען וואַצלאַוו האָט שפּעטער געאַרבעט אין פּאָסט־אַמט אין גראַניצאַ, איז איינמאָל צו אים אַראָפּגעקומען מאַצאַך. וואַצלאַוו האָט זיך געוואונדערט: „מיר זענען דאָך צעקריגט, וואָס זשע איז ער פּלוצלינג געקומען? מן־הסתם וויל ער עפּעס פון מיר, אַנדערש וואָלט ער דאָך נישט געקומען".

— הער, וואַצלאַוו, אייביק זיין ברוגז איז נישט קיין פּעולה, — האָט מאַצאַך דערקלערט, — מענטשן דאַרפן זיך באַמיען צו לעבן שטענדיק אין שלום. גאָט אַליין איז בייז, ווען מענטשן זענען צעקריגט.

וואַצלאַוו האָט קאַלט געענטפערט, אַז שולדיק אין זייער ברוגז איז נישט ער, נאָר דאַמאַזי.

— זאָל זיין אַזוי, — האָט מאַצאַך געענטפערט מיט אַ שמייכל, — לאָמיר איצט נישט רעדן וועגן אַלטע זאַכן. מיר דאַרפן צוריק ווערן גוטע פריינט, נאָך דערצו איצט, ווען איך האָב פאַר דיר אַזאַ גוטן שידוך.

— אַ שידוך? וואָס רעדסטו? עפּעס מיט אַ סך געלט?

— איז וואַצלאַוו געוואָרן אויפגעלעבט און זיין טאָן איז געוואָרן לעבעדיקער.

ווען וואַצלאַוו האָט נאָך געוואוינט ביי כענטשינסקין אין טשענסטאָכאָוו, האָט ער אים געבעטן אויסצוגעפינען אַ שידוך פאַר אים מיט 5000 רובל נדן. ער האָט שטאַרק געוואָלט חתונה האָבן מיט אַ רייך מיידל, וואָס זאָל אים געבן אַ גרויסן נדן, כדי ער, וואַצלאַוו, זאָל קאָנען פּטור ווערן פון זיין פּאָסטן. און דאָ קומט צוגיין דאַמאַזי און שלאָגט אים אָן אַ שידוך. וואַצלאַווס ערשטע פראַגע איז דעריבער געווען, צי די כלה האָט אַ סך געלט.

— אָ, זי איז זייער אַ רייך מיידל. איר נדן באַטרעפט גאַנצע 6000 רובל, — האָט מאַצאַך געענטפערט.

— וואו געפינט זי זיך? פון וואַנען קענסטו זי? — האָבן ביי וואַצלאַוון געגלאַנצט די אויגן פאַר ניינעריקייט.

— זי איז אַ וואַרשעווערין, אָבער היינט וואוינט זי אין טשענסטאָכאָוו. אירע עלטערן זענען זייער רייכע און זיי האָבן מיך טאַקע געבעטן, איך זאָל פאַר זייער טאָכטער אויסזוכן אַן איידעלן יונגערמאַן. האָב איך מיך דערמאָנט אָן דיר, הגם מיר זענען געווען צעקריגט. איך האָב די עלטערן טאַקע געזאָגט, אַז איך פאַר דיך ברענגען קיין טשענסטאָכאָוו, כדי דו זאָלסט אָנקוקן דאָס מיידל,-ווייל, אפשר, געפעלט זי דיר נישט.

— אויב זי האָט 6000 רובל, וועט זי מיר שוין געפעלן,— האָט וואַצלאַוו געענטפערט מיט אַ שמייכל.

— ביזטו גרייט צו פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו?

— אפילו שוין.

ווען העלענע האָט דערזען וואַצלאַוון, איז ער איר שטאַרק געפעלן געוואָרן, אָבער זי האָט דערפון מאַצאָכן נישט דערציילט, זי האָט נאָר ביי זיך געטראַכט, אַז אויב זי וועט חתונה האָבן מיט דעם דאָזיקן שלאַנקן, שיינעם יונגערמאַן, וועט זי ענדלעך זיך קאָנען באַפרייען פון מאַצאָכן, וועלכער האָט שוין פאַר איר אָנגעהויבן צו ווערן אַ לאַסט. זי האָט געזוכט אַ געלעגנהייט ארויסצובאַקומען פון מאַצאָכן וואָס מער געלט און זיך באַפרייען פון זיין אַפּוטרופּסות. אַזאַ געלעגנהייט איז איצט אונטערגעקומען. דער יונגערמאַן, וועלכער איז געקומען מיט מאַצאָכן פון גראַניצע, איז איר זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן און זי האָט תיכף דערפילט, אַז זי וואָלט זיך געקאָנט פאַרליבן אין דעם דאָזיקן מענטש.

ווען מאַצאָך האָט זי געפרעגט, וואָס פאַר אַ מיינונג זי האָט וועגן וואַצלאַוון, האָט העלענע מורא געהאַט צו זאָגן דעם אמת, און האָט דערקלערט:

— אַלץ איז אָפּהענגיק פון דיר, אויב דו הייסט מיך, וועל איך מיט אים חתונה האָבן.

וואַצלאַוו איז געווען גלייכגילטיק צו העלענען. ער האָט נאָר געטראַכט וועגן געלט. אים איז אַלץ איינס געווען, צי זי איז אַ שיינע, אָדער אַ מיאוסע און ווען מאַצאָך האָט אים געפרעגט, צי העלענע געפעלט אים און דערביי מיט אייפער-

זיכטיקע אויגן באטראכט זיין סוזין, האט וואצלאוו געענט־פערט:

— כ'בין צופרידן, וואס זי איז גראד א שיינע, אבער ווען זי וואלט געווען א מיאוסע, וואלט איך דאך אויך נישט געטראכט קיין איין מינוט און מסכים געווען מיט איר חתונה צו האבן. שטעל דיר פאר, דאמאזי — 6000 רובל! איך ווער דאך א גביר.

דעם 8־טן מאי, 1910 איז אין קלויסטער פארגעקומען די אפיציעלע פארלאבונגס־צערעמאניע פון וואצלאוו מיט העלענען. ביי דער דאזיקער צערעמאניע זענען חוץ דאמאזין און דאמאזים נאענטן פריינט, דער מאנאך סטארטשעווסקי, אויך אנוועזנד געווען א סך מאנאכן און קרובים פון ביידע צדדים. באלד צומארגנס נאך דער פארלאבונגס־צערעמאניע איז וואצלאוו צוריקגעפארן קיין גראניצא, באקומענדיק פון העלענען 2000 רובל א קאנטא אויפן נדן.

די בריוו, וואס חתן־כלה האבן זיך דאמאלס געשריבן איינער צום אנדערן, כאראקטעריזירן די פארשידענע, באזונ־דערע געפילן, וואס יעדער פון זיי האט געפילט צום צווייטן. העלענע איז פשוט מיטן גאנצן הארצן פארליבט אין איר חתן. אירע בריף צו אים זענען פיל מיט אן אמת, היים געפיל. זי בענקט נאך אים און זארגט זיך כסדר וועגן אים, ביז די מינדסטע קלייניקייטן. איר אויפריכטיקע און כמעט קינדער־רישע פרייד, ווען זי דערהאלט די זעלטענע און קורצע בריי־וועלעך פון איר חתן, באווייזן פאר איר אליין, ווי שטארק און אומגעריכט פאר זיך אליין, זי איז צוגעבונדן געווארן צו וואצלאוון.

וואצלאוו ווידער האט זיך באצויגן צו איר גאר אנדערש. ער איז געווען צו איר כמעט גלייכגילטיק און פשוט איר נישט געוואלט ענטפערן אויף אירע הייסע ליבעס־בריוו. און פלעגט ער שוין יא שרייבן צו איר א בריוו, איז עס געווען א קורץ פאסט־קארטל. ער האט אפילו נישט געהאט קיין געדולד צו לייענען אירע לאנגע ליבעס־בריוו, זיין גאנצער געדאנק איז

געוועזן פאַרנומען מיט דעם נדן, וואָס ער באַקומט פון העל־לענען.

העלענע האָט נאָך ביז איצט אַזוי נישט ליב געהאַט אַ מאַן, ווי וואַצלאַוון און זי האָט דעריבער אים געבעטן, אַז ער זאָל וואָס גיכער באַשטימען דעם טערמין פון דער חתונה, כדי זי זאָל שוין ענדלעך קאָנען זיין צוזאַמען מיט איר געליבטן מאַן. וואַצלאַוו איז אַזוי געוועזן גלייכגילטיק צום ענין, אַז ער האָט אפילו העלענען וועגן דעם נישט געענטפערט.

און נאָך אַ סיבה איז געוועזן, פאַר וואָס העלענע האָט געוואָלט אַזוי שנעל צואיילן דעם טערמין פון דער חתונה. זי האָט געוואָלט וואָס שנעלער זיך באַפרייען פון מאַצאָכס אפּוטרופסות, זי האָט געפילט, אַז לענגער אויסהאַלטן פון מאַ־נאַכס נאָענטקייט וועט זי נישט קאָנען. געוועזן מאָמענטן, ווען זיין נאָענטקייט האָט זי שוין אָנגעהויבן צו עקלען און זי האָט געוואָלט פון אים אנטלויפן. אָבער זי האָט מורא געהאַט.

וואַצלאַוו האָט זי געדאַרפט ראַטעווען פון מאַצאָכס אָרעמס, אָבער וואַצלאַוו האָט זיך נישט געאיילט מיט דער חתונה. ערשט ווען מאַצאָך, האָט אויף העלענעס בקשה, אויפ־געפאָדערט וואַצלאַוון, אַז ער זאָל זיך צואיילן צו דער חתונה, האָט מען די חתונה באַשטימט אויפן 11־טן יוני, 1910.

דעם 10־טן יוני זענען וואַצלאַוו, ראַמאַזי, העלענע און סטאַרטשעווסקי געפאָרן קיין וואַרשע, צו העלענעס עלטערן. די חתונה איז צוגעגרייט געוואָרן אויפן ברייטן שטייגער. געלט אויף אַלעם האָט געגעבן מאַצאָך. צומאָרגנס, דעם 11־טן יוני, איז אין איינער פון די וואַרשעווער קירכן, פאָרגעקומען די חתונה־צערעמאָניע. ס׳זענען געוועזן אַ סך געסט. מ׳האָט דעם יונגן פּאָרל געוואונטשן און לויט מאַצאָכס פאָרשלאָג איז אין האָטעל אייראָפּעיסקי פאָרגעקומען אַ חתונה־סעודה, וואָס האָט געקאָסט 1500 רובל.

די געסט האָבן זיך געוואונדערט, פון וואַנען די כלה האָט אַזויפיל געלט, ווייל נאָר גאָר רייכע מענטשן קאָנען זיך דער־לויבן אויף צו טראָגן אַזאַ חתונה־קלייד, ווי העלענע האָט גע־טראָגן, איינאָרדנען אַ חתונה־מאָלצייט מיט אַזאַ קאָמפאָרט

און דינגען א דירה פון פינף צימערן מיט א קוך פּרעכטיק אויסמעבלירט. די געסט האָבן דעריבער צווישן זיך אַרויס־געזאָגט די השערה, אז דער חתן מוז זיין זייער א רייכער און ער האָט דעריבער אויף אלעם געגעבן געלט, ווייל, קענענדיק העלענעס אָרעמע עלטערן, האָבן די געסט געוואוסט, אז ס'איז אויסגעשלאָסן, אז די דאָזיקע אָרעמעלייט זאָלן זיך קאָנען דערלויבן אויף אזא לוקסוס.

אין דער זעלבער צייט דערציילט מאַצאָך וואצלאוו, אז די אויסגאבן אויף דער חתונה־צערעמאָניע, העלענעס קליי־דער און די אויסמעבלירטע דירה זענען געמאַכט דורך הע־לענעס רייכע עלטערן.

— אָבער די ווייסט, דאַמאַזי, העלענעס עלטערן זענען נישט אויס צו זיין קיין רייכע, — האָט וואצלאוו דערקלערט מאַצאָכן א טאָג נאָך דער חתונה. — זיי זענען ענדער ענלעך צו קבצנים.

— וואָס רעדסטו, דאָס זענען אָנגעשטאָפּטע גבירים, — האָט מאַצאָך דערקלערט, — א סימן האָסטו, אז. זיי גיבן אויס אזויפיל געלט און וואָס פאר א גרויסן נדן זיי געבן זייער טאָכטער.

— נו, יאָ, דאָס וואונדערט מיך טאַקע, — האָט דער־קלערט וואצלאוו, — זיי זעען אויס, ווי קבצנים און האָבן פונ־דעסטוועגן א סך געלט.

עטלעכע טעג נאָך דער חתונה איז מאַצאָך געבליבן אין ווארשע און געשלאָפן אין דער נייער דירה פון יונגן פּאָרפאָלק. דער מאַנאַך האָט באמערקט אַן ענדערונג אין העלענעס באציאונג צו אים. ווען וואצלאוו איז געהאַט אוועק־געגאנגען און העלענע איז איבערגעבליבן מיט מאַצאָכן אליין, האָט דער מאָנאך געזאָגט מיט א ציניש געלעכטערל:

— נו, העלענע, האָסט דערפילט די פליכטן לגבי דיין אָפיציעלן מאן, איצט איז מיט דיר צוזאמען דיין פאקטישער מאן...

ער האָט זי געוואָלט ארומנעמען, אָבער זי האָט זיך לייכט ארויסגעגליטשט פון זיינע אָרעמס.

— לאָז מיך צורו, — האָט זי גענאָגט מיט אַ קאַלטן טאָן.

— וואָס איז געשען, העלענע? האַ? — האָט דער מאַנאַך זיך גענומען וואַנדערן.

— ס'איז גאָרנישט געשען, אָבער לאָמיך צורו, — האָט העלענע זיך גענומען בעטן.

— דו האָסט שוין באַוויזן ליב צו קריגן וואַצלאַוון? — האָט דער מאַנאַך איר אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין. — זאָג, שעם זיך נישט.

— לאָז מיך היינט צורו, דאַמאַזי, מיר וועלן אַ צווייט מאָל רעדן וועגן דעם.

— העלענע, צי ווייסטו, אַז איך האָב דיר חתונה גע־מאַכט מיט וואַצלאַוון? ווען איך וויל נישט, האָסטו דאָך מיט אים נישט חתונה. דו ווייסט דערפֿון?

— איך ווייס, האָט זי שטיל געענטפֿערט און געפֿילט, ווי זי באַקומט מורא פֿאַרן מאַנאַך, וועלכער וואָלט געקאָנט צו־שטערן איר גליק מיט וואַצלאַוון.

— טאָ קום זשע, — האָט ער באַפֿעלעריש צו איר אַ זאָג געטאָן און זי אָנגענומען בײַ דער האַנט.

זי איז אים נאָכגעגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ אין שלאָפֿצימער אַריין... — — — — — — — — — — — — — —

צומאָרגנס איז מאַצאָך צוריק אָפּגעפֿאָרן קיין טשענסטאָ־כאָווע. בײַם געזעגענען זיך מיט העלענען און וואַצלאַוון, האָט דער קשאָנדז דאַמאַזי דערקלערט מיט אַ פֿרומער שטים:

— זייט גליקלעך, קינדערלעך, און זאָל אײַך גאָט העלפֿן. לעבט צופֿרידן און קריגט אײַך נישט קיינמאָל איינער מיטן אַנדערן. זאָל אײַביק זײַן בײַ אײַך שלום־בית. איך וועל אָפֿט קומען צו אײַך, מײַנע טײַערע, און וועל אײַך דינען מיט עצות און הילף. —

צוויי מאָל אין דער וואָך פֿלעגט מאַצאָך קומען קיין וואַר־שע באַזוכן העלענען. זײַן גענײַט אויג האָט איצט באַמערקט, אַז העלענע איז געוואָרן אַן אַנדערע, אַז זי האָט ליב וואַצלאַוון. העלענע האָט דאָס שוין איצט אפֿילו אָפֿן אַרויסגעוויזן. אין

מאַצאַכס אַנווועזנהייט פלעגט זי צו איר מאַן רעדן אַזוי ליבּ־לעך, גלעטן אים און צערטלען. זי האָט איצט מער נישט גע־וואָלט באַהאַלטן איר ליבע צו וואַצלאַוון. מאַצאַכס אַנווועזנהייט איז פאַר איר געווען שווער, זיין פערזאָן האט איר געדריקט, ווי אַ שווערער קאָשמאַר און זי האָט געגלויבט, אַז מאַצאַך, זעענדיק איר באַציאונג צו וואַצלאַוון, וועט זי סוף כל סוף אָפּלאָזן.

דער מאַנאַך האָט אָבער נישט בדעה געהאַט אָפּצולאָזן העלענען. ווען וואַצלאַוו איז נישט געווען, האָט ער ווידער געמאַכט מיט איר אַ שמועס.

— דו פאַרראַטעסט מיך, העלענע, — האָט ער איינמאָל אַ זאָג געטאָן צו איר מיט אַ פינסטערן, בייזן טאָן.

— איך פאַרשטיי דיך נישט, דאַמאַזי, — האָט זי גע־פרוווט זיך צו מאַכן כלא ידע.

— דו פרוווסט נאָך מיך אָפּצונאַרן? — האָט ער זי אָנגעקוקט מיט אַ שאַרפן בליק.

— מיט וואָס נאַר איך דיך?

— דו האָסט מער ליב וואַצלאַוון, ווי מיך. וואָס רעד איך? דו ווילסט שוין פון מיר אינגאַנצן פּטור ווערן.

— רעד נישט אַזוי, דאַמאַזי.

— איך ווייס, וואָס איך רעד. איצט, אַז דו האָסט שוין אַ מאַן, לאַכסטו זיך שוין אויס פון מיר, דאַרפסטו מיך שוין נישט צו האָבן, בין איך שוין פאַר דיר אַן איבעריקער מענטש. האָסט פאַרגעסן צוליב וואָס איך האָב דיך חתונה געמאַכט? אפשר דערצו, אַז דו זאָלסט געהערן צו וואַצלאַוון און נישט צו מיר?

— אָבער, דאַמאַזי, וואַצלאַוו איז דאָך מיין געזעצלעכער מאַן...

— שווייג! — האָט מאַצאַך אַ זאָג געטאָן. — דאָס האָב איך אים געמאַכט פאַר דיין געזעצלעכן מאַן. אויב עס וועט מיר געפעלן, וועסטו מער נישט זיין וואַצלאַווס ווייב, נאָר מיינע. שווייג זשע!

העלענע האָט געוואוסט, אַז מאַצאַך קאָן איר אַ סך שאַדן

ברענגען, אז ער קאָן מיט פאַרשידענע שפּיצלעך זי צעשיידן מיט וואַצלאַוון און זי האָט דעריבער באַשלאָסן דערווייל נישט איינצורייסן מיטן מאַנאַך. זי האָט געהאָפט, אז מיט דער צייט וועט איר געלונגען זיך צו באַפרייען פון זיין דעמאַנישער ווירקונג אויף איר, דערווייל אָבער האָט זי באַשלאָסן אים נישט צו דערצערענען.

— פאַרוואָס שרייסטו אויף מיר אזוי, דאַמאַזי? — האָט זי געפרעגט מיט א ווייכער שטים, — צי האָב איך דען מיט עפּעס פאַרזינדיקט?

— דו האָסט ליב וואַצלאַוון, דו גיסט זיך אים איינגאַנצן איבער, דאָס טוט מיר וויי, — האָט מאַצאָך גערעדט פאַרביטערט.

— ער איז זייער א גוטער צו מיר, איך בין זיין ווייב,— פאַרוואָס זשע זאָל איך אים שלעכט באַהאַנדלען?

— ער האָט דיך נישט ליב, ער האָט מיט דיר חתונה געהאַט נאָר צוליב מיין געלט, וואָס איך האָב דיר געגעבן. אזוי האָט ער מיר אַליין דערקלערט פאַר דער חתונה.

ער האָט איר געוואָלט ווי טון מיט די דאָזיקע רייד און גלייכצייטיק געוואָלט זען, וואָס פאַר א ווירקונג זיי וועלן מאַכן אויף איר, אָבער זי האָט בלויז לייכט א שמייכל געטון און געענטפערט:

— איך ווייס דערפון, דאַמאַזי, ס'איז פאַר מיר נישט קיין נייעס.

איר רואיקער ענטפער האָט אים נאָך מער געקרענקט. ער האָט אָבער מער דעם שמועס נישט געקאָנט פירן, ווייל גראָד איז אָנגעקומען וואַצלאַוו. מאַצאָך האָט געמאַכט א פריילעכע מינע, ווי עס וואָלט גאָרנישט פאָרגעקומען און איז נאָך דעמזעלבן אָוונט צוריקגעפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו.

— וואָס האָב איך געטון? — האָט מאַצאָך געטראַכט, זיצנדיק אין וואַגאָן פון ערשטן קלאַס, — איך האָב מיט מיינע אייגענע הענט געשטויסן העלענען אין וואַצלאַווס אָרעמס. ניין, איך האָב זי נישט געטאָרט חתונה מאַכן מיט דעם דאָזיקן בחור. ער איז צו שיין און קאָן געפעלן. דאָס איז

מיר פריער גארנישט איינגעפאלן, אז העלענע וועט מיך וועלן אויסטוישן אויף אזא מאן, ווי וואצלאוו איז. איך טאר אבער העלענען נישט פארלירן, צוליב איר באגיי איך שוין זיבן יאר א פארברעכן, גנבענענדיק כסדר קלויסטער־געלט. זי קאסט מיך צו גרויסע קרבנות, אז איך זאל זי אזוי לייכט ארויסלאזן פון מיינע הענט. און צי האב איך זי דען נישט ווייטער ליב? ווען איך זע זי נישט איין וואך, בין איך פשוט קראנק. קאן איך נישט שלאפן, נישט עסן. ניין, העלענען טאר איך נישט פארלירן! אבער דאס אומגליק באשטייט דעריז. וואס זייענדיק צוזאמענגעבונדן מיט וואצלאוון און, ליב האבנדיק אים. וועט העלענע זיכן בלעדליי מיטלען פון מיר זיך צו באפרייען. מען מוז זי צושיידן מיט וואצלאוון. ווי גוט וואלט עס געווען, ווען וואצלאוו מאכט פלוצלינג א שטארב. העלענע וואלט דאמאלס געווארן אן אמתע אלמנה און דאמאלס וואלט זי שוין גע־הערט אינגאנצן צו מיר. איך וואלט דאן ארויסגענומען פון דער קלויסטער־קאסע א גרויסע סומע געלט און מיט איר אנטלאפן קיין אויסלאנד. אבער ווי אזוי ווערט מען פטור פון וואצלאוון? ווי אזוי צעשיידט מען זיי ביידע?

אט די דאזיקע פראגע האט מאצאכן געענבערט דעם מח א גאנצן וועג און, קומענדיק קיין טשענסטאכאוו, האט ער אלץ נישט אויפגעהערט צו טראכטן וועגן דעם, ווי אזוי מען ווערט פטור פון וואצלאוון. „איך האב מיר אליין גענומען אויף זיך דעם דאזיקן הויקער, — האט ער געטראכט, — מוז איך זען אים צו באזייטיקן”.

ער איז א גאנצע נאכט ארומגעגאנגען אין זיין צעלע, געהאלטן אין איין טרינקען בראנפן, כדי צו שטילן די אינער־לעכע אומרואיקייט, וואס האט אים באהערשט. ארום איז געווען שטיל. אלע מאנאכן זענען געשלאפן אין זייערע צעלעס, בלויז איין מאנאך איז נערוועז געגאנגען הין און צוריק איבער זיין צעלע און אלע ווייל א זופ געטון פון דער פלאש בראנפן, וואס איז געשטאנען באהאלטן אונטער זיין בעט. אין זיין מח זענען, ווי פונקען, געשפרונגען פארשידענע געדאנקען. ער האט

זיך אַליין נישט אָפּגעגעבן קיין דין־וחשבון, וואָס ער טראַכט. פּלוצלינג איז אים דורכגעפלויגן אַ געדאַנק:

— און, אפשר, פּשוט... אים אַפּרוימען פון וועג?

ער האָט אויפגעציטערט און זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן בעט. ער האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און נישט אויפגעהערט צו ציטערן.

— ניין, ס'איז נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג, — האָט ער ווידער געטראַכט. — איך קאָן נישט לעבן אָן העלענען. בלייבט העלענע ווייטער צוזאַמען מיט וואַצלאַוו, איז זי פאַר מיר פאַרלוירן. איך וועל דאָס נישט איבערהאַלטן. איך וועל דאַן זי, אים און זיך אומברענגען. עס וועט זיכער קומען דערצו. פאַרוואָס זשע זאָלן פאַלן דריי קרבנות? זאָל פאַלן איינער... איך קאָן נאָך זיין גליקלעך מיט העלענען... מיר וועלן אַוועקפאָרן ווייט און קיינער וועט נישט וויסן, וואו וואַצלאַוו איז אַהינגעקומען... כ'וועל עס שוין אַזוי איינאָרדענען... ניין, איך האָב נישט קיין אַנדער אויסוועג... איך מוז באַזייטיקן דעם הויקער, וואָס איך האָב אַליין גענומען... גאָט, העלף מיר!

ער איז פּלוצלינג אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, אַרויסגענומען פון טיש־שופלאָד אַ בויגעלע פּאַפּיר, און אָנגעהויבן צו שרייבן:

„טייערער וואַצלאַוו! איך האָב פאַר דיר אַ געשעפט, ביי וועלכן דו קאָנסט פאַרדינען עטלעכע טויזנט רובל. קום תיכף צופאָרן קיין טשענסטאָכאָוו. איך דערוואַרט דיך מיט אומגעדולד. אַ גרוס פאַר דיין העלענע.

דאַמאַזי.”.

אינדערפרי האָט מאַצאָך אַוועקגעשיקט דעם בריוו קיין וואַרשע. ווען וואַצלאַוו האָט דערהאַלטן דעם בריוו, איז ער געוועזן זייער צופרידן, וואָס דער מאַנאַך אינטערעסירט זיך אַזוי מיט אים און ער האָט געזאָגט צו העלענען:

— לאָמיר ביידע פאָרן קיין טשענסטאָכאָוו, לאָמיר ביידע דאַנקען דאַמאַזין פאַר זיין באמת פאָטערלעך האַרץ!

— ניין, איך וויל נישט פאָרן, — האָט העלענע געענט־

פערט, נישט האָבנדיק מער קיין חשק צו באַזוכן דעם קלויס־טער, וואו זי האָט אַ לענגערע צייט פאַרבראַכט מיט מאַ־צאָכן. — מיר איז שוין טשענסטאָכאָוו נמאס געוואָרן. פאַר אַליין.

— אַזוי גאָר, טשענסטאָכאָוו איז דיר שוין נמאס גע־וואָרן? — האָט וואַצלאַוו פאַרוואונדערט געפרעגט.

— יאָ, פאַר אַליין און זוים דיך נישט לאַנג, — האָט העלענע געבעטן.

„וואָס פאַר אַ געשעפט האָט דאָס דאַמאַזי פאַר וואַצ־לאַוון?", — האָט העלענע געטראַכט, — „אפשר איז עס אַ פּשוט שפּיצל מצד דאַמאַזין. צי וויל ער נישט אַמאָל וואַצ־לאַוון אָפּרעדן פון מיר? צי פאַרלייגט נישט דאַמאַזי אַ נעץ פון אַן אינטריגע, כדי מיך צו צושיידן מיט וואַצלאַוון? אפשר זאָל איך מיטפאָרן?"

אָבער זי האָט פונדעסטוועגן באַשלאָסן נישט צו פאָרן. מאַצאָכס אָנוועזנהייט איז פאַר איר געווען אַזוי שווער, אַז זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט צונויפטרעפן זיך מיטן מאָנאַך און נאָך דערצו אין דער צעלע פון קלויסטער. זי האָט זיך געוואָלט באַפרייען פון די זכרונות, פון איר פאַרברענגען צוזאַמען מיט מאַצאָכן אין מאָזשקאָווסקים דירה. דער מאָנאַך האָט אויף איר געהאַט אַ געוואַלדיקן איינפלוס און זי האָט זיך מיט אַלע כחות געוואָלט באַפרייען פון דעם דאָזיקן איינ־פלוס. זי האָט מורא געהאַט, אַז קומענדיק קיין טשענסטאָכאָוו וועט זיך ווידער איבערחזרן דאָס אַלטע און זי וועט נישט קאָ־נען זיך באַפרייען פון זיין דעמאָנישער ווירקונג און זי וועט זיין געצוואונגען ווייטער זיך אים איבערצוגעבן.

וואַצלאַוו האָט זיך געזעגנט מיט העלענען, געזאָגט, אַז ער וועט קומען צוריק העכסטנס אין צוויי, דריי טעג אַרום און איז אַוועקגעפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו אין דער נאַכט פון 9־טן יולי.

אין דערזעלבער נאַכט האָט דאַמאַזי זיך שטילערהייט אַריינגעשלייכט אין וואַרשטאַט פון קלויסטער־סטאָליאַר און צוגענומען פון דאָרט די האַק. ער האָט די האַק תיכף באַהאַלטן

אין אויוון. דערנאָך האָט ער אַריינגעבעטן צו זיך אין דער צעלע דעם קלויסטער־דינער זאַלאַג און דערקלערט:

— סטאַניסלאַוו, לאָמיר מאַכן אַ שנאַפּס.

— מיטן שענסטן פאַרגעניגן, אָבער פאַרמאַך די טיר אויפן קייטל.

מיטן קלויסטער־דינער זאַלאַג איז מאַצאַך געווען זייער נאָענט באַפריינדעט, זיי האָבן זיך אַפילו געזאָגט „דו", ווען קיינער האָט נישט געהערט. די דאָזיקע פריינטשאַפט האָט זיך גענומען דערפון, וואָס זאַלאַג און מאַצאַך האָבן געמיינזאַם געגנבעט קלויסטער־געלטער און זאַלאַג האָט אויך צוגעהאָלפן דעם מאָנאַך צוצוקריגן זיך צום אַזוי גערופענעם „סקאַרביעץ", וואו עס ליגן פאַרשידענע צירונג, איידלשטיינער, גאָלד, זיל־בער, אַלטע גאָלדענע מטבעות א. ד. גל. דאָס געמיינזאַמע פאַרברעכן האָט דעריבער פאַריינקט מאַצאַכן מיטן קלויסטער־דינער און איצט, ווען מאַצאַך האָט זיך געגרייט אָפּצוטון אַ „שווער שטיקל אַרבעט", האָט ער זיך ווידער געעצהט מיט זאַלאַגן.

נאָכן מאַכן עטלעכע גוטע כוסות ,האָט מאַצאַך אַ פרעג געטון:

— סטאַניסלאַוו, דו האָסט מורא פאַר טויטע?

— אַמאָל האָב איך מורא געהאַט, אָבער היינט וואָלט איך אַפילו נישט מורא געהאַט צו שלאָפן אין אַ מתים־שטיבל... — האָט זאַלאַג געענטפערט מיט אַ האַלב שיכור־לעכער שטים.

— עס האַלט נישט דערביי, נאָר זעסטו... איך... — מאַצאַכן איז שווער געווען צו רעדן, — איך וואָלט דיך גע־וואָלט פרעגן, צי דו וואָלטס... נו... צי דו וואָלסט מיך נישט פאַרראַטן, ווען... הם...

— וואָס האָסטו מורא צו רעדן, צי איך האָב דיך שוין אַמאָל פאַרראַטן? דורכט זיך, אַז מיר ביידע דאַרפן זיך קעגנ־זייטיק האָבן... טאַ וואָס האָסטו מורא?

— יאָ, האָסט גוט געזאָגט, מיר דאַרפן זיך קעגנזייטיק

האָבן... הער זשע, איך וועל דיך דאַרפן האָבן צו אַ געוויסער זאַך...

— צו וואָס פאַר אַ זאַך?

— דערווייל קאָן איך דיר נישט זאָגן, אָבער דו באַקומסט פון מיר דערפאַר אַ גרויסע סומע געלט. איך פיר אויס אַ געוויסן פּלאַן און אויב דער דאָזיקער פּלאַן וועט מיר געלונגען, וועסטו מיר זיין בייהילפיק... איך האָב דיר דערווייל נאָך גאָרנישט וואָס צו זאָגן, אָבער איך וויל, אַז דו זאָלסט זיין צו אַלץ צוגעגרייט...

— דאַמאַזי, זיי נישט קיין נאַר און דערצייל מיר. וואָס פאַר אַ פּלאַן האָסטו? — איז זאַלאַג געוואָרן נייגעריק.

— איך ווייס נאָך אַליין נישט, צי איך וועל דעם פּלאַן קאָנען דורכפירן... — האָט מאַצאָך זיך געקווענקלט, — איך בעט דיך נאָר, אַז ווען איך וועל דיך רופן, זאָלסטו זיין צו אַלץ גרייט... אפילו צו הרגענען אַ מענטש...

— וואָ־אָס? — האָט זאַלאַג אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן.

— שרעק דיך נישט... ס'האַלט נאָך נישט דערביי, אָבער אַ שווערער ענין וועט עס זיין.

— ניין, הרגענען וויל איך נישט... איך האָב מורא...

— ווער זאָגט דען דיר, אַז דו וועסט הרגענען... וואָס רעדסטו פאַר אַ נאַרישקייטן... איבעריקנס, סטאַך, וועסט זיך אַליין איבערצייגן... לאָמיר דערווייל טרינקען.

ביידע האָבן אַזוי לאַנג געטרונגען, ביז זיי זענען אַנידערגעפאַלן טויט שיכורע אויפן בעט און אַנטשלאָפן געוואָרן.

צומאָרגנס ביטאָג איז געקומען וואַצלאַוו. מאַצאָך האָט אים דערציילט אַ געשיכטע, אַז ס'איז צו קויפן פאַר ביליק געלט אַ הויז אין טשענסטאָכאָוו. וואַצלאַוו האָט פאַרוואונדערט געפרעגט:

— וועגן דעם האָסטו מיך אַרויסגערופן? האָסטו דאָך מיר באַלד געקאָנט שרייבן אין בריוו, אַז עס האַנדלט זיך וועגן קויפן אַ הויז.

— ביזט גערעכט, כ'האָב טאַקע גדאַרפט אַזוי טון, —

האָט מאַצאַך געענטפערט מיט אַ געצוואונגענעם שמייכל.
פאַרנאַכט איז וואַצלאַוו אַוועק צו זיין טשענסטאָכאָווער פריינט בענטשינסקי, ביי וועמען ער האָט פאַרבראַכט עטלעכע שעה. ביים אַוועקגיין האָט בענטשינסקי געבעטן וואַצלאַוון, אַז ער זאָל ביי אים בלייבן שלאָפן, אָבער וואַצלאַוו האָט זיך דערפון אָפּגעזאָגט, דערקלערנדיק:
— מיין קוזין האָט מיך אָנגעבעטן, אַז איך זאָל אײַבערנעכטיקן אין קלויסטער. ער וועט זיין זייער בייז, אויב איך וועל נישט קומען. איך וועל זיין מאָרגן ביי דיר. אַ גוטע נאַכט.
— טאָ זיי זשע ביי מיר מאָרגן אינדערפרי, — האָט בענטשינסקי געבעטן וואַצלאַוון, — וועלן מיר מאַכן אַ שפּאַציר מיט אַ שיפל אויפן טייך.
— יאָ, יאָ, איך וועל זיכער קומען, — האָט וואַצלאַוו פּאַרזיכערט.
אָבער ער איז שוין מער קיינמאָל נישט געקומען...
אין קלויסטער איז ער אָנגעקומען אַרום 10 אַ זייגער אין אָוונט. מאַצאַך האָט אים פאָרגעלייגט צו טרינקען, וואַצלאַוו האָט זיך לכתחילה אָפּגעזאָגט, אָבער דער מאָנאַך איז נישט אָפּגעשטאַנען:
— טרינק, ברודערקע! לאָמיר טרינקען פאַר העלענעס געזונט.
וואַצלאַוו האָט אויסגעטרונקען עטלעכע כוסות. ער האָט אַליין נישט געוואוסט, פאַרוואָס דער שמועס זיינער מיט דאַמאַזין קלעפּט זיך נישט. מאַצאַך האָט געטרונקען איין גלעזל נאָכן אַנדערן און מאָדנע געשוויגן. וואַצלאַוו איז דערפון געוואָרן שטאַרק געקרענקט און ער האָט געפרעגט:
— וואָס טרינקסטו אַזויפיל, דאַמאַזי? ווי פּאַסט עס פאַר אַ גייסטלעכער פּערזאָן אַזויפיל צו טרינקען?
— זאָג מיר נישט קיין מוסר, בעט איך דיך, — האָט דאַמאַזי אָן אָנגעכמורעטער אַ זאָג געטון, — איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט מיר זאָגן אַ דעה.
— וואָס רעדסטו עפּעס מיט אַזאַ טאָן? — האָט וואַצ־

לאוו געפרעגט, — דו מיינסט, אז מ'איז שיכור, מעג מען שוין אלץ רעדן.

מאַצאַך האָט זיך געוואָלט נעמען זידלען. ער האָט גע־וואוסט, אז טאָמער הויבט ער זיך אָן צו קריגן מיט וואַצלאַוון, ווערט צונישטערט דער פּלאַן, וואָס ער האָט אויסגעאַרבעט. דער האַלב־שיכורער מאָנאַך האָט פאַרביסן די ליפּן און אַ זאָג גע־טון:

— זיי מיר מוחל, וואַצלאַוו, כ'ווייס אַליין נישט, פאַר־וואָס איך בין אין אַ שלעכטער שטימונג. לאָמיר זיך בעסער לייגן שלאָפן. לייג זיך דערווייל, איך וועל נאָך אַרויסגיין אָפּ־זאָגן אַ תפילה.

וואַצלאַוו האָט זיך גענומען אויסטון. מאַצאַך האָט אויפ־געעפנט די טיר און איז אַרויסגעגאַנגען אין דרויסן. ער איז אַרויס אויפן הויף ,כדי אַריינצונעמען אַ ביסל פרישע לופט. אין האַלז האָט אים געשטיקט, ער האָט זיך קוים געקאָנט האַלטן אויף די פיס. „מ'דאַרף עס מאַכן וואָס שנעלער", האָט ער געטראַכט און זיך אַרומגעדרייט אַ געוויסע צייט אויפן הויף.

אין קלויסטער האָט געהערשט אַ געהיימניספולע שטיל־קייט. דאָ און דאָרט האָט זיך געלויכטן אַ פענסטער פון אַ צעלע. פון ערגעץ ווייט האָט זיך געהערט דאָס בילן פון אַ הונט. דער הויכער טורעם פון קלויסטער האָט זיך אַריינגע־שניטן אין דעם אויסגעשטערנטן הימל. אַ וואַרעם ווינטל האָט זיך דורכגעגליטשט דורך די בלעטער פון די ביימער.

אַ שעה צייט האָט מאַצאַך אַרומגעשפּאַצירט אין הויף. אין קאָפּ איז אים געוואָרן ריינער. דער בראָנפן האָט ביסלעכ־ווייז אויסגעדאַמפט פון די געהירן. ער האָט זיך געפילט מונ־טערער און פרישער. ס'איז פאַרבייגעגאַנגען אַ קלויסטער־די־נער און געפרעגט:

— וואָס, דער ערנווירדיקער פאָטער קאָן נישט שלאָפן אין אזא הייסער נאַכט?

— יאָ... — האָט מאַצאַך שטיל געענטפערט.

ער איז באַלד צוריקגעגאַנגען אין זיין צעלע, וועלכע איז

געווען באַצייכנט מיטן נומער 38. ער האָט פּאַמעלעך און שטיל געעפנט די טיר. אין דער צעלע האָט זיך געברענט אַ קליין נאַכט־לעמפּל. וואַצלאַוו איז שוין געלעגן אין בעט און געשמאַק געשלאָפן.

מאַצאָך האָט שטילערהייט צוגעמאַכט די טיר און פאַר־לייגט דאָס קייטל. ער איז געגאַנגען אויף די שפּיצפינגער און זיך דערנענטערט צו וואַצלאַוון. ער האָט זיך איבער אים אַראָפּגעבויגן און איינגעהאָרכט. „ער שלאָפט זייער געשמאַק", האָט ער אַ טראַכט געטון, „מ'טאָר נישט וואַרטן קיין איין מינוט. ער קאָן זיך נאָך איבערוועקן".

ער האָט געעפנט דאָס טירל פון אויוון און אַרויסגענו־מען די האַק, באַהאַלטנדיק זי אונטער דער פּאָלע פון זיין ווייסן כאַלאַט. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען נאָענט צום בעט און אַ ווײַלע געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך, איינקוקנדיק זיך אין וואַצלאַווס געזיכט. ער האָט זיך עטלעכע מאָל אומגעקוקט אויף אַלע זייטן, הגם אין דער צעלע איז קיינער נישט געווען, אָבער ס'האָט זיך אים אַ רגע אויסגעדוכט, אַז אימיצער קוקט אַפּער פון אונטערן בעט. ער האָט זיך אפילו אַראָפּגעבויגן, כדי זיך איבערצוצייגן, צי קיינער האָט זיך דאָרטן נישט באַ־האַלטן.

דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן די האַק מיט דער טעמפּער זייט אַראָפּ און מיטן גאַנצן כח זי אַראָפּגעלאָזט אויף וואַצ־לאַווס קאָפּ. ס'האָט אַ שפּריץ געטון בלוט און וואַצלאַווס קערפּער האָט זיך אַ וואָרף געטון. ס'האָט זיך־דערהערט אַ שווערער קרעכץ. וואַצלאַווס קאָפּ האָט זיך אַ דריי געטון, די אויגן האָבן זיך אַ רגע געעפנט און מיט אַ פאַרגליווערטן בליק אָנגעקוקט מאַצאָכן. מאַצאָך האָט געפילט, ווי די האַק פאַלט אים אַרויס פון די הענט, אָבער ער האָט זיך שטאַרק אָנגעשטרענגט און אַ צווייטן זעץ געטון מיט דער טעמפּער זייט איבער וואַצלאַווס קאָפּ.

ווידער האָט מאַצאָך דערהערט אַ שווער כאָרכלענדיק קרעכצן. ער האָט גענומען ציטערן איבערן גאַנצן לייב און ער האָט אַליין נישט געפילט, ווי די האַק האָט זיך אַרויסגע־

גליטשט פון זײנע הענט. ער איז געבליבן שטײן א פארגלי־
װערטער און זיך צוגעקוקט מיט אויפגעריסענע אויגן צו דעם
שרעקלעכן בילד: װאצלאװס קערפּער האָט אַלע װײל קאָנװולצ־
סיװ זיך א װאָרף געטון, דער גאַנצער קאָפּ, דער האַלז און דאָס
העמד זענען געװען פאַרגאָסן מיט בלוט און פון װאצלאװס
האַלז האָבן זיך ארויסגעריסן כאָרכלענדיקע גסיסה־טענער.

— גאָט מײנער, ער לעבט דאָך! — האָט מאַצאָך זיך
אָנגעכאַפּט בײם קאָפּ, — איך קאָן נישט מער מיט דער האַק...
װאָס טוט מען? איך בין פאַרלױרן!

ער איז א װײל געבליבן שטײן, זיך אײנגעקוקנדיק אין
דעם צוקאַליעטשעטן קאָפּ, דערנאָך האָט ער זיך צוגעבויגן
צו װאצלאװס האַלז און אים געגומען שטיקן. עס זענען פאַר־
ביי עטלעכע מינוטן און דאָס כאָרכלען האָט אויפגעהערט. אין
צימער איז געװאָרן טויט־שטיל.

מאַצאָך האָט תיכף אראָפּגעװאָרפן פון זיך דעם װײסן
כאַלאַט, װעלכער איז געװען באַשפּריצט מיט בלוט און אָנגע־
טון א צװײטן. ער האָט אויסגעלאָשן דאָס לעמפּל און ארויס
פון דער צעלע, פאַרשליסנדיק די טיר. ער איז אראָפּ אונטן,
װוּ עס װאוינען די דינער און אָנגעקלאַפּט אין זאַלאָגס צי־
מער. קײנער האָט זיך נישט אָנגערופן. ער האָט שטאַרקער
געגומען קלאַפּן, נישט קוקנדיק דערויף װאָס ער האָט מורא
געהאַט, אז ער װעט אויפװעקן די רעשט דינער. ענדלעך האָט
זיך זאַלאָג אויפגעכאַפּט פון שלאָף און געפרעגט מיט א פאַר־
שלאָפן קול:

— װער איז דאָרט?

— איך, דאַמאַזי.

די טיר האָט זיך געעפנט. זאַלאָג האָט זיך באַװיזן אין
די אונטערװעש און א פרעג געטון:

— װאָס איז געשען, דאַמאַזי?

— נעם עפּעס אויף זיך און קום, — האָט מאַצאָך ארויס־
געפּליסטערט מיט א געהײמניספולער שטים.

— װאוּהין? װאָס איז געשען? — האָט זאַלאָג געפרעגט
א דערשראָקענער.

— איך האָב דאָך עפּעס גערעדט מיט דיר, האָסטו פאַר־געסן? קום, מוזט מיר העלפן. וועסט באַקומען אַ גרויסע סומע געלט.

זאַלאַג האָט זיך שנעל אָנגעטון און מיטגעגאַנגען מיט מאַצאָכן. ווען זיי זענען ביידע צוגעקומען צו מאַצאָכס צעלע, האָט מאַצאָך אַ זאָג געטון, אויפשליסנדיק די טיר:

— צינד אָן אַ שוועבעלע.

זאַלאַג האָט אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און, האַלטנדיק דאָס שוועבעלע הויך אין דער האַנט, האָט ער באַלויכטן דאָס צי־מער. באַמערקנדיק דעם טויטן, פאַרבלוטיקטן קערפּער אויפן בעט, האָט זאַלאַג אַרויסגעלאָזט דאָס שוועבעלע פון דער האַנט און אַ געשריי געטון:

— אָ, יעזוס! וואָס איז דאָס?

— שווייג, אַז נישט בין איך פאַרלוירן! — האָט מאַצאָך אָנגעכאַפּט זאַלאַגן ביי דער האַנט, — איך האָב דיך גערופן אַהער, כדי דו זאָלסט מיר העלפן אַפּרוימען פון דאַנען דעם טויטן קערפּער, אַזוי, אַז ס׳זאָל נישט איבערבלייבן קיין שום שפּור. גערענק, זאַלאַג, מוזט מיך ראַטעווען, אַז נישט וועל איך זיך דערהרגענען.

— אָבער, גאָט מיינער, ווי אַזוי איז דאָס געשען? ווע־מען האָסטו דאָ דערהרגעט? — האָט זיך זאַלאַג אַלץ נישט געקאָנט באַרואיקן.

— פרעג איצט נישט קיין שום קשיות, נאָר גיב מיר בעסער אַן עצה, ווי אַזוי אָפּצורוימען דעם טויטן קערפּער, — האָט מאַצאָך גערעדט מיט אַ ציטערדיקער שטים און אָנגע־צונדן דאָס נאַכט־לעמפּל .

— אָבער... איך וויל נישט אַריינפּלאָנטערט ווערן אין... אין אַ מאָרד... — האָט זאַלאַג געשטאַמלט פאַר שרעק.

— דו מוזט מיך ראַטעווען, סטאַך, — האָט מאַצאָך גע־נומען בעטן, — איך האָב נישט קיין אַנדער אויסוועג... אויב דו וועסט מיר נישט העלפן אַפּרוימען דעם קערפּער, וועל איך... מיר וועט שוין דאַמאָלס זיין אַלץ איינס... דו הערסט? אַלץ איינס! ווייל איך וועל דערציילן, אַז מיר ביידע האָבן

נעגנבעט פון „סקאַרביעץ"... איך וועל נישט האָבן קיין אַנ־דער ברירה... דעריבער העלף מיר... ראַטעווע מיך.

— וואָס האָסטו געוואָלט פון מיר? — האָט זאַלאַג אַ קרעכץ געטון און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל, — דעק אים כאָטש צו, ווייל איך קאָן נישט קוקן אויף זיין פּנים... ברררו! — האָט ער געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער, — ווי אַזוי העלפט מען דיר דאָ? ווייס איך? וואַרט נאָר... מ'וועט איינפּאַקן דעם קערפּער אין אַ קאַסטן און אים אַריינוואַרפן אין טייך אַריין? ווי מיינסטו?

— בעסער אין אַ קויש, װאו וועל איך נעמען אַ קאַסטן? איך וועל מאָרגן גיין קויפן אַ קויש...

— נו, גוט. דערווייל דאַרף מען דעם טויטן איינוויקלען אין אַ ליילעך און אַרונטערלייגן אונטערן בעט.

— העלף מיר אָפּוואַשן די בלוט־צייכנס, — האָט מאַ־צאַך געבעטן.

מאַצאַך און זאַלאַג האָבן אָנגענומען וואַצלאַווס טויטן קערפּער, אים איינגעוויקלט אין אַ ליילעך און פאַרבונדן מיט גאַזע־באַנדאַזשן, וואָס זענען געלעגן אין מאַצאַכס שענקעל. דערנאָך האָבן זיי דעם טויטן קערפּער אַרונטערגעלאָזט אונ־טערן בעט און זיך גענומען אָפּוואַשן די בלוטיקע צייכנס. דאָס גאַנצע בלוטיקע בעטגעוואַנט האָט זאַלאַג אַריינגעטראָגן צו זיך אין צימער און עס פאַרברענט.

באַלד אינדערפרי איז מאַצאַך אַוועק אין שטאָט, פאַר־שליסנדיק גוט זיין צעלע. ער האָט נישט געוואָלט דעם טאָג זיך באַווייזן פאַר די מאַנאַכן, טאָמער דערקענען זיי עפּעס אויף זיין געזיכט. אַרום צוויי בייטאָג איז ער אַריין אין פּאַטאָקס קוישן־געשעפט און געקויפט אַ גרויסן קויש און די ראַנאַזשעס. ווען ער האָט דעם קויש געבראַכט אויף אַ דראָזש־קע אין קלויסטער אַריין, האָט אים אַ מאַנאַך געפרעגט, צו וואָס ער דאַרף צו האָבן אַזאַ גרויסן קויש, דערויף האָט מאַ־צאַך געענטפערט:

— מיין קוזין קלויבט זיך צו פאָרן קיין אַמעריקע.

מאַצאַך און זאַלאַג האָבן זיך פאַרשלאָסן אין דער צעלע,

וואו ס'איז געלעגן דער טויטער קערפּער און זיך געגרייט איינ־צופּאַקן דעם קערפּער אין קויש אַריין. זיי האָבן שוין גענומען מאַכן דערצו אַלע הכנות, ווי מאַצאָך האָט פּלוצלינג דער־קלערט:

— איך האָב מורא, אַז מיטן קויש קאָנען מיר האָבן אַ דורכפאַל. ס'וועט זיין זייער פאַרדעכטיק, ווען מיר וועלן אַרויספירן פון קלויסטער אַזאַ גרויסן קויש.

— טאָ וואָס זשע דען? האָט זאַלאָג געפרעגט.

— מען מוז אַ טראַכט טון וועגן אַ באַקוועמערער זאַך, וואָס זאָל נישט אַרויסרופן אַזאַ פאַרדאַכט.

— הער, איך האָב אַ פּלאַן, — האָט זאַלאָג געזאָגט נאָך אַ ווייל נאָכטראַכטן, — אין קאָרידאָר שטייט אַן אַלטע קאַ־נאַפּע, וועלן מיר „אים" אַריינפּאַקן אין דער קאַנאַפּע... ווער וועט חושד זיין, אַז אין אַ קאַנאַפּע געפינט זיך אַ מענטש?

— אויסגעצייכנט! — איז מאַצאָך אַזש אויפגעשפּרונ־גען פאַר פרייד, — דאָס איז אַ גלענצנדער איינפאַל. וועמען וועט טאַקע איינפאַלן, ווען מיר וועלן אַרויספירן אַ קאַנאַפּע? ס'וועט ביי קיינעם נישט אַנטשטיין דער מינדסטער חשד. וואָס קאָן מען טראַכטן וועגן אַ קאַנאַפּע? בּיזט גערעכט, סטאַך, וועמען וועט איינפאַלן, אַז מיר פירן אַ טויטן קערפּער? די ראָנאָזשעס וועלן אויך צונויף קומען.

— אויב אַזוי, זאָלן מיר זיך נעמען צו דער אַרבעט,— האָט זאַלאָג גענומען איילן, — אַזוי לאַנג, ווי דער מת ליגט דאָ אין דער צעלע, זענען מיר איינגעשטעלט, אָבער געדענק, דאַ־מאַזי, איך פאָדער פאַר דער אַרבעט 5000 רובל.

— וועסט קריגן, איך וועל דיר נישט טון קיין עולה, סטאַך.

און ביידע האָבן זיך גענומען צו דער „אַרבעט". זאַלאָג האָט אַריינגעשלעפּט די קאַנאַפּע אין מאַצאָכס צעלע אַריין, פאַרקייטלט די טיר און אָנגעהויבן פּאַקן דעם שרעקלעכן „באַ־גאַזש". ווען דער טויטער קערפּער איז שוין געלעגן אין דער קאַנאַפּע, וועלכע איז פאַרקלאַפּט געוואָרן מיט אַ דעק, האָט זאַלאָג די קאַנאַפּע אַרומגעבונדן מיט צוויי ראָנאָזשעס, ס'זאָל

מאכן אן איינדרוק, ווי מען פירט די קאנאפע צו דער באן אויף באנאוש.

— איצט וועלן מיר רופן א דראזשקע, — האט מאצאך דערקלערט, — מ'קאן אפילו בעטן די קלויסטער־דינער, אז זיי זאלן אונז העלפן ארויסטראגן די קאנאפע צו דער דראזש־קע. מיר האבן שוין איצט נישט וואס מורא צו האבן. ווער וועט זיך דען כאפן, וואס אין דער קאנאפע ליגט?

— פונדעסטוועגן ציטערט מיר נאך דאס הארץ, דא־מאזי, — האט זאלאג דערקלערט, — ווען די קאנאפע וועט שוין ליגן אין טייכל, וועט מען ערשט דאמאלס קאנען אפ־עטעמען פריי.

זאלאג איז אוועק אין גאס אויסזוכן א דראזשקע. ער האט אנגעטראפן פיאנקא און אים געהייסן פארן אין קלוי־סטער אריין. כדי זיי זאלן נישט דארפן פארן צוזאמען מיטן פאק אין איין דראזשקע, האט זאלאג געדונגען נאך א דראזש־קע, וואס האט, ווי מיר ווייסן שוין, געהערט צו סטאניסלאוו פאוול'אק. און מאצאך מיט זאלאגן האבן געמאכט די באקאנ־טע רייזע קיין זאוואדי.

נאכדעם, ווי זיי האבן אריינגעווארפן די קאנאפע מיטן טויטן קערפער אין טייכל ביי זאוואדי, האט מאצאך שטילער־הייט א זאג געטון צו זאלאגן:

— איצט בין איך געראטעוועט, מיר וועלן היינט מאכן א גוטע כוסה.

— דו מוזט מיר נאך היינט באצאלן פאר מיין טרחה, — האט זאלאג געפאדערט.

— א, מיין פריינט, דו וועסט נאך קריגן מער, ווי איך האב דיר צוגעזאגט. דו ביזט עס ווערט!

„און איצט דארף מען פארן צו העלענען, — האט מא־צאך א טראכט געטון, — פון איצט אן וועט מען דארפן אנ־הויבן א נייע לעבן. נעמען העלענען און מיט איר אוועקפארן קיין אויסלאנד. וואס עפעס אבער זיין, אז זי וועט נישט וועלן? זאגן איר, אז איך האב וואצלאוון אפגערוימט? און וואס וועט זיין, אז זי וועט מיך איבערגעבן צו פאליציי אין די הענט?

אָבער ניין, זי וועט עס נישט וואַגן! זאָל זי נאָר פּרוּוון דאָס צו טון, דאַן דערשיס איך זי. כ'וועל עס איר ווײַזן".

צוריקקומענדיק פון דער רייזע קיין זאַוואַדי, האָט מאַצאַך אַרויסגעשיקט צו העלענען אַ דעפּעשע, אַז ער קומט צו פאָרן קיין וואַרשע. נישט מער, ווי די ווערטער: „איך קום צו־פאָרן".

דעם 12־טן יוני בײַנאַכט איז מאַצאַך אַרויסגעפאָרן פון טשענסטאָכאָוו און אָנגעקומען קיין וואַרשע זעקס אַ זייגער אינדערפרי. ער איז אָבער נישט געקומען קיין וואַרשע אַליין, אים האָט אויך באַגלייט זאַלאָג, וועלכער האָט מורא געהאַט צו בלייבן אין קלויסטער. אים האָט זיך נאָר געדוכט, אַז אָט קומט פּאָליציי און אַרעסטירט אים. און ווען ער האָט זיך אין עטלעכע טעג אַרום דערוואוּסט, אַז מען נעמט אָן דעם הרגן פאַר אַן אַנדערן און מען באַשולדיקט אין מאָרד אַנדערע מענטשן, איז ער געווען איבערגליקלעך.

## צוריק אין מאַצאָכס אָרעמס

ווען מאַצאַך מיט זאַלאָגן האָבן אָנגעקלאַפּט אין העלע־נעס וואוינונג, האָט זיי געעפנט די דינסט, וועלכע האָט דער־קלערט, אַז די „מאַדאַם מאַצאַך" שלאָפט נאָך. צוליב דעם, וואָס וואַצלאַוו איז אָפּגעפאָרן, האָט העלענע געבעטן איר ברודער, אַז ער זאָל בײַ איר נעכטיקן, ווײַל ס'איז איר אומע־טיק געווען צו בלייבן אַליין.

דאַמאָלסט האָט זיך באַגריסט מיט העלענעס ברודער און, אָנווייזנדיק אויף זאַלאָגן, האָט ער דערקלערט:

— דאָס איז מיין דינער פון קלויסטער. ער איז דאָס ערשטע מאָל אין וואַרשע. איך בעט דיך, גיי מיט אים אַ ביסל איבער דער שטאָט, ווייז אים די הויפּט־גאַסן.

— זייער גוט, — האָט העלענעס ברודער איינגעשטימט און דערנאָך געפרעגט:

— וואו איז וואַצלאַוו? איז ער נאָך געבליבן אין טשענ־סטאָכאָוו?

— יאָ, ער קומט אין עטלעכע טעג אַרום צו פאָרן. — האָט מאַצאָך רואיק געענטפערט. — נו, גייסטו מיט מיין דינער אַ ביסל שפּאַצירן?

מאַצאָך האָט געוואָלט אַרויספּטרן דעם ברודער, כדי צו קאָנען בלייבן אַליין מיט העלענען און אַזוי אַרום האָבן אַ מעג־לעכקייט מיט איר אומגעשטערט צו שמועסן און דערציילן וועגן דעם אַלעם, וואָס ס'איז געשען.

— העלענע שלאָפט נאָך, — האָט דער ברודער דער־קלערט, — אפשר אויפוועקן זי, איך גלויב, אַז זי וועט זיך זייער דערפרייען מיט דעם ערגווירדיקן פּאַטער.

— ניין, ניין, ס'איז נישט נויטיק, — האָט מאַצאָך גע־ענטפערט.

העלענעס ברודער איז מיט זאַלאַגן אַוועק באַקוקן וואַרשע און מאַצאָך איז געבליבן אין דער וואוינונג. ווי נאָר ביידע זענען אַוועק, איז מאַצאָך גלייך אַריין אין העלענעס שלאָפצי־מער. דערהערנדיק אַ גערויש און טריט, האָט העלענע זיך אויפגעכאַפּט און געעפנט די אויגן.

— דאַמאַזי? — האָט זי אַ פרעג געטון מיט אַ פאַר־וואונדערט קול, — ווען ביזטו געקומען? און וואו איז וואַצ־לאַוו?

— וואַצלאַוו איז געבליבן אין טשענסטאָכאָוו.

— וואָס זשע באַדייט דיין נעכטיקע דעפּעשע? — האָט העלענע זיך אויפגעזעצט פון געלעגער און זיך איינגעקוקט אין מאַצאָכס געזיכט, ווי זי וואָלט דאָרטן געוואָלט עפּעס פאָרשן, — איך בין געווען זיכער, אַז דו קומסט מיט וואַצ־לאַוון, דעריבער האָסטו מיר געקלאַפּט אַ דעפּעשע.

— טראַכסט נאָך אַלץ וועגן וואַצלאַוון... הם...

— פאַרוואָס זאָל איך וועגן אים נישט טראַכטן? ער איז דאָך מיין מאַן.

— אָבער דערפאַר טראַכט ער וועגן דיר גאָר ווייניק, — האָט מאַצאָך געענטפערט מיט אַ גיפטיקן שמייכל, — וואָס מער דו ביזט אים נעטריי, אַלץ ווייניקער האָט ער דיך אין זינען.

— דאָס איז נישט אמת, דאַמאַזי. ווי קאָנסטו אַזוי רעדן?

— און דאָך איז עס אמת, העלענע. איך וואָלט דיר נישט געוואָלט אָנזאָגן די בשׂורה, אָבער ס'איז פאַרפאַלן. שטעל דיר פאָר, אַז, קומענדיק קיין טשענסטאָכאָוו, האָט מיר וואַצלאַוו דערקלערט, אַז ער איז זייער צופרידן, וואָס איך האָב אים אַרויסגערופן, אַז דאָס איז פאַר אים אַ גלענצנדע געלעגנהייט פון דיר צו אַנטלויפן...

— דו זאָגסט ליגן, דאַמאַזי! — האָט העלענע אַ געשריי געטאָן.

— פון וואַנען אָן האַלטסטו דאָס מיך פאַר אַ ליגנער? — האָט מאַצאָך געענטפערט, באַליידיקנדיק זיך מכּוח־משט, — אויב דו ווילסט נישט, וועל איך דיר גאָרנישט דערציילן, אַז דו וועסט מיך פרעגן, וואו וואַצלאַוו איז, וועל איך דיר גאָר־נישט ענטפערן.

— דערצייל מיר, וואָס איז געשען מיט וואַצלאַוון? — האָט העלענע אָנגעכאַפּט דעם מאָנאַך ביי דער האַנט און אים אָנגעקוקט מיט דערשראָקענע אויגן.

— אַהאַ, ווילסט שוין יאָ וויסן, וואָס מיט אים איז געשען? טאָ הער זשע: וואַצלאַוו אַרבעט זיך אויס אין טשענ־סטאָכאָוו אָן אויסלענדישן פּאַס און ער פאָרט שוין מאָרגן אָפּ קיין אַמעריקע. דאָס איז אַ פּשוטער אַפּעריסט. ער האָט ביי דיר צוגענומען דעם נדן און מער דאַרף ער נישט. שטעל דיר פאָר, אַז איך האָב אים געוואָלט לאָזן אַרעסטירן, אָבער ער האָט זיך קונציק אַרויסגעדרייט פון מיינע הענט און אָפּ־געפאָרן קיין גראַניצאַ. זעענדיק אַזאַ לאַגע, האָב איך באַשלאָסן צו קומען צו דיר, כּדי זיך צו באַראַטן וואָס צו טון. נו, זעסטו שוין וואָס פאַר אַן אויסוואָרף וואַצלאַוו איז! און דו האָסט אים נאָך ליב, בענקסט נאָך אים — ער איז עס נישט ווערט, העלענע, פאַרגעס אָן אים! אַ מאַן, וואָס קאָן אָפּטאָן אַזאַ גע־מיינקייט, דאַרף מען אַ שפּיי טאָן אין פּנים אַריין און מער אים נישט ווען אָנקוקן.

בעת מאַצאָך האָט גערעדט, האָט העלענע געציטערט

מיטן גאַנצן קערפּער. דאָס האַרץ האָט בײַ איר האַסטיק געק־לאַפּט און זי האָט געפֿילט, ווי עס שלאָגט איר אַ היץ אין פּנים אַרײַן. זי האָט אַ ווײַל מאַצאָכן שאַרף אָנגעקוקט און פּלוצלינג אַ זאָג געטאָן מיט אַ דראָענדיקער שטים:

— דאַמאַזי, זאָג, וואו איז וואַצלאַוו?

— ווי אַזוי רעדסטו צו מיר, העלענע? — האָט ער זיך אָנגעבײַזערט אויף איר. — ד וזאָלסט צו מיר נישט רעדן מיט אַזאַ טאָן!

— זאָג, וואו איז וואַצלאַוו? — האָט העלענע נאָך שאַר־פּער אַ זאָג געטאָן און אירע אויגן האָבן געשפּריצט מיט פֿײַער.

— באַרואיק זיך, העלענע, — האָט ער זי גענומען צערט־לען און זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן ראַנד פֿון בעט.

זי איז ראַש אַרויסגעשפּרונגען פֿון בעט, שנעל אַרויפֿ־געוואָרפֿן אויף זיך אַ מאָרגן־קלייד און אַרויסגעלאָפֿן פֿון שלאָפֿצימער. באַלד איז זי אָבער צוריקגעקומען און נאָכאַמאָל אַ פֿרעג געטאָן:

— דאַמאַזי, זאָג מיר, וואָס איז געשען מיט וואַצלאַוון?

— ער איז אַן אויסוואָרף און — דערליידיקט! טראַכט נישט מער וועגן אים, ווײַל ער טראַכט אויך נישט מער וועגן דיר... פֿאַרפֿאַלן, איך האָב מיך אָפּגענאַרט מיט דעם דאָזיקן מענטש, איך האָב מיר נישט צוגעגלויבט, אַז ער איז פֿעיק צו פֿאַרלאָזן אַ פֿרוי אַ חודש נאָך דער חתונה.

— דאַמאַזי, איך בעט דיך, זאָג מיר, וואָס איז געשען מיט וואַצלאַוון? — האָט העלענע אָנגעהויבן צו וויינען, פֿילנדיק אינסטינקטיוו, אַז מאַצאָך זאָגט איר ליגן. דאָס האַרץ האָט איר געזאָגט, אַז מיט וואַצלאַוון איז עפּעס געשען.

— הער, העלענע, — האָט מאַצאָך פּלוצלינג דער־קלערט, — לאָמיר בײדע פֿאָרן קיין אויסלאַנד, מיר וועלן דאָרטן קאָנען לעבן רואיק און גליקלעך... צו וואָס דאַרפֿסטו זיך דאָ פּייניקן אַליין, נאָכדערצו, אַז וואַצלאַוו האָט דיך פֿאַר־לאָזט?

העלענע האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ שטוינענדיקן בליק און אין זײַנע אויגן האָט זי דערקענט אַ פֿאַרבאַהאַלטענע

שרעק. מאצאַך האָט אויך זיך באַמיט אויסצומיידן איר שאַרפן בליק און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— זאָג מיר, וואָס האָסטו געטאָן מיט וואַצלאַוון? — האָט זי האַסטיק אַ פרעג געטאָן, אָנכאַפּנדיק אים פאַר דער האַנט.

— דו ביזט מיך חושד אין עפּעס? — האָט ער געפרעגט און זיך באַמיט צו שמייכלען.

— יאָ! — האָט זי שאַרף געענטפערט און איר ברוסט האָט זיך האַסטיק געהויבן אַרויף און אַראָפּ. זי האָט זייער שווער געאָטעמט.

— איך האָב אים פיינט געהאַט וואַצלאַוון, דו הערסט? פיינט געהאַט ווי אַ שפּין! — האָט אַ מאַצאַך פּלוצלונג אַ געשריי געטאָן און זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול, אַראָפּבויגנדיק דעם קאָפּ צו דער פּאָדלאָגע.

— זאָג, וואָס האָסטו געטאָן מיט אים? — האָט העלענע אָנגעכאַפּט מאַצאַכס קאָפּ, — דו האָסט אים... זאָג!... יאָ?—

זי האָט מורא געהאַט אַרויסצוזאָגן דאָס שרעקלעכע וואָרט.

— וואָס... וואָס... — האָט מאַצאַך געשטאַמלט און זיך פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט, — לאָז מיך, לאָז מיך... איך האָב אים דאָך פיינט געהאַט... ער האָט דיך צוגענומען פון מיר... און איך... איך האָב דאָך דיך ליב...

— דו האָסט אים דערהרגעט?! — האָט זי אַ געשריי געטאָן און אַרויפגעפאַלן מיט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין אויף דעם נישט צוגעבעטן בעט.

— שטילער, העלענע, דו מאַכסט מיך אומגליקלעך, — איז מאַצאַך צוגעלאָפן צו איר און זי גענומען באַרואיקן. — שריי נישט, ווייל איך וועל זיך און דיך דערהרגענען. איך האָב אַנדערש נישט געקענט, העלענע... איך האָב געמוזט... ער האָט מיך באַליידיקט... ער האָט מיך געזידלט, אפילו אַ פּאַטש געגעבן. בין איך געוואָרן אויפגערעגט... איך האָב נישט געוואוסט, וואָס מיט מיר האָט זיך געטאָן...

— זאָג נישט קיין ליגן, — האָט העלענע גענומען שריי-

עז, — דו האסט אים געהרגעט, ווייל איך האב אים ליב גע־האט. איך האב עס באלד דערפילט. אבער, גאט מיינער, ווי איז דאס מעגלעך? דו האסט אים טאקי דערהרגעט? דו? א מאנאך, א קשיאנדז? וואו איז עס געשען? וואו איז דער טויטער קערפער? זאג! א, הייליקע מוטער, ווי איז דאס מעג־לעך? דאמאזי... דאמאזי, דו האסט טאקי דערהרגעט?...

זי האט זיך געבראכן די הענט און ביטער געוויינט.

— פארוואס שווייגסטו? זאג, ווי אזוי איז דאס גע־שען? — האט העלענע געבעטן מיט א געבראכענע שטימ, — וואו האסטו אהינגעטון דעם טויטן קערפער? זאג מיר, דאמא־זי. א, גאט מיין גאט!

ער האט זיך אוועקגעזעצט נעבן איר און מיט א מידער, טעמפער שטים אלץ דערציילט.

— דיין גורל איז איצט ענג פארבונדן מיט מיינעם. — האט ער פארענדיקט, — אויב דו וועסט דערציילן, אז איך האב וואצלאוון דערהרגעט, וועל איך זאגן, אז דו האסט מיך דערצו צוגערעדט. איך וועל נישט האבן קיין אנדער ברירה, ווייל איך האב דיך ליב... איך וויל, אז מיר זאלן פון דאנען אנטלויפן... דו הערסט? כדי עס זאל נישט פאלן קיין שום חשד וועלן מיר ביידע פארשפרייטן א קלאנג, אז וואצלאוו איז פון דיר אנטלאפן און מיר ביידע זענען אים אוועק זוכן. קיין אנדער אויסוועג איז נישטא... ווילסטו מיך איבערגעבן דער פאליציי אין די הענט, וועל איך אויך דיך מיטשלעפן אין דער זומפ אריין... מיר וועט מען גלויבן... איך בין א גייסטלע־כע פערזאן... טו עס נישט, העלענע... קום, לאמיר אנטלויפן קיין אויסלאנד...

— איך וויל דיך נישט קענען מער! — האט העלענע א געשריי געטון, — דו האסט צובראכן מיין לעבן!

— און דו האסט מיין לעבן צובראכן, — האט ער רואיק געענטפערט, — הער, העלענע, לאמיר זיך בעסער נישט קריגן, וואצלאוו וועט שוין לעבעדיק נישט ווערן. צו וואס זאלן מיר ברענגען אויף זיך אן אומגליק? מיר קאנען דאך לעבן גליק־לעך. איך האב ביי זיך עטלעכע טויזנט רובל, איך וועל האבן

נאָך מער. אונז וועט גאָרנישט פעלן. באַזין דיך, העלענע, מאַך נישט קיין רעש. אויב דו ווילסט נאָך זיין גליקלעך, פאָלג מיך, לאָמיר אין די נאָנטסטע טעג אַפּפאָרן קיין אויסלאַנד.

זי האָט געפילט, ווי זי ווערט ווידער באַהערשט פון זיינע רייד, זי האָט זיך געראַנגלט, אָבער קעגן דעם דאָזיקן מאַנאָך האָט זי נישט געהאַט קיין שום געווער. זיינע ווערטער האָבן זי געבונדן, געפאַנגען און זי האָט זיך ביסלעכווייז איבערגעגעבן אין זיינע הענט.

ער האָט ווייטער גערעדט:

— אויב דו וועסט אויסזאָגן, וועסטו גיין זיצן צוזאַמען מיט מיר און, אפשר, וועט מען אונז נאָך ביידע אויפהענגען. אָבער, אַז דו וועסט שווייגן, וועלן מיר גליקלעך בלייבן אויפן גאַנצן לעבן.

— אָך, דעמאָן, דעמאָן! — האָט זי אויסגערופן שלוכצנדיק און אַנידערגעוואָרפן איר קאָפּ אויף זיין ברוסט, — וואָס האָסטו געוואָלט פון מיר?

— דו וועסט מיך איבערגעבן צו פּאָליציי אין די הענט? — האָט ער שטיל אַ פרעג געטון, גלעטנדיק אירע האָר.

— ניין... — האָט זי קוים אַרויסגעפּליסטערט און ווייטער געוויינט.

— ווייַן נישט, העלענע, מיר וועלן נאָך זיין גליקלעך, — האָט ער אָנגענומען איר קאָפּ און זיך פּלוצלונג איינגעביסן אין אירע ליפּן און זיי ליידנשאַפטלעך געקושט.

זי איז מאַכטלאָז געלעגן אין זיינע אָרעמס און ער האָט זי כסדר געצערטלט.

אין דריי שעה אַרום איז העלענעס ברודער צוריקגעקומען מיט זאַלאָגן פון שפּאַציר איבער דער שטאָט. ער האָט נאָך העלענען געטראָפן זיצן מיט מאַצאָכן אין שלאָפצימער און באַמערקט, אַז די שוועסטער איז פאַרוויינט.

— וואָס איז געשען? — האָט ער דערשראָקן געפרעגט.

העלענע איז געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און געשוויגן, נאָר מאַצאָך האָט זיך אָנגערופן:

— פאַרוואָס זאָל זי נישט וויינען, די שוועסטער דיינע, ווען זי האָט אַזאַ נידערטרעכטיקן מאַן! וואַצלאַוו האָט מיר איין טשענסטאָכאָוו דערקלערט, אַז ער וויל מער קיין וואַרשע נישט פֿאָרן, ער האָט מער נישט בדעה צו וואוינען מיט הע־לענען. ער אַרבעט זיך שוין אויס אַ פּאַס און פֿאָרט קיין אַמע־ריקע. וואָס זאָגסטו נישט צו דעם דאָזיקן אויסוואורף?

דער ברודער האָט זיך פּשוט נישט געוואָלט צוגלויבן, אַז דאָס זאָל זיין מעגלעך. ער האָט נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט מאַצאָכן, צי איז עס נישט אַמאָל אַ וויץ, אָדער אַ בייזע רכילות, אָבער מאַצאָך האָט פֿאַרזיכערט, אַז אַזוי האָט אים וואַצלאַוו דערציילט און, אַז ער, מאַצאָך, האָט אַליין געזען, ווי וואַצלאַוו האָט באַקומען אַן אויסלענדישן פּאַס צו פֿאָרן קיין אַמעריקע.

— מ׳וואָלט אים דערפֿאַר געדאַרפֿט לאָזן אַרעסטירן, — האָט העלענעס ברודער געזאָגט און, ווענדנדיק זיך צו העלע־נען, וועלכע איז נאָך אַלץ געזעסן אַ שווייגנדיקע און מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, האָט ער געפֿרעגט, — וואָס זאָגסטו דערצו, העלענע, גלויבסט טאַקי, אַז וואַצלאַוו זאָל דערויף פֿעיק זיין?

— וואָס זאָגסטו? — האָט זי אויפֿגעהויבן די אויגן און אָנגעקוקט דעם ברודער מיט אַ בליק פֿול מיט ווייטיק, — צי איך קאָן גלויבן? הערסט דאָך, וואָס דאַמאַזי דערציילט.

אַ גאַנצן טאָג האָט מאַצאָך געהאַלטן אין איין דערציילן די ערגסטע מעשיות וועגן וואַצלאַוו. דער מאָנאַך האָט מיט קיין שום זאַך נישט אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט מיט דריי טאָג צוריק אויף אַזאַ בעסטיאַלישן אופֿן דערהרגעט אַ מענטש. מאַצאָך איז אַפֿילו געווען פֿריילעך און פֿון ציט צו צייט זיך געוויצלט. העלענע איז אָבער געווען טרויעריק און דער מאָנאַך האָט זיך באַמיט אַרויסצורופֿן אויף איר געזיכט אַ שמייכל. בכלל האָט זיך מאַצאָך אין יענעם טאָג אין וואַרשע אויפֿגע־פֿירט אַזוי, ווי ער וואָלט געקומען אויף אַ חתונה... פֿון הע־לענען איז ער נישט אָפּגעטרעטן, איז איר נאָכגעגאַנגען טריט

נאָך טריט און זי אַפּילו פאַרבעטן צו גיין מיט אים אויף אַ שפּאַציר.

אין אָוונט איז זאָלאָג אַוועקגעפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו, און העלענע, איר ברודער און דאַמאַזי זענען אַוועק מאַכן אַ וויזיט זייערע באַקאַנטע אַדאַם און אַננאַ יעזשעווסקאַ. אַננאַ איז געווען דאַמאַזיס אַ קרובה און יענעם טאָג האָט זי געפּייערט איר געבורטסטאָג. אויף די פראַגן וואָס איז וואַצלאַוו, האָט העלענע געענטפערט, אַז ער איז צוליב אַ וויכטיקן עניין געפאָרן קיין גראַניצאַ. בעתן וויטערדיקן שמועס האָבן די קרובים באַמערקט, אַז דאַמאַזי איז זייער אויפגערעגט און העלענע איז עפּעס טרויעריק. ווי נאָר העלענע איז אַריינגעקומען צו די יעזשעווסקיס, האָט זי זיך אָנגעהויבן קלאָגן, אַז אַן אויג טוט איר וויי און זיך אַוועקגעלייגט אויף דער קאַנאַפּע.

— ליג נישט אויף דער קאַנאַפּע, — האָט מאַצאָך באַמערקט העלענען, — לייג זיך בעסער אויפן בעט.

— ביזט גערעכט... — האָט העלענע שטיל געענטפערט און אַ שרעקלעכן ציטער געטון, אַזוי אַז די אָנוועזנדע האָבן זי פאַרוואונדערט אָנגעקוקט.

ביי די יעזשעווסקיס האָבן די געסט פאַרבראַכט עטלעכע שעה און האַלב עלף אַ זייגער זענען זיי אַוועק צוריק אַהיים. צוזאַמענס אַנדערפרי זענען העלענע, איר ברודער און מאַצאָך אַוועקגעפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו. דעם ברודער האָט זי געזאָגט, אַז זי פאָרט אויפזוכן וואַצלאַוון און דעריבער בעט זי אים, אַז ער זאָל מיטפאָרן. אין טשענסטאָכאָוו האָט העלענע ווידער זיך אָפּגעשטעלט אין מאָזשקאָווסקיס וואוינונג און דעם ברודער האָט זי געהייסן גיין שלאָפן אין אַ האָטעל.

מאַצאָך איז ווידער געוואָרן אַן אייגענער אין מאָזשקאָווסקיס דירה, וואו העלענע האָט, פּונקט ווי אַ מאָל, געוואוינט אין אַ באַזונדער צימער. זי האָט זיך ווידער געפונען אין די אָרעמס פון מאָנאַך...

# די שטראָף

אין טשענסטאָכאָווו האָט העלענע פאַרבּרענגט פינף טעג, דאַן איז זי מיט איר בּרודער אוּן מאַצאָכן צוּריקגעפאָרן קיין וואַרשע. פוּן דאַמאָלס אָן האָט דער מאָנאַך זיך זעלטן געוויזן אין קלויסטער און די גאַנצע צייט פאַרבּרענגט בּיי העלענען.

אָנהויב סעפּטעמבּער, ווי נאָר די צייטוּנגען האָבּן אָנגעהויבּן צוּ שרייבּן, אַז די פעדים פוּן דעם געהיימניספוּלן מאָרד ציען זיך פוּן קלויסטער, האָט מאַצאָך אינגאַנצן פאַרלאָזט טשענסטאָכאָווו אוּן געוואוינט בּיי העלענען, גרייטנדיק זיך מיט איר צוּ אַנטלויפן קיין אויסלאַנד.

צוּ יענער צייט האָט מאַצאָך זיך איבּערגעשריבּן מיטן קשיאָנדז סטאַרטשעווסקי, וועלכער האָט געוואוּסט, אַז מאַצאָך האָט אויסגעפירט דעם מאָרד. מאַצאָך האָט געפוּנען פאַר נויטיק צוּ דערציילן סטאַרטשעווסקין וועגן מאָרד, כּדי אין פאַל פוּן אַ רעוויזיע אין קלויסטער, זאָל סטאַרטשעווסקי וויסן ווי צוּ האַנדלען. מיר דאַרפן נישט פאַרגעסן, אַז מאַצאָך אוּן סטאַרטשעווסקי צוּזאַמען מיט זאַלאָגן האָבּן סיסטעמאַטיש גענבעט קלויסטער־געלטער אוּן צירוּנג אוּן זיי האָט דעריבּער פאַראייניקט איין געמיינזאַמער אינטערעס. מאַצאָך האָט נישט געהאַט וואָס מורא צוּ האָבּן, אַז סטאַרטשעווסקי זאָל אים אויסגעבּן, פאַרקערט, ער האָט געוואוּסט, אַז סטאַרטשעווסקי וועט זיך נאָך בּאַמיען צוּ פאַרדעקן דאָס פאַרבּרעכן. פוּן דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן בּיידע מאָנאַכן איז מען געוואויר געוואָרן, ווי הייס זיי בּיידע האָבּן זיך בּאַטייליקט אין זאַלאָגס גורל אוּן ווי שטרענג זיי האָבּן בּאַהאַלטן פאַר דער פּאָליציי זאַלאָגס אַדרעס. פוּן דער דאָזיקער קאָרעספּאָנדענץ האָט מען זיך אויך דערוואוּסט, אַז מאַצאָך האָט צוּגערעדט סטאַרטשעווסקין אוּן זאַלאָגן צוּ אַנטלויפן קיין אַמעריקע, ווייל „דאָס עסק האַלט בּיים פאַרשיט ווערן — האָט מאַצאָך געשריבּן — אוּן מ׳קאָן אוּנז אַרעסטירן". זאַלאָג האָט מסכּים געווען, אָבּער סטאַרטשעווסקי האָט דערקלערט, אַז ער האָט נישט קיין שוּם

סיבה צו אַנטלויפן, ווייל ער איז דעם מאָרד נישט באַגאַנגען. וואָס שייך ווידער די גנבות פון קלויסטער־געלטער, זעגען נישטאָ קעגן אים קיין שום באַווייזן.

אין אַ בריוו פון וואַרשע, דאַטירט דעם 12־טן סעפּטעמבער, בעט מאַצאָך סטאַרטשעווסקין, אַז אויב פּאָליציי וועט זיך נאָכפרעגן וואו ער, מאַצאָך געפינט זיך, זאָל סטאַרטשעווסקי זאָגן, אַז ער ווייסט נישט. „זאָג, אַז דו ווייסט נישט פון קיין שום זאַך, — שרייבט מאַצאָך צו זיין חבר, — און אויב מ'וועט דיך פרעגן וועגן זאָלאָגן, זאָלסטו זאָגן, אַז ער איז קראַנק. זאָלסט וויסן ווי זיך צו האַלטן און טאָמער געשעט עפּעס אַ געפאַר, זיי מיר תיכף וועגן דעם מודיע טעלעגראַפיש".

אין יענער צייט פאָרט זאָלאָג ארויס צו מאַצאָכן קיין וואַרשע און באַראַט זיך מיט אים וואָס צו טון, ווייל אין טשענסטאָכאָוו שמועסט מען, אַז דער הרוג, וואָס מ'האָט געפונען אין דער קאַנאַפּע, זאָל האָבן אַ שייכות צום קלויסטער, אַ ליאַדע טאָג קאָן מען אריינפאַלן אויף אַ רעוויזיע אין די קלויסטער־צעלן.

— הער, וואָס איך וועל דיר זאָגן, — האָט מאַצאָך דערקלערט זאָלאָגן, ארויסנעמענדיק פון טאַש אַ פּאַק פּאַפּירגעלט, — פאַר שוין מער נישט צוריק קיין טשענסטאָכאָוו און אַנטלויף תיכף קיין אויסלאַנד. נאַדיר דריי טויזנט רובל און שמוגל דיך וואָס שנעלער אַריבער איבער דער גרענעץ. איך ראַט דיך אַפילו צו פאָרן קיין אַמעריקע. היינט, מאָרגן וועל איך אויך דאָסזעלבע טון. די געפאַר שוועבט שוין איבערן קאָפּ. צום טייוול, דאָס גאַנצע עסק איז פאַרשיט געוואָרן!

מאַצאָך האָט געוואָלט, אַז קודם כל זאָל זאָלאָג אַנטלויפן, ווייל טאָמער אַרעסטירט מען זאָלאָגן, וואָלט ער, אָן שום ספק, אויסגעגעבן מאַצאָכן. „זאָל זאָלאָג נישט זיין, אפשר וועט פאָרט געלונגען זיך צו ראַטעווען די לאַגע, אפשר וועט מען פונדעסטוועגן קאָנען פאַררייבן די שפּורן", האָט מאַצאָך געטראַכט.

אין עטלעכע טעג אַרום איז זאָלאָג אַריבער די גרענעץ

און אוועקגעפֿאָרן קיין האַמבורג, כדי פֿון דאָרטן אָפּצושווימען קיין אַמעריקע.

דערווייל האָט מאַצאָך געדונגען פֿאַר העלענען אין וואַר־שע אַ נייע דירה אויף זשעלאַזנע 31, ווייל ער האָט מורא גע־האַט, אַז אין דער אַלטער דירה קען מען אים שוין און מען ווייסט, אַז ער איז דער מאָנאַך דאַמאַזי. דאַמאָלס וואָלט ער לייכט געקאָנט אַריינפֿאַלן צו דער פּאָליציי אין די הענט. אין דער נייער דירה פֿלעגט מאַצאָך זיצן אַ גאַנצן טאָג אין שטוב און אַרויסגיין נאָר אין אָוונט, אָבער דאָס אויך זייער זעלטן.

דעם 18־טן סעפּטעמבער האָט אַדאַם יעזשעווסקי באַ־קומען אַ טעלעגראַמע פֿאַר מאַצאָכן, וועלכע האָט געלויטעט: „דערווייל אַלץ אין אָרדענונג". די טעלעגראַמע האָט אַרויס־געשיקט סטאַרטשעווסקי און לויט מאַצאָכס בקשה זי געשיקט אויף יעזשעווסקיס אַדרעס, כדי ס'זאָל נישט דערמאָנט ווערן מאַצאָכס נאָמען. דעם 19־טן זענען העלענע און דאַמאַזי אָפּ־געפֿאָרן צו איר שוועסטער קיין שרעדניאַווע און דעם 21־טן סעפּטעמבער, ווען די פּאָליציי האָט שוין געמאַכט די אויס־פֿאָרשונג אין יאַסנאָגורער קלויסטער, האָט סטאַרטשעווסקי געשיקט צו זיין פֿאָטער אין שעראַדז אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט געשריבן: „טאַטע, איך בעט דיך, אַז ווי נאָר דו וועסט דערהאַלטן מיין בריוו, זאָלסטו תיכּף ומיד אַרויסשיקן קיין וואַרשע אַ טעלעגראַמע מיט פֿאָלגנדיקע ווערטער: „פֿאָר תּיכּף. געפֿאַר שוועבט. 31. סטאַך". דער אַדרעס אויף וועלכן דו זאָלסט שיקן די טעלעגראַמע איז פֿאָלגנדער: וואַרשע, כלאָדנע 68, יעזשעווסקי, פֿאַר קומיצאַ".

די דאָזיקע טעלעגראַמע איז טאַקי דעם 22־טן אַרויסגע־שיקט געוואָרן פֿון שעראַדז און יעזשעווסקי האָט זי דעמזעלבן טאָג דערהאַלטן, אָבער שוין מאַצאָכן נישט געקאָנט אָפּגעבן, ווייל מאַצאָך מיט העלענען זענען שוין געהאַט אָפּגעפֿאָרן קיין שרעדניאַווע. פֿון שרעדניאַווע איז מאַצאָך אַנטלאָפֿן קיין קראָ־קע, וואו ער איז ענדלעך פֿאַרהאַלטן געוואָרן.

העלענען האָט די פּאָליציי פֿאַרהאַלטן אין שרעדניאַווע, וואו זי האָט פֿאַרבראַכט ביי דער שוועסטער. מ'האָט ביי איר

נעפֿנען זעקס הונדערט רובל, א באַנק־ביכל אויף 5.000 רובל, זייער פֿיל גאָלדענע זאַכן באַפּוצט מיט בריליאַנטן, און אויך 11 אַלטע מטבעות, גאָלדענע דוקאַטן, וועלכע האָבן געשטאַמט פֿון יאַסנאָגורער קלויסטער.

אַזוי אַרום האָט זיך די אויספֿאָרשונג גלייכצייטיק דער־וואוסט, אַז חוץ דעם מאָרד־פֿאַרברעך האָט אויך מאַצאָך צו־זאַמען מיט זאַלאָגן און סטאַרטשעווסקין סיסטעמאַטיש גע־גנבעט פֿון די קלויסטער־געלטער און קלויסטער־אוצרות.

אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק זענען חוץ מאַצאָכן אויך אַוועקגעזעצט געוואָרן העלענע, דער מאָנאַך איזידאָר סטאַר־טשעווסקי, דער גראַווירער ציגאַנאָווסקי, וואָס האָט געמאַכט די פֿאַלשע סטעמפּלען פֿאַר מאַצאָכן, די קלויסטער־דינער און מאָנאַכן באַזילי אָלעשינסקי, יוזעף בלאַשיק־עוויטש און דער פֿורמאַן ווינצענטי פּיאַנקאָ. די לעצטע זענען דורך דער אויס־פֿאָרשונג באַשולדיקט געוואָרן, אַז זיי האָבן געוואוסט וועגן מאָרד און נישט געמאָלדן וועגן דעם דער פּאָליציי.

די הויפּט־העלדן פֿון דעם גרויסן פּראָצעס, וועלכער איז פֿאָרגעקומען אין מערץ פֿון יאָר 1912, אין פּיאָטרקאָווער קרייז־געריכט, זענען פֿאַרשטייט זיך געבליבן דאַמאַזי מאַצאָך מיט זיין געליבטע.

מאַצאָכן האָט נישט געוואָלט פֿאַרטיידיקן קיין איין אַד־וואָקאַט אין לאַנד און דאָס געריכט האָט געמוזט באַשטימען אַן אָפּיציעלן פֿאַרטיידיקער, דעם אַדוואָקאַט קליין. דאָסזעל־בע איז אויך געשען מיט סטאַרטשעווסקין, וועלכן קיין איין אַדוואָקאַט האָט נישט געוואָלט פֿאַרטיידיקן.

ווי גרויס ס׳איז געווען דער אינטערעס צו דעם דאָזיקן פּראָצעס, קאָן מען זען פֿון פֿאָלגנדיקער ידיעה, וואָס די דאַ־מאָלדיקע צייטונגען האָבן געבראַכט: „דער פּראָצעס האָט אויך אַרויסגערופֿן אַ גרויסן אינטערעס אין די פּאָליטישע קרייזן, — לייענען מיר אין יענע צייטונגען — נעכטן זענען אָנגעקומען קיין פּיאָטרקאָוו אונטער פֿון וואַרשע זענען שוין דער פֿאַרשטייער פֿון גענעראַל־גובערנאַטאָר, דער פּאָרזיצער פֿון דער הויכער געריכטס־פּאַלאַטע, סענאַטאָר באַסניקאָוו,

עטלעכע קאַנסולן און פאָרשטייער פון די אויסלענדישע מלוכות און אַ ספּעציעלער דעלעגאַט פון אינערן־מיניסטעריום". די האָטעלן פון פּיאָטרקאָוו זענען בעתן פּראָצעס געווען אַזוי איבערגעפּילט, אַז אַ סך פון די, וואָס זענען געקומען, האָבן געמוזט צוריק אַרויספאָרן. אויך די צוגן, וואָס זענען געגאַנגען קיין פּיאָטרקאָוו זענען געווען פול געפּאַקט.

די גאַנצע פּוילישע פּרעסע האָט געשריבן שאַרפע אַר־טיקלען קעגן מאַצאָכן און סטאַרטשעווסקין. אַזוי, למשל, האָט דער „קוריער וואַרשאַווסקי" דאַמאָלס געשריבן: „די שרעק־לעכקייט פון פּראָצעס באַשטייט דערין, וואָס דאָס פאַרברעכן איז באַגאַנגען אַ קאַטוילישער מאָנאַך און די אומגעבונג, אין וועלכער ער האָט געלעבט, האָט אים דערלויבט צו באַשווינד־לען דעם גלויבן פון פאָלק". נאָך שאַרפער און פאַרביטערטער האָט דאַן געשריבן דער „קוריער פּאָראַנני": „דאָס פאָלק האָט געטראָגן אויף יאַסנאַ גוראַ זיינע גרויסע נדבות. איצט וועט דאָס פאָלק פרעגן: צו וואָס? כדי צו שטאָפּן די מאַצאָכס און סטאַרטשעווסקים, כדי צוצושטעלן זיי מיטלען אויף הו־ליאַנקעס און געליבטע, אויף אַרומצופאָרן און פאַרברענגען אין אייראָפּע, פאַר די מאַצאָכס און סטאַרטשעווסקים, ווען דאָס פאָלק האָט דערלאַנגט די לעצטע בלוטיקע גראָשנס און זיי האָבן דעם פאָלק נישט נאָר גאָרנישט געגעבן, נאָר פאַר־שאַפט צער און פאַרביטערונג".

אויפן פּראָצעס איז אויפגעדעקט געוואָרן דאָס אַלץ, וואָס אונזערע לעזער וויסן שוין. בעתן לעצטן וואָרט האָט מאַצאָך דערקלערט מיט אַ וויינענדיקער שטים:

— איך האָב געטון אַ פאַרברעכן, אָבער עפּעס אַ שוואַר־צער וואָלקן האָט איינגעהילט מיין נשמה. איך בין שולדיק, באַשטראָפט מיך לויטן געזעץ, נאָר געדענקט, אַז אַ הויז אַ מאָנאַך בין איך אויך געווען אַ זינדיקער מענטש: איך האָב ליב געהאַט העלענען. איך בעט, אַז מיין פאָלק זאָל מיר מוחל זיין...

זייער רירנדיק און טראַגיש האָבן געקלונגען העלענעס לעצטע ווערטער אויפן פּראָצעס.

— וואָס זאָל איך זאָגן? איך בין שוין אַזוי אומגליקלעך פאַר דער צייט, וואָס איך זיץ אין תפיסה, אַז איך קאָן נישט רעדן. אָבער, איר, הער ריכטער, קוקט זיך גוט איין אין האַרצן פון דער פרוי, וואָס האָט פאַרלוירן איר ערע. מיט 8 יאָר צו־ריק בין איך געקומען אין יאַסנאָגורער־קלויסטער, צו מאַצאָכן, זיך מתודה זיין פאַר אים. איך בין דאַמאָלס געווען יונג און אומשולדיק. וואָס האָט ער פון מיר געמאַכט? פון יענער צייט אָן האָט ער מיך שוין נישט צורו געלאָזט. איך האָב ליב געהאַט מיין מאַן, מאַצאָך האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט מיך פאַר־לירן און דעריבער האָט ער אים דערהרגעט. נאָך מיין חתונה מיט וואַצלאַוון האָב איך שוין מאַצאָכן מער נישט געוואָלט קענען. איך בין אָבער געווען אַזוי עלנד, און מיין ווילן — אַזוי שוואַך, אַז איך האָב אים געלאָזט טון מיט מיר, וואָס ער האָט נאָר געוואָלט.

די גרעסטע שטראָף האָט, זעלבסטפאַרשטענדלעך, באַקו־מען מאַצאָך. ער איז פאַרמישפּט געוואָרן אויף צוועלף יאָר קאַטאָרגע. העלענע האָט בלויז באַקומען 2 יאָר אַרעסטאַנטן־ראָטע און סטאַרטשעווסקי — 5 יאָר תפיסה.

ווען מ'האָט מאַצאָכן אונטער אַ שטרענגע וואַך אַרויס־געפירט פון געריכטס־זאַל, האָט ער אַ געשריי־געטון צו הע־לענען:

— איך האָב גֲעהרגעט און געגנבעט צוליב דיר און דו האָסט מיך נאָך פיינט!

העלענע האָט אַוועקגעדרייט דאָס געזיכט און שווער אָפּגעזיפצט.

דער מערדער־מאָנאַך איז אַוועק אָפּקומען זיין שטראָף אויף קאַטאָרגע.

## תיקון טעות.

אין דער ערשטער טייל פון ביכל „דער מאָרד אין קלוי־סטער" (גר. ביבל. נומ. 83), אויפן זייטל 17, אין דער באַ־מערקונג: „קראָקע האָט דאַמאָלס געהערט צו רוסלאַנד" דאַרף זיין: „קראָקע האָט דאַמאָלס געהערט צו עסטרייך".

# ביז איצט דערשינענע ביכלעך פון דער „גראָשן־ביבליאָטעק“

1. ראבערט סמיט: מאטא־האַרי — טענצערין־שפּיאָן.
2. א. קעלמאן: אמעריקאנער מיליאנערן.
3. מ. הארטמאן: צווישן טראָן און ליבע. (טראגעדיע פון דער האַבּס־בורגער דינאסטיע).
4. ס. האפּקינס: גענִיאלע סיפיליטיקער.
5. פ. וועטשעלי: מאנאלעסקו, דער קעניג פון די גנבים.
6. נ. סלאָנימסקי: נ. נאפּאָן, גלח־פּראָוואָקאטאר.
7. מ. גרענאריוס: לוקרעציא באָרדזשיא.
8. י. קאנאן: גראַף פּאָטאָצקי, דער גר־צדק.
9. ראבערט סמיט: אלפרעד רעדל, דער עסטרייכישער אזעף.
10. פּריטאַף לארסאן: אין די נעגל פון ווייסן טויט. (נאבילעס עקספּע־דיציע צום צפון־פּאל).
11. ק. מאשקאָוויטש: דאנטאן. דער גאון פון דער פראנצ. רעוואָלוציע.
12. מ. הארטמאן: לעדי האמילטאן.
13. ב. גבריאלי: שאול וואהל, דער ייד. קעניג פון פוילן.
14. ש. בערנמאן: לעוו טראָצקי, די טראגעדיע פון א רעוואָלוציאנער.
15. ח. פריידבערג: דער טרוימער פון אָקעאנען (קריסטאַף קאָלומבוס).
16. קאנאן: אסתרקע, די פּוילישע אסתר־המלכה.
17. מ. קארלין: דער קייזער פון א רעפּובליק (יוליוס צעזאר).
18. ב. סערלין: די העמערע אויפן טראָן (יעקאטערינע II).
19. פ. זילבערמאן: שבתי צבי, דער פאלשער משיח.
20. אלעקסאנדער סיעראוו: ווי אזוי האט מען דערהרגעט אלעקסאנ־דער דעם צווייטן?
21. סם. מייזנער: דער כישוף־מאכער פון אונזער צייט (טאמאס עדיסאן).
22. נ. סלאָנימסקי: דער בונט אויף דער פּאנצער־שיף „פּאָטיאָמקין“
23. ק. מאשקאָוויטש: דער נביא פון מעקא (מאכמעד).
24. י. קאנאן: יעקב פראנק.
25. מ. הארטמאן: פון טראָן אויף דער תליה (מאריא סטיוארט).

26. מ. קאנטאר: סערגיי מיאסאיעדאוו (פאררעטער צי קרבן?)
27. ש. בערנמאן: יעווגא אזעף — דער רעוואלוציאנער.
28. ש. בערנמאן: אזעף ראסהין — דער פראוואקאטאר.
29. מ. הארטמאן: מאנאן לעסקא.
30. קארלין: נאפאלעאן באנאפארט.
31. א. סיעראוו: ציוואן דער גרויזאמער.
32. י. קנאן: דוד הראובני (דער יידישער פירשט).
33. ק. מאשקאוויטש: ווי אזוי מ'האט אויסגעגנבעט די 10 ארעס,
פון ~ וויאס.
34. י. ק. סימכאוויטש: די טראגעדיע דרייפוס.
35. י. ק. סימכאוויטש: דער מיסטעריעזער פון טייוולס-אינזל.
36. ש. בערנמאן: אטענטאט אויף סטאליפינען.
37. ד. קאפעלמאן: אלבערט איינשטיין.
38. א. העלסאן: דער אטענטאט אין סאראיעווא.
39. נ. סלאנימסקי: פיאטר קראפאטקין (פירשט-רעוואלוציאנער).
40. ק. מאשקאוויטש: לענין (ערשטער טייל).
41. ק. מאשקאוויטש: לענין (צווייטער טייל).
42. ק. שימכאוויטש: דער אנפאל ביי ראנאוו.
43. מ. הארטמאן: סארא בערנאר.
44. ש. בערנמאן: ברוך שפינאזא (דער גענייאלער אפיקורס).
45. מ. גרענאריוס: דזשוזעפע גאריבאלדי.
46. ק. מאשקאוויטש: טארקוועמאדא.
47. ק. מאשקאוויטש: ספארטאקוס.
48. ב. סאיינקאוו: ווי אזוי מיר האבן דערהרגעט פלעווען?
49. י. ק. סימכאוויטש: גרינארי גערשוני.
50. ד. קאפעלמאן: פראנציסקא פערער.
51. נ. סלאנימסקי: הירש לעקערט.
52. מ. קארלין: יאסיף דזשוגאשווילי (סטאלין)
53. ק.ק. מאשקאוויטש: דער בלוטיקער מיטוואך.

(המשך אויף דער לעצטער זייט פון דער הילע)

26. מ. קאנטאר: סערגיי מיאסאיעדאוו (פאררעטער צי קרבן?)
27 ש. בערנמאן: יעוונא אזעף — דער רעוואלוציאנער.
28. ש. בערנמאן: אזעף ראסקין — דער פראוואקאטאר.
29. מ. הארטמאן: מאנאן לעסקא.
30. קאראלין: נאפאלעאן באנאפארט.
31 א. סיעראוו: איוואן דער גרויזאמער.
32. י. קנאן: דוד הראובני (דער יידישער פירשט).
33. ק. מישקאוויטש: ווי אזוי מ'האט אויסגעגנבעט די 10 ארעס. פון ~ וויאס.
34. י. ק. סימכאוויטש: די טראגעדיע דרייפוס
35. י. ק. סימכאוויטש: דער מיסטעריעזער פון טייוולס־אינזל.
36. ש. בערנמאן: אטענטאט אויף סטאליפינען.
37. ד. קאפעלמאן: אלבערט איינשטיין.
38 א. העלסאן: דער אטענטאט אין סאראיעווא.
39 נ. סלאנימסקי: פיאטר קראפאטקין (פירשט־רעוואלוציאנער).
40. ה. מאשקאוויטש: לענין (ערשטער טייל).
41. ק. מאשקאוויטש: לענין (צווייטער טייל).
42. ק. שימכאוויטש: דער אנפאל ביי ראנאוו.
43. מ. הארטמאן: סארא בערנאר.
44 ש. בערנמאן: ברוך שפינאזא (דער געניאלער אפיקורס).
45. מ. גרענארינס: דזשוזעפע גאריבאלדי.
46. ק. מאשקאוויטש: טארקוועמאדא.
47. ק. מאשקאוויטש: ספארטאקוס.
48. ב. כאיינקאוו: ווי אזוי מיר האבן דערהרגעט פלעווען?
49. י. ק. סימכאוויטש: גריגארי גערשוני.
50. ד. קאפעלמאן: פראנציסקא פערער.
51. נ. סלאנימסקי: הירש לעקערט.
52. מ. קאראלין: יאסיף דזשוגאשווילי (סטאלין)
53. ק.ק. מאשקאוויטש: דער בלוטיקער מיטוואך.

(המשך אויף דער לעצטער זייט פון דער הילע)

אלס נומער 85 „גראשן־ביבליאָטעק” דערשיינט די שפּאַנענדע שילדערונג פון

# פריסטאָרס אַטענטאַט

## אויפן

# וואַרשעוו. פּאָליצמייסטער

פריסטאָרס אַטענטאַט איז אייער פון די אינטערעסאַנטסטע עפּיזאָדן פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן צאַריזם. פּריסטאָר, דער איצטיקער פּרעמיער, איז אין 1905 געווען דער פירער פון דער פּעפּעסישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע און איז געווען באַקאַנט אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן אונטערן פּסעוודאָנים „קאַטאַיאַמאַ”. אַלס אַזעלכער האָט ער אָרגאַניזירט אַ ריי טעראָריסטישע אַקטן, וועלכע האָבן געהאַט זייער אַ דראַמאַטישן פאַרלויף און האָבן געדינט אַלס נקמה פאַר דעם אַכזריותדיקן פּצגראָם, וואָס דער וואַרשעווער פּאָליציימייסטער נאָלקען האָט אָרגאַניזירט מיט דער הילף פון די אונטערוועלט־העלדן. אין די דאָזיקע אַקטן האָבן אויך אָנטיילגענומען עטלעכע ייִדישע באַיאָוועס.

דאָס ביכל דעקט פאַר אונז אויף איינעם פון די אינטערעסאַנטסטע עפּיזאָדן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין פּוילן און לייענט זיך מיט אומגעהויערער שפּאַנונג.